# די יידישע געשיכטע

לויט פּראָפעסאָר ג ר ע ץ און אַנדערע קוואַלן
מיט אַן הקדמה פון הלל צייטלין.

זיבעטער באַנד
פון דער משיח־באַוועגונג ביזן סוף פון 18טן יאָרהונדערט



פאַרלאַג ש. סגל — בוענאָס איירעס
Editorial S. SIGAL - Buenos Aires

# אינהאַלט:

## קאַפּיטל איינס

### ברוך שפּינאָזאַ און שבתי צבי

אויף דער גרענעץ צווישן צוויי וועלטן; צווישן דעם געטאָ־לעבן מיט דער אַלטער יידישער קולטור און דער בירגערלעכער עמאַנציפּאַציע מיט דער עפּאָכע פון השכלה, זיינען ביי יידן אויפגעשטאַנען צוויי מענטשן, וואָס זיינען לויט זייער נאַטור און לויט זייער שאַפונג געווען צוויי קעגנזעצטע פּערזענלעכקייטן, אָבער דאָך ענלעך איינער צום צווייטן לויט זייער טראַגישן גורל. דאָס זיינען געווען דער גרויסער פילאָזאָף ברוך שפּינאָזאַ און דער גרויסער מיסטיקער שבתי צבי. ביידע האָבן געענדיקט דערמיט, וואָס זיי זיינען אַוועק פון זייער פאָלק, ביידע האָבן אַרויסגערופן קעגן זיך פיל פאַרביטערונג און צאָרן ביי זייערע ברידער, פון וועלכע זיי זיינען סוף כל סוף אַוועק. נאָר מערקווירדיק! אין דער צייט, ווען שבתי צבי און זיינע אַפּאָסטאָלן האָבן באַשאַפן אַ גרויסע באַוועגונג ביי יידן, אויפגערודערט דאָס גאַנצע יידנטום אין משך פון אַ סך יאָרן, און סוף כל סוף גאָרנישט אויסער פאַרדרוס און צאָרן, נישט איבערגעלאָזט נאָך זיך אין דער יידישער געשיכטע — אין דערזעלבער צייט איז ערגעץ אין אַ ווינקל זיך געזעסן דער רואיקער פילאָזאָף שפּינאָזאַ, וועלכער איז געווען ווייט פון קאַמף, האָט שטיל געלעבט און שטיל געפּרעדיקט זיינע אידייען, נישט אַרויסגערופן קיין שום באַוועגונג, נישט אויפגערודערט קיין וועלט און דאָך איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ גרויסע גייסטיקע ירושה און איז קעגן זיין ווילן געבליבן אַ צירונג פאַר דעם פאָלק, וואָס האָט אים געגעבן דער וועלט און וואָס ער האָט פאַרלאָזט.

ברוך שפּינאָזאַ, אַ מיטגליד פון אַ מאַראַנישער פאַמיליע, וואָס איז אַנטלאָפן פון שפּאַניע קיין האָלאַנד, איז געבוירן געוואָרן אין אַמסטערדאַם, אין יאָר 1632. זיין פאָטער איז געווען איינער פון די פּרנסים אין דער אַמסטערדאַמער קהלה און געגעבן זיין קינד אַ גרינטלעכע בילדונג. ברוך האָט געלערנט תורה אין דער דאַמאָלסדיקער אַמסטערדאַמער ישיבה, וואו עס האָבן געלייענט לעקציעס אַזעלכע באַרימטע גדולים, ווי ר׳ יצחק

אבוהב, ר' מנשה בן ישראל און ר' שאול מאָרטייראַ. ווען ער האָט גע־ענדיקט די ישיבה, האָט ברוך זיך גענומען צו דער יידישער מיטלעלטע־רישער פילאָזאָפיע, וועלכע האָט אים געעפנט די אויגן און אַריינגעפירט אין אַ וועלט פון נייע אידייען. פון רמב״ם, רלב״ג און קרשקש איז דער יונגער שפינאָזאָ אַוועק ווייטער, געזוכט תשובות אויף אַ סך רעליגיעזע און מאָראַלישע פראַגן, וואָס האָבן געפּייניקט זיין מוח. און איז צוגע־קומען צו די גרענעצן פון דער קבלה. יעדער מיסטיציזם איז אָבער גע־ווען פרעמד דער נאַטור פון שפינאָזאַ, וואָס איז געווען גענייגט צו פרייער חקירה, און ער האָט געמוזט זוכן און געפינען פאַר זיך אַ נייעם וועג. ער האָט פלייסיק דערלערנט לאַטייניש, וואָס איז געווען דעמאָלט די ליטעראַרישע שפּראַך פון אַלע געלערטע, אָנגעהויבן אָפּט אַריינקומען אין הויז פון פריידענקערישן קריסטלעכן געלערנטן וואַן־דען־עמדען, וואו ער האָט זיך באַקאַנט מיט די גייסטיקע שטרעמונגען פון דער נישט־יידישער וועלט. מיט היץ האָט שפינאָזאָ זיך גענומען לערנען מאַטעמאַ־טיק, פיזיק, כעמיע און אַסטראָנאָמיע. דערנאָך איז ער איבערגעגאַנגען צו פילאָזאָפיע און דעם סיסטעם פון פילאָזאָף דעקאַרט, וואָס האָט דע־מאָלט באַהערשט די גאַנצע וויסנשאַפטלעכע וועלט, האָט געמאַכט אַ גאַנ־צע איבערקערעניש אין שפינאָזאָס וועלט־אַנשויאונג.

פון דעמאָלט אָן האָט שפינאָזאָ אָנגעהויבן שטעלן העכער פון אַלץ די פרייע חקירה, וואָס דאַרף ברעכן יעדע רעליגיעזע טראַדיציע. ווי אַ קאָנסעקווענטער מענטש, ביי וועלכן דאָס געוויסן פּראָטעסטירט קעגן יעדער פשרה, קעגן יעדער פאַלשקייט, האָט שפינאָזאָ באַלד דערשפּירט אין זיך אַ שאַרפע סתירה צווישן זיינע איבערצייגונגען און די פאָדע־רונגען פון דער יידישער רעליגיע. אים האָט אויפגערעגט דער באַרג דינים און חומרות פון אָפיציעלן יידנטום, וועלכן ער האָט אָנגערופן „אַ שטראָף פון גאָט", און ער האָט אפילו אָנגעהויבן צווייפלען אין דער געטלעכקייט פון דעם תנ״ך. און קוים איז די ביבל נישט געגעבן גע־וואָרן פון גאָט, נאָר געשאַפן געוואָרן דורך מענטשן צוליב מענטשלעכע צוועקן, דאַן איז דאָך נאַריש און נישט ערלעך צו האַלטן זיך ביי די יידישע געזעצן, וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן מיט אַ סך יאָרן צוריק צוליב אַזעלכע צוועקן, וועלכע זיינען פרעמד דעם היינטיקן מענטשן. שפינאָזאָ האָט דעריבער דערשפּירט, אַז עס איז קעגן זיין געוויסן צו

האַלטן זיך ביי די געזעצן, אין וועלכע ער גלויבט מער נישט. כל־זמן זיין פאָטער האָט געלעבט, האָט ער דאָך זיך נאָך נישט באַשלאָסן אָפּן איבערצורייסן מיט דער יידישער רעליגיע און ווען דער פאָטער איז גע־שטאָרבן פלעגט ברוך שפּינאָזאַ נאָך קומען פון צייט צו צייט אין שול אריין און זאָגן קדיש. נאָר ווען דאָס טרויער־יאָר האָט זיך געענדיקט, האָט ער אויפגעהערט באַזוכן די שול און איז פּאַקטיש אַרויסטראָטן פון דער יידישער געמיינדע. ער האָט אָנגעהויבן אַלץ מער זיך דערווייטערן פון זיינע ברידער ,וואָס האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ געפערלעכן אפיקורס, און פאַרקערט מער אין דער קריסטלעכער וועלט. די אויפפירונג פון שפּי־נאָזאַ האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע אויפרעגונג אין דער יידישער קהלה.

די אַמסטערדאַמער ספרדים האָבן מיט שרעק דערזען, ווי איינער פון זיי טרעט אַרויס קעגן דער רעליגיע, צוליב וועלכער זיי און זייערע עלטערן האָבן געליטן אַזוי פיל צרות, און גייט איבער אין לאַגער פון די שונאים. די טראַגישע געשיכטע מיט אוריאל אַקאָסטאַ האָט זיי שוין געהאַט אָנגעלערנט און דעריבער האָבן די פירער פון דער יידישער גע־מיינדע געפּרואווט ווירקן אויף שפּינאָזאַן מיט גוטע רייד. זיי האָבן גע־וואָלט פועלן ביי אים, אַז ער זאָל לכל הפחות פאָרמעל נישט איבער־רייסן די באַציאונגען מיטן יידנטום, אָפּן נישט טאָן קיין עבירות, כדי נישט צו ווייזן קיין שלעכטן ביישפּיל אַנדערע יידן, און דערפאַר האָט מען שפּינאָזאַן פאַרגעלייגט אַ יערלעכע גרויסע פּענסיע. שפּינאָזאַ איז אָבער געווען נישט פון די מענטשן, וואָס פאַרקויפן זיך צוליב געלט, און ער האָט אָפּגעוואָרפן דעם פאָרשלאָג פון די אַמסטערדאַמער קהל־פירער, ווי אויך פון זיין רבין שאול מאָרטייראַ, וועלכער האָט זיך ביי אים געבעטן רחמים, ער זאָל נישט אַוועק פון יידנטום. דאַן האָט מען ברוך שפּינאָזאַן אַרויסגערופן צום בית־דין און אים דערקלערט, אַז אַזוי ווי עס איז באַ־וויזן געוואָרן, אַז ער היט נישט די יידישע רעליגיע, דעריבער ווערט ער אריינגעלייגט אין אַ ,,חרם קטן״, ד״ה אין משך פון דרייסיק טעג דאַרף ער זיין אויסגעשלאָסן פון דער יידישער קהלה און אין דער צייט דאַרף ער תשובה טאָן. שפּינאָזאַ האָט, נאַטירלעך, נישט געוואָלט תשובה טאָן, און אין יולי 1656 איז ער שוין אריינגעלייגט געוואָרן אין ,,גרויסן חרם״, וואָס איז פייערלעך אויסגערופן געוואָרן אין שול. דער חרם האָט זיך געענדיקט מיט די ווייטערדיקע ווערטער: ,,זאָל ער זיין פאַרשאָלטן

טאָג און נאַכט. ווען ער לייגט זיך און ווען ער שטייט אויף, ווען ער גייט אריין און ווען ער גייט אַרויס. זאָלן אויף אים קומען אַלע שרעקלעכע קללות, וואָס זיינען אויסגערעכנט אין דער תורה!... מירי באַפעלן, אַז קיינער זאָל נישט קומען אין זיין געזעלשאַפט, נישט האָבן מיט אים קיין מינדלעכע אָדער שריפטלעכע באַציאונגען, נישט געפינען זיך מיט אים צוזאַמען אונטער איין דאַך אָדער אין זיינע ד׳ אמות און נישט לייענען קיין ווערק זיינס״.

די דאָזיקע שטראָף פון דער „יידישער אינקוויזיציע״ איז פאַר שפינאָזאַן נישט געווען קיין גרויסער אומגליק, ווייל פאַקטיש האָט ער נאָך פריער איבערגעריסן יעדע פאַרבינדונג מיט יידן, אפילו מיט זיינע קרובים. אָבער דער שענדלעכער אַקט פון חרם האָט אויף אים, ווי עס ווייזט אויס, געמאַכט אַ גרויסן רושם, און ער האָט דאָס אויף זיין גאַנץ לעבן נישט געקענט מוחל זיין. אין זיינע שפּעטערדיקע ווערק באַמערקט זיך שוין אַ שנאה צום יידנטום און צו יידן, הגם בטבע איז ער געווען אַ גוטער און רואיקער מענטש. דאָס אָפּזאָגן זיך פון דער יידישער רעליגיע האָט אים געבראַכט אָפּצוזאָגן זיך אויך פון יידישן פאָלק און זיינע אינטערעסן.

נאָכן חרם האָט ר׳ שאול מאָרטייראַ דערלאַנגט אַ מעלדונג דער אַמסטערדאַמער שטאָט־פאַרוואַלטונג, אַז דער אויסגעשלאָסענער שפינאָזאַ לייקנט אין דער געטלעכקייט פון דער ביבל וואָס איז אויך דער יסוד פון דער אָפיציעלער מלוכה־רעליגיע. דער מאַגיסטראַט האָט צוליב דעם באַפוילן שפינאָזאַן, צו פאַרלאָזן אַמסטערדאַם, און ער האָט זיך באַזעצט אין אַ נאָענטן דאָרף, נאָר אין עטלעכע מאָנאַטן אַרום איז ער צוריקגעקומען. פון דעמאָלט אָן האָט שפינאָזאַ געוואוינט אין פאַרשידענע ערטער פון האָלאַנד, וואו ער האָט געפירט אַ שטיל לעבן פון אַן איינזאַמען פילאָזאָף. כדי צו קענען דערנערן זיך, האָט ער אויסגעלערנט די מלאכה פון שלייפן גלעזלעך צו ברילן, און אַלערליי שפּאַקטיוון. אַ דאַנק זיינע קענטענישן אין פיזיק האָט ער פאַרפולקאָמט די טעכניק פון דער דאָזיקער ארבעט און געקענט לעבן, כאָטש בדוחק, פון זיינע פאַרדינסטן. דער דינער גלאָז־שטויב, וואָס גייט אַרויס ביים שלייפן די גלעזלעך, האָט שעדלעך געווירקט אויף די לונגען פון גרויסן פילאָזאָף, וואָס איז געווען בירושה געניי‌גט צו טובערקולאָז, און די דאָזיקע קרענק האָט אים גע־

בראַכט פריצייטיק צום קבר. אויסער די עטלעכע שעה פון זיין פּראַ־פעסיאָנעלער אַרבעט האָט שפּינאָזאַ זיין גאַנצע צייט אָפּגעגעבן פאַר זיין גייסטיקער שאַפונג, וואָס איז געווען די איינציקע טרייסט פון זיין לעבן, און אין משך פון צוואַנציק יאָר זיינען געשאַפן געוואָרן יענע גרויסע ווערק, וואָס וועלן אייביק פאַרנעמען אַ חשובן פּלאַץ צווישן די געניאַלע שאַפונגען פון מענטשלעכן גייסט.

אַ גרויסן רעש האָט געמאַכט שפּינאָזאָס ערשט ווערק „טעאָלאָ־גיש־פּאָליטישער טראַקטאַט". אין דעם ווערק ווערט אָפּגעגעבן אַ באַדיי־טנדיקער פּלאַץ דער קריטיק פון דער יידישער רעליגיע. שפּינאָזאָס באַ־האַלטענער פאַרדרוס אויף די רבנים ,וואָס האָבן אים מחרים געווען, האָט נישט ווילנדיק זיך אָפּגערופן אויף זיין באַציאונג צום גאַנצן יידנ־טום. און כאָטש שפּינאָזאַ האָט אומעטום געזוכט נאָר דעם ריינעם אמת און געשטעלט העכער פון אַלץ די ריינע פרייע חקירה, האָט ער דאָך נישט געקענט בלייבן קאַלטבלוטיק און רואיק בנוגע צו יידן און צום יידנטום. דערפון נעמט זיך די אומקלאָרקייט, צווייזייטיקייט און קאַלט־קייט אין זיינע מיינונגען וועגן יידנטום.

וואָס אַנבאַלאַנגט דעם תנ"ך, האַלט שפּינאָזאַ, אַז דאָרט האָבן זיך מיט דער צייט אַריינגעגנבעט פיל טעותים, און אַז די הייליקע ספרים זיינען ניט געשריבן געוואָרן דורך משה און די נביאים, נאָר דורך עזרא. די נביאים שטעלט שפּינאָזאַ אויף אַ העכער מדרגה, אָבער די יידן האָבן נישט וואָס צו שטאָלצירן מיט זיי, ווייל אויך אַנדערע פעלקער האָבן געהאַט נביאים. אין יידנטום זיינען שפּינאָזאַן דאָך געפעלן געוואָרן צוויי גרויסע דער־שיינונגען: די הויכע מאָראַל פון די נביאים און די געזעלשאַפטלעכע אָר־דענונג לויט די געזעצן פון דער תורה. די אַנטשטייאונג פון יידנטום מאָלט שפּינאָזאַ אַזוי: אַמאָל איז די יידישע מלוכה־אָרדענונג געווען פולקאָם דעמאָקראַטיש; אַלע האָבן געהאַט גלייכע רעכטן און גלייכע פליכטן; דער איינציקער מושל אויף יידן איז געווען גאָט אליין. די רעליגיע און די בירגערלעכע געזעצן האָבן זיך פאַראייניקט אין איין תורה, אַזוי אַז דער, וואָס האָט עובר געווען אויף אַ געזעץ פון דער רעליגיע, האָט דער־מיט אויך געבראָכן די מלוכה־אָרדענונג, און דער, וואָס האָט געהיט די געזעצן פון דער תורה, איז אין דערזעלבער צייט אויך געווען אַ טרייער בירגער פון לאַנד. די יידן זיינען ווי אַריינגעטראָטן אין אַן אָפּמאַך מיט

גאָט, אַז זיי זאָלן היטן זיין תורה, און דערפאַר וועט ער זיי היטן און זיי וועלן האָבן אַ קיום אויף אייביק. זינט יידן האָבן אָנגעהויבן פאָדערן, אַז צווישן זיי און גאָט זאָל זיין אַ פאַרמיטלער, און זיי האָבן געזאָגט צו משה'ן: „דבר אתה עמנו ונשמעה ואל ידבר עמנו אלהים פן נמות" האָבן זיי מוחל געווען אויף זייער זכות צו שטיין אין דירעקטע באַציאונגען מיט גאָט און משה איז געוואָרן פאַרשטייער. ער האָט זיי געגעבן געזעצן און געבאָטן לויט דער פאָדערונג פון דער צייט און איינגעאָרדנט זייער לעבן אויף באַשטימטע יסודות. שפעטער האָט משה איבערגעגעבן די פאָליטישע ממשלה צו זיין תלמיד יהושע בן נון, אין די רעליגיעזע הנהגה האָט ער איבערגעגעבן זיין ברודער אהרן. די הערשאַפט פון די כהנים איז באַגרעניצט געוואָרן דורך דעם פאָליטישן הערשער און זיי האָבן דעריבער נישט געהאט קיין חלק אין לאַנד, כדי זיי זאָלן נישט קענען פאַרכאַפן אין זייערע הענט אויך די פאָליטישע מאַכט. מיט משהס טויט איז די יידישע מלוכה געוואָרן נישט קיין מאָנאַרכיע, נישט קיין דעמאָקראַטיע, נאָר אַ טעאָקראַטיע (אַ געטלעכע מלוכה). די פאָליטישע הערשאַפט איז איבערגעגעבן געוואָרן צו אייניקע שבטים און די כהנים זיינען געוואָרן די פאַרמיטלער צווישן גאָט און זיין פאָלק.

די דאָזיקע אָרדנונג איז געווען נוצלעך פאַרן פאָלק אין פיל הינזיכטן. די, וואָס האָבן געהאט די מאַכט אין זייערע הענט, האָבן נישט געקענט ענדערן די געזעצן און אונטערדריקן דאָס פאָלק, ווייל די תורה איז איבערגעגעבן געוואָרן צו די כהנים און לויים און די מאַכט־האָבנדיקע האָבן נישט געהאט צו טאָן מיט איר. אַלע יידן האָבן געוואוסט די געבאָטן און די געזעצן פון דער תורה. אַזוי אַז עס איז שווער געווען זיי צו ענדערן .דאָס מיליטער איז באַשטאַנען פון גאַנצן פאָלק און איז נישט געווען קיין באַזונדער קלאַס, אַזוי אַז מען האָט נישט געקענט באַרויבן די רעכטן פון פאָלק מיט דער הילף פון דער אַרמיי. די הערשער האָבן נישט איבערגענומען זייער מאַכט בירושה, נאָר דערוואָרבן זי דורך פערזענלעכע מעלות און גוטע אייגנשאַפטן. אַזאַ וואונדערבאַרע אָרדענונג האָט געמוזט אַנטוויקלען אין פאָלק אַ שטאַרקע ליבע צום אייגענעם פאָטערלאַנד און דער אייגענער רעליגיע, ווייל רעליגיע און פאָטערלאַנד זיינען דאָ געווען ענג צוזאַמענגעבונדן צווישן זיך. דאָס פאָטערלאַנד איז פאַרהייליקט געוואָרן דורך דער רעליגיע און די רעליגיע איז באַפעסטיקט

געוואָרן דורך דער צוגעבונדנקייט צו דער אייגענער ערד און אייגענע לעבנס־פאָרמען. אומעטום, אין גאָטעס־דינסט, אין קרבנות — אויף יעדן שריט און טריט האָבן יידן אין זיך אַנטוויקלט די ליבע צום אייגענעם פאָלק און די דאָזיקע מערקווירדיקע אחדות איז געוואָרן אַ צווייטע נאַטור ביי דער יידישער אומה. איינע פון די גרויסע מעלות פון יענער אָרדענונג איז געווען דאָס, וואָס די ערד איז פאַנאַנדערגעטיילט געוואָרן אויף גלייכע חלקים און אַלע זיינען געבליבן אויף זייער נחלה, ווייל די ערד איז נישט פאַרקויפט געוואָרן אויף אייביק און פלעגט זיך שטענדיק אומקערן צוריק צו איר אייגנטימער אין יאָר פון יובל. דעריבער זיינען כמעט קיין אָרימע לייט נישט געווען ביי יידן און יעדנפאַלס איז די אָרימקייט נישט געווען שרעקלעך, ווייל די מצוה פון „ואהבת לרעך כמוך" איז שטרענג געהיט געוואָרן. אָבער אין דער צייט, ווען די יידישע פאַרגאַנגענהייט איז לויט דער מיינונג פון שפּינאָזאַ פול מיט שיינקייט און גרויסקייט, איז די יידי־שע קעגנוואַרט לויט זיין מיינונג פול מיט חסרונות, און דאָ פאַרלירט דער גרויסער פילאָזאָף זיין פילאָזאָפישע רואיקייט און זוכט בכיון באַ־שולדיקונגען אויף יידן און יידישקייט. ער אַנערקענט נישט דאָס איצ־טיקע יידנטום; די יידישע ירידה האָט זיך לויט זיין מיינונג אָנגעהויבן שוין לאַנג, פון דעם מאָמענט, ווען יידן האָבן אָנגעהויבן אויסקלייבן מלכים איבער זיך. די מלוכה האָט נישט געקענט דערלאָזן, אַז לעבן איר זאָל עק־זיסטירן נאָך אַ צווייטע ממשלה, די כהנים, און דעריבער האָבן די מלכים אָנגעהויבן איינפירן געצנדינעריי, כדי אָראָפּצושלעפּן די כהנים פון זייער גרויסקייט. די יידן האָבן פאַרלאָזט זייער „מלכות שמים", דאָס קעניג־רייך פון הימל; צוזאַמען מיט זייער אַמאָליקער מלוכה־אָרדנונג האָבן זיי אויך פאַרלאָזט זייער תורה, וואָס איז געווען פעסט צוזאַמענגעבונדן מיט דער מדינה. די יידישע טעאָקראַטיע האָט אָנגעהויבן פאַלן אַלץ נידע־ריקער, ביז יידן זיינען איינגענומען געוואָרן דורך דעם מלך בבל.

לויט דער טעאָריע פון שפּינאָזאַן, איז דער מקור פון יעדער גע־רעכטיקייט נאָר די קראַפט: דער שטאַרקער האָט דאָס רעכט צו הערשן איבערן שוואַכן און פאַר דעם כח דאַרף מען נאָר אַראָפּבויגן דעם קאָפּ, און לויט דער טעאָריע זיינען יידן געוואָרן מחויב צו דערפילן די געזעצן פון די בבליים, זינט יהודה איז איינגענומען געוואָרן דורך בבל. מיט איין

וואָרט: ווען זי האָט פאַרלוירן איר קראַפט, האָט די יידישע רעליגיע פאַרלוירן איר אויפגאַבע און האָט געדאַרפט אַראָפּ פון דער סצענע.

אין דער צייט, ווען שפּינאָזאַ איז געווען אין אַמסטערדאַם דרוקן זיינע צוויי גרויסע ווערק „די עטיק" און דעם „טעאָלאָגיש־פּאָליטישן טראַקטאַט", וואו ער לייקנט אין דער עקזיסטענץ־קראַפט פון יידנטום, — פונקט אין דערזעלבער צייט האָבן די יידן אין אַמסטערדאַם געפייערט דעם חנוכת־הבית פון דער גרעסטער יידישער שול אין דער גאַנצער וועלט, און די פייערונג, וועלכע איז געווען אומגעוויינלעך גרויס, איז געווען דער בעסטער באַווייז, אַז דאָס יידנטום האָט נאָך גענוג קראַפט אין זיך און וועט נאָך לאַנג לעבן, נישט געקוקט אויף קיין שום טעאָריעס. אין אַ קורצער צייט אַרום (דעם 21־טן פעברואַר 1677) איז דער גרויסער פילאָזאָף איינזאַם געשטאָרבן. יידן האָבן זיך שטאַרק נישט געשראָקן פאַר שפּינאָזאָס מיינונגען וועגן יידנטום, און כאָטש אין יענער צייט זיינען יידן געווען רייך אין גייסטיקע כוחות, דאָך האָבן זיך געפונען ווינציק, וואָס זיינען אַרויסגעטראָטן מיט פּרואוון צוצעשטערן שפּינאָזאָס פילאָזאָפיש סיסטעם, ווייל מען האָט נישט געזען אין אים קיין סכנה פאַרן יידנטום. אָבער עס איז שטאַרק צו באַדויערן, וואָס אַזאַ גייסטיקער אוצר, ווי שפּינאָזאָס אידייען, האָבן נישט געפונען פאַר זיך קיין באָדן אין יידנטום גופא און געמוזט איבערגיין צו אַ פרעמדער קולטור. שפּינאָזאַ מיט זיין גרויסער גייסטיקער עשירות זיינען אויך אייביק געבליבן אויסגעשלאָסן פון דער יידישער וועלט.

די וועגן אין יידנטום זיינען זיך פונאַנדערגעגאַנגען. דיזעלבע יידישע קולטור, וואָס האָט פון זיך אַרויסגעגעבן אַזאַ פרייען דענקער, ווי שפּינאָזאַ, האָט אין דערזעלבער צייט אַרויסגעגעבן פון זיך אַזאַ מיסטיקער, ווי שבתי צבי. נאָר בשעת די דעמאָלטיקע יידישע וועלט איז נישט געווען צוגעפּאַסט פאַר די פרייגעזינטע געדאנקען פון שפּינאָזאַ און ער איז דעריבער אַרויסגעוואָרפן געוואָרן פון יידנטום, וואָס האָט אים נישט געקענט איינשלינגען אין זיך, — האָט שבתי צבי געפונען פאַר זיך אַ גינסטיקן באָדן און אַרויסגערופן אַזאַ שטאַרקע משיח־באַוועגונג, וואָס האָט צו זיך קיין גלייכן נישט געהאַט אין דער יידישער געשיכטע פון בר־כוכבא אָן.

דאָס לעבן פון יידן אין דער טערקישער מלוכה, דאָס געבוירן־לאַנד

פון שבתי־צבי, איז צו יענער צייט געווען פאַרשטיינערט און פאַרגלי־ווערט, ווי אַ שטייענדיקער טייך. די אַמאָל באַוועגלעכע לעבעדיקע ספרדים, וואָס זיינען זיך אַנגעלאָפן קיין טערקיי נאָך די רדיפות אין שפּאַניע און פּאָרטוגאַל, זיינען דאָרט פאַרגליווערט געוואָרן און פאַרלוירן זייער באַוועגלעכקייט. דער טערקישער רעזשים פון קאַפּריז און דעספּאָ־טיזם האָט נישט געקענט דערלאָזן קיין פרייע קולטורעלע אָדער עקאָנאָ־מישע טעטיקייט, ווייל כדי די באַפעלקערונג זאָל קענען פריי באַוועגן זיך און אַנטוויקלען אַ זעלבסטשטענדיקע טעטיקייט, איז פריִער פון אַלץ נייטיק, אַז עס זאָל עקזיסטירן פרייהייט פון פערזאָן און פאַרמעגן. אין טערקיי דאַקעגן איז יעדע פּראָווינץ געווען אונטערגעוואָרפן דער אומבאַ־גרענעצטער מאַכט פון פאַשאַ, וועלכער האָט געקענט טאָן מיט דער באַ־פעלקערונג אַלץ, וואָס זיין האַרץ גלוסט. עס זיינען געווען פאַקטן, ווען די פאַשאַס האָבן אָפן גערויבעוועט ביי זייערע אונטערטאַנען און די הע־כערע מאַכט האָט געקוקט און אפילו נישט פּראָטעסטירט. אַזוי, למשל, האָט איינער איבן־פאַרוך אָפּגעקויפט פאַר געלט די שטעל פון אַ פאַשאַ אין ירושלים. אַזוי ווי ער האָט געוואָלט זיך אָפּנעמען זיינע קאָסטן נאָך מיט ריווח, האָט דער פאַשאַ אַרויפגעלייגט אַ גרויסע קאָנטריבוציע אויף די ירושלימער יידן און פלעגט אויפמאָנען דאָס געלט דורך אכזריותדיקע מיטלען: ער פלעגט אַרעסטירן די אָנגעזעענסטע יידן, זיי האַלטן אין תפיסה, אפילו פּייניקן, ביז מען האָט אים נישט באַצאָלט דאָס געלט. די פאַרמעגלעכע יידן זיינען אַנטלאָפן אין די בערג און אין די היילן נאָר די אָרעמע האָבן געמוזט פאַרבלייבן. מען האָט געפּרואווט זיך באַ־קלאָגן פאַר דער העכערער מאַכט און מען האָט געפּועלט, אַז מען זאָל שיקן קיין ירושלים אַ קאָדי (ריכטער), אָבער יענער האָט בעסער זיך געטיילט מיטן פאַשאַ, איידער זיך אָננעמען פאַר די באַרויבטע. ערשט אין צוויי יאָר אַרום איז איבן־פאַרוך אָפּגעזאָגט געוואָרן פון דער שטעל, נאָר פאַר דער צייט האָט ער שוין באַוויזן אָנצוראַבעווען איבער גענוג, אַזוי אַז פון די אָרעמע יידן איז שוין נישט געווען מער וואָס צו נעמען.

אין אַזאַ לאַנד האָט זיך נישט געקענט אַנטוויקלען קיין פרייע עקאָנאָמישע טעטיקייט. דאָס רוב יידן זיינען געווען זייער אָרעם און גע־לעבט בלויז פון נדבות. קיין פּאַלעסטינע איז מען געקומען נאָר פאַסטן און בעטן צו גאָט, אָן דער וועלט האָט מען פאַרגעסן און די מיסטישע

קבלה האָט דאָרט געלאָזט טיפע וואָרצלען. פיל מקובלים פלעגן אַרויס־פאָרן איבער דער וועלט, קלייבן נדבות פאַר די אָרימע אין פּאַלעסטינע און אומעטום פאַרשפּרייטן די טונקעלע אידעען פון ארי״ס שול. די ספרדים אין טערקיי האָבן זיך צוגעוואוינט צום געדאנק, אַז די נביאות פון פיל יידישע געלערטע, אַנהויבנדיק פון אברבנאל, וועגן משיח־קומען, מוז מקוים ווערן, און אַז די מקובלים מיט זייערע תפילות און תקונים דער־נענטערן דעם מאָמענט פון דער גאולה. עס האָט געהערשט די מיינונג, אַז דער אָנהייב פון משיחס צייטן קומט אויס אין ת״ח (1648), לויט אַ געוויסן רמז אין „זהר״. אַזעלכע טונקעלע האָפענונגען האָבן פיל גע־ווירקט אויף די ענטוזיאַסטישע נאַטורן און אָט האָט זיך געפונען אַ מענטש, וואָס האָט אַליין געגלויבט און אַנדערע איינגעגלויבט אין זיך, אַז דאָס איז דער, וועמען עס איז באַשערט צו זיין דער אויסלייזער פון יידישן פאָלק.

ש ב ת י צ ב י איז געבוירן געוואָרן אין סמירנאַ, אין יאָר 1626, תשעה באב. סמירנאַ איז דעמאָלט געווען איינער פון די האַנדלס־צענטערן אין טערקיי. די שטאָט איז באַזונדערס אויפגעלעבט געוואָרן אין די 1640ער יאָרן, ווען אייניקע גרויסע פירמעס האָבן צוליב דער דעמאָלטי־קער מלחמה צווישן טערקיי און ווענעדיק זיך איבערגעטראָגן פון קאָנס־טאַנטינאָפּאָל קיין סמירנאַ. דעמאָלט זיינען פיל אין אַ קורצע צייט גע־וואָרן רייך, און צווישן זיי איז אויך געווען דער פאָטער פון שבתי־צבי, מרדכי, וועלכער איז פריער געווען אַן אָרעמער הענדלער. שבתי צבי האָט נאָך אין די יונגע יאָרן אויסגעזען צו זיין אַן אומגעוויינלעכער מענטש. ער האָט אַן איבעריקער מי אויסגעלערנט דעם קורס פון תלמוד און קבלה. זיין רבי אין תלמוד איז געווען דער באַוואוסטער סמירנער חכם, ר׳ יוסף אישקפה, און אין קבלה האָט שבתי צבי זיך געהאַלטן אַן סיסטעם פון באַרימטן אַר״י. נאָך אין די קינדער־יאָרן האָט ער אַרויסגע־וויזן אַ גרויסע נייגונג צו איינזאַמקייט, פלעגט זיך האַלטן אָפּגעזונדערט פון מענטשן און אָפּט זיך באָדן אין ים, פון וואָס זיין קערפּער, ווי עס ווייזט אויס, האָט געהאַט אין זיך אַ פרישקייט, אַז זיינע אָנהענגער האָבן דאָס אָנגענומען פאַר אַ סימן פון געטלעכקייט. לויט דעם מנהג צווישן די מזרח־יידן, האָט מען אים זייער פרי חתונה געמאַכט מיט זייער אַ שיין מיידל, נאָר ער האָט אַרויסגעוויזן אַ פאַראַכטונג צום לעבן מיט אַ

ווייב און געמוזט זיך גטן. מען האָט אים חתונה געמאַכט אַ צווייט מאָל, אָבער דאָס האָט זיך ווידער געענדיקט מיט אַ גט.

וואָס מער דער יונגער שבתי צבי האָט זיך פאַרטיפט אין די סודות פון דער קבלה, אַלץ שטאַרקער איז אין אים געוואָרן דער פאַרלאַנג צו נעמען אויף זיך יענע שווערע אויפגאַבע פון סיגופים און תקונים, דורך וועלכע מען קען, לויט דער לערע פון די מקובלים, דערנענטערן דאָס קו־מען פון משיחן. די מקובלים האָבן געגלויבט, אַז פאַר דער גאולה פון פאָלק מוז פריער קומען די גאולה פון דער אייגענער נשמה, די אויס־לייזונג דאַרף זיך אָנהייבן פון זיך אַליין: מען דאַרף פריער באַפרייען אין זיך די „געטלעכע פונקען", אָפּרייניקן דאָס היילִיקע אין מענטשן פון דעם פסולת און דערמיט צוגרייטן אַ באָדן פאַר משיחן. צו דעם צוועק האָט שבתי־צבי געפירט אַ לעבן פון אַ נזיר, אָפּט געפאַסט און יעדן טאָג, סיי זומער, סיי ווינטער, זיך געטובלט אין ים. דורך אַזעלכע מיטלען האָט ער זיך דערפירט ביזן צושטאַנד פון עקסטאַז, ווען עס ווערט פאַר־שוואונדן די גרענעץ צווישן דער פאַנטאַזיע און דער רעאַלער וועלט, און צייטנווייז פלעגט זיך אים אויסווייזן, אַז ער האָט שוין דערגרייכט די העכסטע שטופע פון פולקאָמענהייט און אַז ער אַליין איז שוין מסוגל צו ווערן דער אויסלייזער פון יידישן פאָלק. צו זיין אייגענעם גלויבן אין זיך איז נאָך צוגעקומען די השפעה פון דער אַרומיקער סביבה. צו צוואַנציק יאָר איז שבתי־צבי שוין געשטאַנען אין דער שפּיץ פון אַ קרייזל יונגע מיסטיקער, וואָס האָבן זיך פאַרטיפט אין די סודות פון דער קבלה און הייס געגלויבט אין דער גיכער גאולה. דער צוואַנציק־יעריקער שבתי־צבי, מיט זיין שיין באַגייסטערט פנים, שוואַרצע פאַרטראַכטע אויגן און שיינער שטים, האָט געמוזט פאַרכישופן אַלע זיינע נאָענטע און דאָס האָט אויך געווירקט אויף אים גופא: ער האָט אָנגעהויבן אַלץ מער גלייבן אין זיך.

ווען עס איז אָנגעקומען דאָס יאָר 1648, ווען עס האָט זיך געדאַרפט, לויט דעם „זהר", אָנהייבן די גאולה, האָט שבתי־צבין זיך אויסגעוויזן, אַז איצט טאָר ער מער ניט וואַרטן און אַז עס איז געקומען די צייט צו אַנטפּלעקן זיך פאַר אַ גרעסערן קרייז מענטשן. ער האָט אָנגעהויבן אָפענער און דרייסטער צו ריידן וועגן די חלומות, וואָס ער זעט ביי־נאַכט, וועגן די אַנטדעקונגען, וואָס מען מאַכט אים פון אויבן און וועגן

זיין גרויסער מיסיע אויסצולייזן דאָס פאָלק. איין מאָל האָט ער עפנטלעך אַרויסגערעדט דעם שם המפורש (יהוה), וואָס איז געווען דערלויבט נאָר דעם כהן־גדול בשעת ער האָט אָפּגעריכט די עבודה אין בית־המקדש, און די דאָזיקע דעמאָנסטראַציע האָט געזאָלט באַווייזן, אַז דער מאָמענט פון דער גאולה, ווען דער בית־המקדש וועט ווידער אויפגעבויט ווערן, איז שוין נאָענט. די סמירנער רבנים מיט ר׳ יוסף אישקפה אין דער שפּיץ האָבן זיך דערשראָקן פאַר דעם דאָזיקן דרייסטן שריט פון שבתי־צבי מיט זיינע אָנהענגער און האָבן אים און זיינע אָנהענגער אריינגעלייגט אין חרם. זיי האָבן געמוזט פאַרלאָזן די שטאָט און וואַנדערן, און מ׳האָט געמיינט, אַז דערמיט האָט מען אונטערדריקט די גאַנצע באַוועגונג. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז דאָס פייער האָט ביסלעכווייז זיך פאַנאַנדערגעפלאַקערט און איז געוואָרן נאָך געפערלעכער. בעתן וואַנדערן האָט שבתי־צבי געפירט אַן אַגיטאַציע אין אַלע יידישע שטעט; די רדיפות אויף אים האָבן נאָך פאַרשטאַרקט די אמונה אין אים צווישן זיינע אָנהענגער און ביסלעכווייז איז פון דעם קליינעם הייפל מיסטיקער געוואָרן אַ מעכטיקע פאָלקס־באַוועגונג, וואָס האָט אויפגערודערט נישט בלויז טערקיי, נאָר אויך אַנדערע לענדער.

אין סאַלאָניקי און אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָט שבתי־צבי געפונען נייע אָנהענגער. עס האָבן נאָך געפעלט אַפּאָסטאָלן, וואָס זאָלן פאַרשפּרייטן זיין נאָמען איבער דער וועלט און באַשאַפן די נייטיקע אַטמאָספערע, און אַזאַ מענטש האָט זיך געפונען. דאָס איז געווען אברהם היכיני, אַ באַרימטער דרשן, אַ מענטש מיט אַ גרויסן איינפלוס אויף די פאָלקס־מאַסן. עס איז שווער צו זאָגן, צי אברהם היכיני איז געווען פשוט אַ גייסטיק־קראַנקער מענטש אָדער אַ שווינדלער, נאָר ער האָט אָפּגעטאָן אַ זאַך, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף די פינסטערע מאַסן, וועלכע זיינען געווען איינגעגלויבט אין שבתי־צבי. ער האָט ערגעץ באַקומען אַן אַלטן געהיימניספולן כתב־יד, אין וועלכן עס זיינען צווישן אַנדערס געווען די ווייטערדיקע נבואה־ווערטער: „איך, אברהם, וואָס האָב פאַרבראַכט 40 יאָר אין איינזאַמקייט... איך האָב געפרעגט, ווען עס וועט קומען דער וואונדערלעכער קץ, און אָט איז דער ענטפער פון מיין פריינד: אין 1626 וועט געבוירן ווערן אַ זון ביי מרדכי־צבי און מען וועט אים אַ נאָמען געבן שבתי־צבי. ער וועט איינגעמען דעם גרויסן קראָקאָדיל,

דערשטיקן די שלאַנג און ער איז עס דער אמתער משיח״... די דאָזיקע געהיימניספולע נבואה האָט געווירקט אויף שבתי־צבי אליין, וואָס איז געוואָרן אַלץ דרייסטער און אָנגעהויבן אַלץ מער גלויבן אין זיך. אין סאַלאָניקי האָט ער פאַר זיינע אָנהענגער געמאַכט אַ גרויסע סעודה, גע־הייסן זיך ברענגען אַ ספר־תורה, און דערקלערט, אַז ער פייערט איצט זיין חתונה מיט דער תורה, די טאָכטער פון גאָט. דאָס האָט זייער אויפ־געבראַכט די סאַלאָניקער רבנים, וועלכע האָבן אים אויך פון דאָרטן פאַר־טריבן.

נאָך לאַנגע וואַנדערונגען איז שבתי־צבי געקומען קיין פּאַלעסטינע. דאָרטן איז פון שטענדיק אָן די מיסטישע שטימונג געווען שטאַרקער, ווי אומעטום, דאָרט איז די אמונה אין דער גאולה געווען פעסטער און שבתי־צבי האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָרט איז דער באַדן גינסטיקער פאַר זיין מיסיע. ער האָט אָנגעהויבן זיך מער אָנשטרענגען, מאַכן אַסקעטישע איבונגען, האָט אָפט פאַרבראַכט די צייט אויף די קברים פון די באַרימטע יידישע מענער און דאָרט הויך געוויינט און מיט זיין שיינער שטים גע־זונגען מיסטישע הימנען אין די לבנה־נעכט. ווען ער איז געגאַנגען איבער די גאַסן פלעגט שבתי־צבי טיילן מתנות די קינדער און איז דערמיט גע־וואָרן נאָך פּאָפּולערער. אין גיכן האָט זיך געמאַכט אַ מעשה, צוליב וועלכער ער האָט נאָך מער נושא חן געווען ביי די ירושלימער איינוואוי־נער. אין יענער צייט איז די ירושלימער קהילה, וואָס האָט געלעבט אויפן חשבון פון די נדבות, וועלכע מען האָט אַהין צוגעשיקט פון אייראָפּע, גע־וואָרן זייער פאַראָרעמט, ווייל צוליב דער 30־יעריקער מלחמה פון דייטש־לאַנד און דעם קאָזאַקן־אויפשטאַנד אין פוילן, זיינען די יידן פון יענע לענדער אליין אָרעם געוואָרן און נישט געקענט שיקן קיין נדבות. צום אומגליק האָט דער טערקישער פּאַשאַ נאָך אַרויפגעלייגט אויף די ירושלי־מער יידן גרויסע שטייערן, וועלכע זיי זיינען נישט אימשטאַנד געווען צו באַצאָלן, און דער פּאַשאַ האָט זיי געסטראַשעט מיט שווערע שטראָפן. דאַן איז שבתי־צבי אַוועק קיין קאַירא, וואו עס האָט געוואוינט איינער פון זיינע אָנהענגער, דער רייכער ייד רפאל יוסף צעלעבי, אַן אָפּקויפער פון די מלוכה־שטייערן, און ביי אים געבעטן קומען צו הילף די יידן פון דער הייליקער שטאָט ירושלים. דער מילדער פילאַנטראָפּ צעלעבי האָט אריינגעטראָגן די גאַנצע סומע געלט, וואָס דער פּאַשאַ האָט געפאָדערט

פון דער ירושלימער געמיינדע, און די ירושלימער יידן האָבן געבענשט שבתי־צבי, ווי זייער אויסלייזער פון אומגליק.

אויך אין עגיפּטן איז פאָרגעקומען אַ געשיכטע, וואָס האָט באַפעסטיקט אין די אָנהענגער פון שבתי־צבי די אמונה אין זיין געטלעכע מיסיע. ווען ער האָט זיך אויפגעהאַלטן אין קאַירא האָט שבתי־צבי זיך דערוואוסט וועגן דער וואונדערבאַרער געשיכטע פון אַ יידיש מיידל, שרה, אַ געבוירענע אין פוילן. בעת דעם קאָזאַקן־אויפשטאַנד אין פוילן, ווען שרה איז אַלט געווען נאָך זעקס יאָר, האָט מען זי אַרויסגעכאַפּט פון פאָטערס הויז און אַוועקגעפירט אין אַ מאָנאַסטיר, וואו מען האָט זי דערצויגן אין דעם קריסטלעכן גלויבן. דאָרט האָט זי אָפּגעלעבט צען יאָר און איין מאָל ביינאַכט האָט זיך איר איינגעגעבן צו אַנטלויפן. מען האָט זי געפונען אַ האַלב־נאַקעטע אויפן יידישן בית־עולם און זי האָט דערציילט, אַז איר פאָטער איז צו איר געקומען אין חלום און מיט געוואַלט אַרויסגעשטופּט פון מאָנאַסטיר. די יידן האָבן מורא געהאַט צו האַלטן זי ביי זיך און מען האָט זי אָפּגעשיקט קיין אַמסטערדאַם, כדי זי זאָל דאָרט קענען פריי זיך אומקערן צום יידנטום. פון אַמסטערדאַם איז זי דורך דייטשלאַנד אָפּגעפאָרן קיין ליוואָרנאָ. דאָס לעבן לאַנגע יאָרן אין מאָנאַסטיר, דאָס אַרומוואַנדערן איבער דער וועלט און די צרות פון די קינדער־יאָרן האָבן אַרויפגעלייגט זייער שטעמפּל אויף דעם יונגן מיידל, וואָס איז געוואָרן שטאַרק נערוועז, עקזאַלטירט און אומעטום פלעגט זי זאָגן, אַז איר שטייט פאָר חתונה צו האָבן מיט משיחן. די דערציילונגען וועגן דעם מערקווירדיקן מיידל זיינען דערגאַנגען אויך צו שבתי־צבין, און ער האָט דערקלערט, אַז פון אויבן איז אויך אים אָנגעצייכנט געוואָרן חתונה צו האָבן מיט דער שרה. עס זיינען אַוועק שלוחים קיין ליוואָרנאָ, מען האָט געבראַכט דאָס מיידל שרה קיין קאַירא, אין הויז פון מאַגנאַט צעלעבי, וואו עס איז פייערלעך געמאַכט געוואָרן די חתונה מיט דעם קינפטיקן משיח. עס האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז אין ליוואָרנאָ האָט שרה געפירט אַן אויסגעלאַסן לעבן. ווען מען האָט וועגן דעם דערציילט שבתי־צבין, האָט ער געענטפערט: „דעם נביא הושע האָט אויך גאָט געהייסן חתונה האָבן מיט אַן אויסגעלאַסענער פרוי".

פון קאַירא איז שבתי־צבי ווי־דער אָפּגעפאָרן קיין ארץ ישראל שוין אין דער באַגלייטונג פון אַ גרויסער מחנה אָנהענגער. די עקזאַלטירטע

און מיסטיש־אויסגעלאַסענע שרה האָט מיט איר שיינקייט נאָך פאַרגרע־סערט די צאָל אָנהענגער פון שבתי־צבי. זיינע תלמידים פלעגן זאָגן, אַז ער האָט זיך צו איר נישט צוגערירט, פונקט ווי ער האָט נישט געלעבט מיט זיינע ערשטע צוויי פרויען, נאָר אַ פאַקט איז, אז שרה פלעגט פירן אַן אויסגעלאַסן לעבן פון ווילדע טענץ אין מיסטישע שפילערייען און דערמיט צוגעצויגן פיל יידישע יונגע לייט, וואָס האָבן אין דער געט־לעכקייט פון שבתי־צבי נישט געגלויבט. אין דער שטאָט עזה האָט שבתי־צבי באַקומען אַ נייעם וויכטיקן אָנהענגער, דעם יונגן נתן אשכנזי, וועל־כער האט שפעטער געשפילט אַ גרויסע ראָל אין דער באַוועגונג. ער האָט זיך דערקלערט ווי אַ נביא פון משיחן און דערציילט, אַז אין שבועות 1665 האָט ער געהערט אַ בת־קול: „פון היינט אָן ביז איבער אַ יאָר מיט אייניקע חדשים וועט קומען משיח בן־דוד". מיט אַמאָל איז דער יונגער און שטילער נתן געוואָרן אַ דרייסטער און ענטוזיאַסטישער טוער. ער האָט פאַנאַנדערגעשיקט אין אַלע יידישע שטעט, וואו שבתי־צבי האָט געהאט אָנהענגער, אַזאַ צירקולאַר: „אונדזער משיח שבתי־צבי... וועט אַראָפּנעמען די קייסערלעכע קרוין פון קאָפּ פון טערקישן סולטאַן און אַרויפלייגן אויף זיין קאָפּ, און דער סולטאַן וועט אים נאָכגיין ווי אַן עבד כנעני, ווייל אים, שבתי־צבי, געהערט די מאַכט. דערנאָך וועט אונ־דזער משיח פאַרשוואונדן ווערן פון די אויגן פון ישראל און קיינער וועט נישט וויסן, צי ער לעבט, צי ער איז געשטאָרבן. ער אָבער וועט אַוועק אין יענער זייט פון טייך סמבטיון, דורך וועלכן, ווי עס איז באַוואוסט, עס איז נאָך נישט דורכגעגאַנגען קיין מענטש אויף דער וועלט, ווייל אַ גאַנצע וואָך שטראָמט ער געשווינד און וואַרפט אַרויס שטיינער, און נאָר שבת רוט ער... פון דאָרט וועט אונדזער משיח, רייטנדיק, אָפּפירן צו־זאַמען מיט משה רבינו אַלע יידן קיין ירושלים... אויפן וועג וועט קעגן זיי אַרויסטרעטן דאָס חיל פון גוג און מגוג, נאָר שבתי־צבי וועט קעמפן מיט זיי. נישט מיט שפיזן און שווערדן, נאָר מיט זיין אָטעם וועט ער הרגענען די מערדער און זיי אַראָפּנידערן צו דער ערד. ווען אונדזער משיח מיט משה רבינו וועלן אָנקומען קיין ירושלים, וועט גאָט אַראָפּ־לאָזן פון הימל אַ בית־המקדש פון גאָלד און טייערע שטיינער, וואָס וועלן באַלויכטן די גאַנצע שטאָט. דערנאָך וועט ער ברענגען קרבנות... שפּע־טער וועט זיך אָנהייבן תחית המתים".

די ירושלימער יידן האָט גוט פאַרדראָסן די אויפפירונג פון שבתי־צבי און זיי האָבן געזוכט מיטלען צו מאַכן אַ סוף פון דער גאַנצער באַוועגונג. דער רב ר׳ יעקב חאַגיז און זיין בית־דין האָבן אים מתרה געווען, אַז זיי וועלן אים אַריינלייגן אין חרם. נאָר שבתי־צבי האָט זיך נישט געמאַכט וויסנדיק, ווייל ער האָט גוט געוואוסט, אַז כמעט אַלע ירושלימער יידן זיינען זיינע אַנהענגער. אפילו ר׳ משה גאַלאַנטי אליין, דער איידים פון ר׳ יעקב חאַגיז, האָט געגלויבט, אַז אויב שבתי־צבי איז נישט דער משיח, איז ער יעדנפאַלס אַ געטלעכער מענטש. די רבנים האָבן אָבער אויסגערופן אין אַלע שולן, אַז שבתי צבי איז אַ רשע און איז חייב מיתה. שבתי־צבי האָט פאַרשטאַנען, אַז נישט אַזוי לייכט וועט זיך אים איינגעבן פטור צו ווערן פון די רדיפות פון די רבנים, און ער האָט דעריבער מרמז געווען זיין „נביא”, נתן, אַז ער זאָל אָנהייבן זאָגן נביאות וועגן דעם, וואָס די אַמאָליקע קדושה פון ירושלים האָט זיך אָפּגעטאָן פון איר און איצט איז די שטאָט עזה הייליקער פון ירושלים. צוזאַמען דערמיט האָט שבתי־צבי מיט זיינע תלמידים זיך אַריבערגעקליבן קיין סמירנא, די געבוירנשטאָט פון משיחן, וואו זיי האָבן געהאָפט צו געפינען פאַר זיך אַ גינסטיקערן באָדן.

פאַר זיין פאַרלאָזן ירושלים האָט שבתי־צבי פאַנאַנדערגעשיקט דעלעגאַטן אין פיל יידישע שטעט ,וואו זיי האָבן געפירט אַ פּראָפּאַגאַנדע און דערוואָרבן נייע אַנהענגער פון דערוואַרטעטן משיח. אין סמירנאַ אַליין איז ער אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס כבוד. דאָרט האָט מען שוין לאַנג געהאַט פאַרגעסן דעם חרם, אין וועלכן מען האָט אים אַריינגעלייגט מיט עטלעכע יאָר צוריק. דאָרט האָט ער געפונען אַ נייעם וויכטיקן אָנהענגער, ר׳ שמואל פרימא, אַ געשיקטער און קלוגער מענטש, וואָס איז געוואָרן דער סעקרעטאַר פון שבתי־צבי. פרימאָ איז אפשר געווען דער איינציקער קלאָרער און ניכטערער מענטש צווישן די אַלע ענטוזיאַסטישע משוגעים, וואָס האָבן אַרומגערינגלט שבתי־צבי און באמת געגלויבט אין אים. פרימאָ איז באַוואוסטזיניק געגאַנגען צו זיין צוועק, האָט געוואוסט ווי אויסצונוצן דעם „משיח” פאַר זיינע פּערזענלעכע אינטערעסן, און פון דער צווייטער זייט האָט אויך שבתי־צבי געהאַט פון אים פיל נוצן, ווייל פרימאָ האָט געוואוסט, ווי אַזוי צוצוגעבן דער מינדעסטער זאַך אַ

פייערלעכן כאַראַקטער און זי אַזוי אַרום צו מאַכן פאַר אַ גרויס, וויכטיק געשעעניש.

שבתי צבי האָט די ערשטע צייט זיך געפירט מיט טאַקט און אַליין באַפוילן זיינע מענטשן, אַז זיי זאָלן פאַרלויפיק נישט רעדן וועגן אים ווי אַ משיח. די באַוועגונג איז זיך אָבער געגאַנגען מיט איר אייגענעם וועג, אפשר קעגן ווילן פון שבתי צבי אַליין, און דעם 10־טן סעפטעמבער 1665, ראש השנה, איז דאָס געשען: ווען שבתי צבי איז געקומען אין שול אַריין, האָט מען פון עולם, אין מיטן שופר־בלאָזן, אים פּראָקלאַמירט ווי אַ משיח און אָנגעהויבן אויסשרייען: זאָל לעבן אונדזער מלך! זאָל לעבן אונדזער משיח!

פון דעמאָל טאָן האָבן זיך אין סמירנאַ אָנגעהויבן שטורמישע הכנות צו דעם קומען פון משיח. עפּעס אַ מין שגעון האָט אַרומגעכאַפּט אַלע־מען, אַלט און יונג, מענער און פרויען. עס איז געווען אַ מין עפּילעפּסיע, מענטשן פלעגן גיין אין גאַס, פּלוצים אַנידערפאַלן צו דער ערד און אָנ־געהויבן נביאות צו זאָגן וועגן משיחן, אַלע האָבן זיך אָנגעהויבן גרייטן צום טאָג פון דער גאולה. די סוחרים האָבן פאַרלאָזן זייערע געשעפטן. די אַרבעטער זייער אַרבעט, און אַלע האָבן פיל געפאַסט, זיך געפייניקט און תשובה געטון. עס זענען געווען אַזעלכע, וואָס פלעגן פאַסטן אַ גאַנצע וואָך און די נאַכט נאָך דעם פאַרברענגען אין „תיקונים״, זאָגן חצות און טובלען זיך אין ים. פון דער צווייטער זייט האָבן אייניקע פאַרבראַכט די טעג אין אויסגעלאַסנקייט, געזונגען לידער און זיך געמאַכט פריי־לעך. נישט זעלטן פלעגט מען זען איבער די גאַסן דעם משיח אַליין, וואָס איז געגאַנגען אין דער שפּיץ פון אַ גרויסער מחנה, און דער כאָר האָט געזונגען פסוקים פון תהלים.

אין דער גרויסער משיח־התלהבות פלעגן זיך אויך אָפּטון מיאוסע מעשים. די פרוי פון שבתי צבי, די פאַרחלומטע און אומבאַוואוסטזיניק־אויסגעלאַסענע שרה, האָט נישט איבעריק געהיט די גרענעצן פון צניעות און מענער מיט פרויען פלעגן זיך פאַרזאַמלען און זינגען און טאַנצן ביז שגעון. די אייניקע ניכטערע מענטשן, וואָס האָבן געפּרואווט פּראָטעסטירן קעגן דער ווילדער שמחה, האָבן טייער באַצאָלט דערפאַר. זייער מיאוס איז זיך באַגאַנגען דער באַוואוסטער ר׳ חיים בנבנשתי, איינער פון די גרעסטע תלמודיסטן פון יענעם דור. ער האָט נישט פּראָטעסטירט, ווען

די שבתי־צביניקעס האָבן באַזייטיקט פון דער שטעל און געצוואונגען צו אַנטלויפן דעם רב ר׳ אהרן לפּפּא, וואָס האָט פּראָטעסטירט קעגן די משיח־וואַקכאַנאַליעס. ר׳ חיים האָט נאָך אַליין פאַרנומען די שטעל פון אָפּגעזאָגטן רב און איז דערנאָך געוואָרן אַ הייסער מאַמין פון שבתי צבי. איינער אַ גרויסער פילאַנטראָפּ, חיים פּינייא, האָט געפּרואווט צווייפלען אין דער הייליקייט פון שבתי צבי, נאָר דער המון האָט אים באַלאַגערט אין שיל און אים שיער נישט דערהרגעט. אים האָט זיך איינגעגעבן צו אַנטלויפן, נאָר ווען ער איז אַהיימגעקומען, האָט ער געטראָפן זיינע איי־גענע טעכטער ליגן אָן באַוואוסטזיין אויף דער ערד און זאָגן נביאות וועגן משיח שבתי צבי. דער פּאָטער האָט געמוזט אַרויפנעמען אויף זיך די מאַסקע פון אַ מאמין, און ווען דער עולם האָט זיך דערוואוסט, אַז דער אָנגעזעענער ר׳ חיים פּינייא איז צוגעשטאַנען צו די תלמידים פון שבתי צבי, איז די שמחה נאָך געוואָרן גרעסער.

די געשעענישן אין סמירנאַ זיינען אין גיכן באַוואוסט געוואָרן אין אַלע יידישע שטעט. פון די יידישע קהילות אין קליין־אַזיע פלעגן קומען קיין סמירנאַ פיל מענטשן, וואָס האָבן אַליין געוואָלט זען דעם משיח, און ווען זיי זיינען געקומען אַהין, זיינען זיי אַליין געוואָרן אָנהענגער פון שבתי צבי. דער סעקרעטאַר פּרימאָ האָט פונאַנדערגעשיקט איבער די יידישע שטעט מאַניפעסטן מיט גוטע בשורות וועגן משיח; דער „נביא״ פון עזה און אַנדערע אַפּאָסטאָלן האָבן באַצויבערט די נאַאיווע צוהערער דורך מעשות וועגן די נסים ונפלאות, וואָס דער „משיח״ האָט באַוויזן; אפילו קריסטן האָבן זיך פאַראינטערעסירט מיט דער משיח־באַוועגונג. די פאָרשטייער פון די אייראָפּעאישע מלוכות, די אַגענטן פון די גרויסע האַנדלס־פירמעס אין האָלאַנד און ענגלאַנד האָבן שריפטלעך מודיע גע־ווען וועגן די געשעענישן אין סמירנאַ. אויף די בערזעס אין אייראָפּע האָט מען געשמועסט וועגן שבתי צבי, ווי וועגן אַ וויכטיק געשעעניש, און מיט אומגעדולד דערוואַרט די ידיעות פון סמירנאַ. דאָס האָט, נאַ־טירלעך, געווירקט אויף די יידן אין אייראָפּע. די זיסע האָפענונג, אַז עס איז שוין געקומען אַ סוף צו די יידישע צרות, האָט נישט ווילנדיק פאַר־כאַפּט אַלע יידישע הערצער; אומעטום האָבן זיך איבערגעחזרט די זעלבע דערשיינונגען, וואָס אין סמירנאַ: מען האָט פיל געפאַסט, געפייניקט זיך, תשובה געטאָן און נביאות געזאָגט. אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָט איי־

נער אַן אַלטער ייד, אַ מקובל, פּלוצים אָנגעהויבן נביאות זאָגן, אַז שבתי צבי איז דער יידישער משיח, און ער פלעגט פאַלן אויף דער ערד אַ פּאַרחלשטער, זינגען ווי אַ קינד און טאַנצן ביז משוגעת. אַפילו אויף דער אינדזל עלבאַ אין איטאַליע האָט זיך געפונען אַ ייד אַ שניידער, וואָס האָט באַקומען עפּילעפּסיע און נביאות געזאָגט וועגן שבתי צבי. אַזעלכע דערשיינונגען פלעגן פאָרקומען אויך אין אַנדערע ערטער. נישט בלויז די פאָלקס־מאַסן האָבן געגלויבט אין משיחן, נאָר אפילו די רבנים און די געבילדעטע לייט. די משיח־באַוועגונג איז געוואָרן אַ מין עפּי־דעמיע, וואָס האָט זיך געשווינד פאַרשפּרייט איבער אַלע יידישע שטעט. עס איז נישט געווען, ווער עס זאָל אָפּקילן די צעהיצטע מוחות, ווער עס זאָל צעשטרייען די געדיכטע וואָלקנס. אין אַזאַ צייט וואָלט נאָר אַזאַ מענטש ווי שפּינאָזאַ, מיט זיין קלאָרן שכל און געניאַלער רואיקייט, גע־קענט פאַרשפּרייטן אַ שיין אויף דער מיסטישער באַוועגונג און אַרויס־רופן אין יידנטום אַ נייע באַוועגונג, אַ ראַציאָנעלע און פּרייזיניקע; שפּינאָזאַ האָט שוין אָבער דעמאָלט זיך געהאַט אָפּגעקערט פון אַלע יידישע אינטערעסן און האָט געקוקט אויף דער משיח־באַוועגונג, ווי אויף אַ נאַרישקייט, וואָס ס'לוינט נישט וועגן דעם צו ריידן.

די ערשטע ידיעות וועגן דעם, וואָס עס טוט זיך אין סמירנאַ, זיינען אָנגעקומען קיין אייראָפּע אין פרילינג 1665. די האַנדלס־שיפן, וואָס זיינען געגאַנגען פון טערקיי, האָבן געבראַכט די ידיעות וועגן דער משיח־באַוועגונג צוערשט אין די אייראָפּעאישע פּאָרט־שטעט — האַמבורג, אמסטערדאַם, ווענעדיק און ליוואָרנאָ. די דאָזיקע שטעט זיינען טאַקע געוואָרן אַ נעסט פאַר דער שבתי־צבי־באַוועגונג. די בריוו פון סעקרע־טאַר שמואל פּרימאָ, די צירקולאַרן פון „נביא” נתן העזתי, די דערציי־לונגען פון די אָנגעקומענע יידן און קריסטן וועגן דעם, וואָס עס קומט פאָר אין סמירנאַ, — דאָס אַלץ האָט אויפגערודערט די מוחות און גע־רייצט די פאַנטאַזיע. איינע אַ יידישע פרוי אין האַמבורג פון יענער צייט, גליקעל האַמעלן, שרייבט אין אירע מעמוארן: „עס איז אוממעג־לעך צו באַשרייבן די שמחה, וואָס האָט אונדז אַלע אַרומגעכאַפּט, ווען עס זיינען אָנגעקומען בריוו פון טערקיי. דעם גרעסטן טייל בריוו האָבן באַקומען די ספרדים און די אַלע פלעגט מען ברענגען אין שיל אריין און לייענען אויפן קול. אַהין פלעגן אויך קומען די אשכנזים. די יונגע

ספרדים פלעגן זיך אָנטאָן אין זייערע בעסטע קליידער און יעדער פון זיי האָט זיך אַרומגעגאַרטלט מיט אַ ברייטן גאַרטל פון גרינעם זייד, ענלעך אויף דעם גאַרטל פון שבתי־צבי. זיי פלעגן גיין מיט מוזיק און טענץ איבער די גאַסן און האָבן זיך געפרייט, ווי אַמאָל בעת דער שמחה פון בית־השואבה, ווען זיי האָבן געלייענט די אָנגעקומענע בריוו. אייניקע האָבן אויספאַרקויפט זייער גאַנץ פאַרמעגן, די הייזער און הויפן, און פון טאָג אויף טאָג דערוואַרט די גאולה. מיין שווער, וואָס האָט געוואוינט אין האַמעלן, האָט פאַרקויפט דאָס הויז מיטן גאַנצן פאַרמעגן און זיך באַזעצט אין האָלדעסהיים. ער האָט אונדז צוגעשיקט קיין האַמבורג צוויי קעסטלעך מיט לייוונט פון פאַרשידענע סאָרטן און אלערליי עסנוואַרג; דאָרט איז געווען אַרבעס, געדרויכערט פלייש, קאָמפּאָטן פון פלוימען, געטריקנטע פרוכטן און אַנדערע שפּייזן, וואָס קענען זיך האַלטן. דער גוטער מענטש האָט געמיינט, אַז מיר וועלן גלייך פון האַמבורג אַרי־בערפאָרן קיין ארץ ישראל".

אַזאַ אויפרעגונג האָט אויך געהערשט אין אַמסטערדאַם, אין הויפּט האַנדלס־צענטער פון די דעמאָלטיקע יידן. דאָרטן פלעגן ארומגיין פון האַנט צו האַנט פאַרשידענע משיח־מאַניפעסטן. אין איינעם פון די מאַ־ניפעסטן האָט נתן העזתי געשריבן קאַטעגאָריש: „אַזוי האָט גאָט גע־זאָגט: אייער גואל איז געקומען און זיין נאָמען איז שבתי־צבי. ער וועט אַרויסטרעטן ווי אַ גבור, ווי אַ קאַמפּס־מענטש וועט ער דערוועקן קנאה... איך בעט גאָט, אַז איר זאָלט זען דעם קעניג אין זיין גאַנצער פּראַכט"... אין די שילן און אויף די גאַסן פלעגן פאַרקומען מאַניפעסטאַציעס מיט געזאַנג און טענץ. די קריסטן האָבן געקוקט און זיך געוואונדערט: זיי האָבן אַ ביסל חוזק געמאַכט פון דער באַוועגונג. אייניקע פון זיי האָבן אָבער אויך געגלויבט אין דער נאָענטער אויסלייזונג פון יידן, ובפרט, אַז די אייראָפּעאישע קאָנסולן האָבן אין זייערע אָפיציעלע מעלדונגען באַשטעטיקט פיל פון דעם, וואָס יידן האָבן דערציילט. פון לאָנדאָן האָט דער דייטשער געלערנטער אָלדענבורג געשריבן זיין פריינט ברוך שפּי־נאָזאַ: „דאָ ריידן אַלע וועגן דער אומקערונג פון די יידן, וואָס זיינען צעזייט אין גלות שוין העכער צוויי טויזנט יאָר. צוריק אין זייער פאָ־טערלאַנד. נישט פיל גלייבן דאָ דערין, נאָר פיל ווינטשן דאָס. איך ווייס, אַז אויך די אמסטערדאמער יידן האָבן דערפון געהערט און זיינען זייער

אויפגערעגט דערפון. אויב דאָס וועט מקוים ווערן, וועט דאָס אַרויסרופן אַן איבערקערעניש אין דער גאַנצער וועלט".

דער אויפברויז האָט דערגרייכט די העכסטע שטופע אין דער ערש־טער העלפט פון 1666. אין האַמבורג פלעגט מען אין די שילן לייענען לכבוד שבתי־צבי „הנותן תשועה". פון אַמסטערדאַם זיינען אַרויסגעפאָרן קיין ארץ ישראל פאָרשטייער פון דער יידישער געמיינדע, וועלכע האָבן געוואָלט זיך זען מיט שבתי־צבין און מיט אים צוזאַמען גיין קיין ארץ־ישראל. אויפן וועג האָבן זיי זיך פאַרהאַלטן אין איטאַליע אויף אַ לאַנ־גער צייט. די אַמסטערדאַמער געמיינדע האָט דאַן געשיקט צו זיי אַ בריוו מיט אַ ביטע איבערצוגעבן דאָס שבתי־צבין. די שרייבערס פון דעם בריוו ווענדן זיך צו שבתי־צבי, ווי צו אַ משיח און קעניג, דריקן אים אויס זייערע שטאַרק אונטערטעניקסטע געפילן און בעטן אים, ער זאָל זיי לערנען, וואָס צו טון. „לערן אונדז, אונדזער קייסער־הערשער, מיט וואָס פאַר אַ וועג צו גיין און וואָס צו טאָן: צי זאָלן מיר זיך שוין באַ־וואָפענען און גיין אויף גאָטס־הויז, צי מיר זאָלן וואַרטן אויף גאָטס גענאָד ביז אַלע אונדזערע צעזייטע און צעשפּרייטע וועלן זיך ווידער פאַר־זאַמלען?" דעם דאָזיקן בריוו האָבן אונטערגעשריבן אין נאָמען פון אַ גאַנצער גרופּע דער באַוואוסטער רב און ד"ר ר' בנימין מוספיה און נאָך עטלעכע פאָרשטייער. אַ צווייטע גרופּע רבנים און פרנסים האָבן נאָך פריער געשיקט אַן אַלאונטערטעניקסטע ווענדונג צו שבתי־צבין.

דער איינציקער, וואָס איז אַרויסגעטראָטן קעגן דער אַלגעמיינער פאַרבלענדעניש איז געווען דער לאַנדאַנער רב ר' יעקב ששפורטש, וואָס האָט אַ צייט געוואוינט אין האַמבורג. ער איז געווען איבערצייגט, אַז די גאַנצע באַוועגונג איז אָדער אַ פשוטער שווינדל, אָדער אַ פאַרבלענ־דעניש, און ער האָט אַן אויפהער געשריבן בריוו צו די רבנים אין טער־קיי און אין אייראָפּע, און זיי געבעטן, אַז זיי זאָלן ראַטעווען דאָס פאָלק פון דער געפערלעכער באַוועגונג. דערויף האָט ער אָבער באַקומען ענטפערס, וואו אַ טייל רבנים האָבן געלויבט די געטלעכקייט פון שבתי־צבי, אָדער זיך אויסגעדרייט פון אַ קלאָרער מיינונג. די ערשטע צייט האָט ר' יעקב ששפורטש זיך נישט אַנטשלאָסן אַרויסצוטרעטן אָפן אין האַמבורג און אין אַמסטערדאַם קעגן דער משיח־באַוועגונג, ווייל עס איז געווען געווען אַיין אומפאָרזיכטיק וואָרט, כדי צו שטעלן זיך אין אַ סכנה. ער האָט

דעריבער געמוזט אַנטאָן אויף זיך אַ מאַסקע, זיין אויף די פייערונגען לכבוד שבתי־צבי, הערן די תפילות און הימנען — און שווייגן. ווען ער האָט זיך איינמאָל דערלויבט אָפן צו פּראָטעסטירן קעגן דעם, וואָס די שבתי־צביניקעס האָבן מבטל געווען אייניקע נאַציאָנאַלע תעניתים, ווי תשעה באב, האָט מען אים אין שיל שיער נישט באַליידיקט און די מאַסע פלעגט זיך באַציען צו אים פיינטלעך. ער האָט געקענט אראָפּוואַרפן פון זיך די מאַסקע און אָפן פּראָטעסטירן ערשט שפּעטער, ווען שבתי־צבי האָט אַזוי טרויעריק געענדיקט און פאַרלאָזט די אמונה פון זיינע עלטערן.

אין פיל שטעט פלעגן פאָרקומען מחלוקת און געשלעגן צווישן די גלוי־ביקע", וואָס זיינען געווען אין דער מינדערהייט. אין אייניקע ערטער האָט מען זיך אַפילו געשלאָגן אין די שילן און עס זיינען געווען פאַלן, ווען מען האָט די אומגלויביקע געשלאָגן ביז טויט. אפילו ווען שבתי־צבי זאָל ביז אַהער נישט געווען אַליין גלויבן אין זיין מיסיע, וואָלט ער איצט, נאָך דעם כבוד, וואָס מען האָט אים אָנגעטאָן פון אַלע זייטן, געמוזט טאַקע אָנהויבן גלויבן, אַז ער איז באמת געשיקט פון גאָט אויסצופירן א וויכטיקע שליחות. יעדן טאָג פלעגן צו אים קומען שלוחים פון פאַרשידענע שטעט, וואָס האָבן אים געבראַכט מתנות און בריוו, אין וועלכע מען האָט אים אויסגעדריקט אונטערטעניקע געפילן, ווי — אַ קעניג און משיח. ווי עס זעט אויס, האָט שבתי־צבי אַליין נישט געהאַט קיין חלק אין די אַלע פייערלעכקייטן און אין דער גוזמאדיקער התפעלות בנוגע צו זיין פערזאָן. דאָס אלץ איז געטאָן געוואָרן אָן זיין באַפעל, אפשר קעגן זיין ווילן, און נאָר זיינע „נביאים" און „אַפּאָסטאָלן" האָבן באַשאַפן די אַטמאָספערע, אין וועלכער שבתי־צבי איז געוואָרן א „געטלעכע פערזאָן".

צום מערסטן האָט די משיח־באַוועגונג זיך פאַרשפּרייט אין פוילן. דאָרט האָט זי געפונען פאַר זיך טיפע וואָרצלען אין פאָלק און אין דער פאָלקס־שטימונג. נישט קיין בלויזער צופאַל איז דאָס געווען, וואָס פונקט אין דעם יאָר (1648), ווען אין פוילן זיינען פאָרגעקומען די הריגות פון כמעלניצקי, איז שבתי־צבי צום ערשטן מאָל אַרויסגעטרעטן אין סמירנאַ.ביידע געשעענישן האָבן געהאַט אַ גרויסן צוזאַמענהאַנג צווישן זיך. יענע טויזנטער געפאַנגענע יידן, וועלכע כמעלניצקיס מיטהעלפער, די טאַטאַרן, האָבן אַוועקגעפירט קיין טערקיי, וואו זיי זיינען אויסגעלייזט געוואָרן

דורך די טערקישע יידן, האָבן מיט זייערע דערציילונגען וועגן שרעק־לעכן חורבן פון יידישן צענטער אין פוילן געקענט באַשאַפן די נייטיקע אַטמאָספערע פאַר דער משיח־באַוועגונג. עס איז קיין ספק נישט, אַז די דערציילונגען וועגן דער שרעקלעכער קאַטאַסטראָפע אין פוילן האָבן שטאַרק געווירקט אויף דער נשמה פון שבתי־צבי און צוגעגרייט אַ באָדן פאַר דער פּראָפּאַגאַנדע, וואָס ער האָט געפירט בעת זיינע וואַנדערונגען. פון דער צווייטער זייט איז אויך שבתי־צבי געווען באַזונדערס נאָענט דעם צעווייטיקטן האַרצן פון די פּוילישע יידן און ווען ער איז געוואָרן באַרימט איבער דער וועלט און זיין נאָמען האָט זיך פאַרשפּרייט ווי אַן אויסליי־זער און משיח, האָבן זיי, די פּוילישע יידן, זיך אָפּגערופן דערויף מיט אַ באַזונדערער התפעלות און מיטגעפיל. איינער אַ מאַלאָראָסישער שריפט־שטעלער פון יענער צייט שרייבט וועגן די פּוילישע יידן: „די יידן האָבן געפייערט אַ נצחון. אייניקע פון זיי האָבן פאַרלאָזט זייערע הייזער און פאַרמעגנס, נישט געוואָלט טאָן קיין זאַך און געזאָגט, אַז אָט וועט משיח זיי איבערטראָגן אויף אַ וואָלקן קיין ירושלים. אנדערע האָבן גאַנצע טעג געפאַסט, נישט געגעבן עסן אפילו די קליינע קינדער און בעת דעם בייזן ווינטער זיך געטובלט אין די טייכן, און געלייענט עפּעס אַ ניי־פאַר־פאַסטע תפילה... אין יענער צייט האָבן אייניקע קליינמוטיקע און אָרעמע קריסטן, וואָס האָבן געהערט די מעשות וועגן פאַלשן משיח און געזען די גרויסע שטאָלצקייט פון די יידן, אָנגעהויבן צווייפלען אין קריסטוסן".

די האָפענונגען אויף אַ גיכער אויסלייזונג האָבן זיך נאָך פאַר־שטאַרקט נאָכדעם ווי עס האָבן זיך אומגעקערט די שלוחים, וואָס זיינען געשיקט געוואָרן צו שבתי צבי פון פּוילן. איינער פון די שלוחים איז געווען דער זון פון לעמבערגער רב ר׳ דוד הלוי, דער גרעסטער אויטאָ־ריטעט פון יענער צייט, דער קאָמענטאַטאָר פון „שולחן ערוך". די דעלע־גאַטן פון פּוילן האָבן זיך פאַרגעשטעלט פאַר שבתי צבי זומער 1666, ווען ער איז שוין געווען אַרעסטירט (וועגן דעם — ווייטער) און געזעסן אין אַבידאָס, ביי קאָנסטאַנטינאָפּאָל. זיי זיינען דערשטוינט געוואָרן, ווען זיי האָבן דערזען, אַז שבתי צבי איז אַרומגערינגלט פון אַ גרויסער מחנה יידן פון עטלעכע טויזנט מאַן, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען פיל באַגייסטערטע זקנים, אָנגעזעענע יידן, וואָס זיינען זיך צונויפגעפאָרן פון אַלע עקן וועלט. שבתי צבי האָט איבערגעגעבן די דעלעגאַטן דעם ווייי־

טערדיקן בריוו צום לעמבערגער רב: „דעם זעקסטן טאָג פון דער אויפֿ־לעבונג פון מיין גייסט און נשמה, כ״ב תמוז... איך שיק אַ מתנה דעם מאַן פון גלויבן, דעם געערטן זקן, מחבר פון „טורי זהב״, דוד הלוי, זאָל ער אויף זיין עלטער בליען מוטיק און פריש! אין גיכן וועל איך פאַר אייך נקמה נעמען און אייך טרייסטן ווי אַ מוטער איר קינד, איך וועל אייך באַצאָלן הונדערט מאָל גוטס. דער טאָג פון נקמה איז אין מיין האַרץ, און דאָס יאָר פון מיין אויסלייזונג איז שוין געקומען. אַזוי זאָגט דוד בן ישי, דער אויבערשטער פון אַלע קיסרים... גאָטס משיח, דער לייב פון דער הייך שבתי צבי נ״י״. אויסער דעם בריוו האָט שבתי צבי איבערגעגעבן אַ מתנה דעם אַלטן רב ר׳ דוד הלוי: אַ העמד, וואָס דער רב זאָל אָנטאָן. אין בריוו האָט שבתי אויך געבעטן, מען זאָל אים צושיקן פון פוילן דעם „נביא״ נחמיה הכהן. דער „משיח״ האָט נישט געוואוסט, אַז דער זעלבער נחמיה הכהן וועט ברענגען אַן אומגליק אויף זיין קאָפּ.

דערווייל האָט זיך דערנענטערט דאָס יאָר פון דער גאולה און די שטימונג איז געוואָרן אַלץ געשפּאַנטער און נערוועזער. איינער, וואָס האָט בייגעוווינט די געשעענישן פון יענער צייט, דערציילט וועגן דעם, וואָס איז פאָרגעקומען אין האַמבורג אין אָנהייב 1666: „לכבוד שבתי־צבי האָט מען אין די שילן געלייענט אַ תפילה, אין אַ פאָרעם, וואָס פּאַסט פאַר אַ קייסער. דאָס פאָלק האָט דערביי זיך אויפגעהויבן פון די ערטער מיט יראת הכבוד, ווי פאַר דער העכסטער מאַכט, געענטפערט „אָמן״ אויף יעדער ברכה. ווער עס האָט נישט געענטפערט, האָט ריזיקירט מיטן לעבן. זיי האָבן געוואַרט אויף אַ באַשטימטן טאָג פון דער גאולה, לויט דעם באַפעל פון קייסער (שבתי) און זיין נביא (נתן). אַמאָל איז דער טערמין באַשטימט געוואָרן אויפן יאָר 1672, און אַמאָל אויף די נאָענט־סטע חדשים ניסן אָדער סיון. אַזוי ווי זיי האָבן דערוואַרט די גאולה, האָבן אַלע פלייסיק זיך אָפּגעגעבן צו תשובה, תפילה און געוויין, כדי זוכה צו זיין צו דערזען די באַפרייאונג אָן חבלי משיח, ווייל אַזוי האָט פאַרזי־כערט זייער נביא: די גאולה וועט קומען אין גיכן, און דורך תשובה וועט מען פאַרקלענערן די חבלי משיח, און אין דער גאַנצער וועלט איז פאָרגע־קומען אַ פלייסיקע תשובה מיטן פייניקן דעם קערפּער, תענתים, וואָס האָבן אַמאָל געדויערט אַ גאַנצע וואָך, טבילות אין קאַלט וואַסער און אַנדערע פאָרמען פון סיגופים (פייניקן זיך), וואָס דאָס מויל קען נישט

אויסריידן און דער שכל פאַרשטיין. דער נביא פון עזה האָט וועגן דעם אַלעם מודיע געווען. עס איז דערגאַנגען דערצו, אַז אַ סך מענטשן האָבן געוואָלט פאָרן, כדי אַליין צו זען אים (שבתי־צבי) און ביי אים זיך דער־וויסן וועגן דעם שרש פון זייער נשמה און וועגן די מיטלען, ווי אַזוי צו דערגרייכן די העכסטע שלימות.

צופיל טומל האָט שוין שבתי־צבי אַרום זיך באַשאַפן, צו גרויס איז שוין געווען די באַשטימטע דערוואַרטונג פון דער גאולה, כדי ער זאָל קענען ווייטער בלייבן זיצן אין סמירנאַ און רואיק צוקוקן, ווי עס ברויזן די כוואַליעס אַרום אים און עס קלאַפּן די הערצער. און אָט אין אָנהייב 1666 איז דער פאַרגעטערטער אויסלייזער אוועק פון סמירנאַ קיין קאָנ־סטאַנטינאָפּאָל, כדי — ווי מען האָט געזאָגט — אָפּצונעמען די קרוין ביים סולטאַן. פאַרן אָפּפאָרן האָט שבתי־צבי צעטיילט „די וועלט", ד"ה די גאַנצע טעריטאָריע פון דער קינפטיקער יידישער מלוכה צווישן זעקס און צוואַנציק פון זיינע מקורבים. מען דערציילט ווי אַ קוריאָז, אַז איינער פון די זעקס און צוואַנציק „חלקים" איז אַריינגעפאַלן צו אַן אָרעמאַן, וואָס האָט געלעבט פון נדבות. עס האָבן זיך געפונען רייכע יידן, וואָס האָבן געוואָלט ביי דעם אָרעמאַן אָפּקויפן פאַר אַ גרויסער סומע געלט זיין חלק „מלוכה", נאָר יענער האָט אויף קיין פאַל נישט געוואָלט.

די טערקישע רעגירונג, וואָס אין איר שפּיץ איז דאַן געשטאַנען דער גרויס־וויזיר אַכמעד קעפּרילי, האָט געוואוסט וועגן דער באַוועגונג צווישן יידן, נאָר ער האָט זי נישט געשטערט כל זמן די באַוועגונג איז נישט אַריבערגעגאַנגען די גרענעצן פון דער פּראָווינץ, טיילוויז צוליב מורא אַרויסצורופן אומרוען און טיילוויז צוליבן שוחד האָט די אַדמיניסטראַ־ציע אין דער פּראָווינץ געלאָזט צורו שבתי צבין מיט זיין חברה. נאָר ווען יענער צוזאַמען מיט זיין סעקרעטאַר פּרימאָ און עטלעכע פּריינט זיינען געפאָרן אין דער רעזידענץ פון טערקיי, האָט די העכערע מאַכט שוין אָנגעהויבן זיך באַאומרואיקן. לויט דער פאַראָרדענונג פון גרויס־וויזיר האָט מען שבתי־צבין שוין אָפּגעוואַרט בעת די שיף האָט זיך אָפּגעשטעלט אין די דאַרדאַנעלן און מען האָט אים אַרעסטירט. אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען דעם משיח געבראַכט צו פירן אין קייטן קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל און איינגעזעצט אין טורמע. אין צוויי חדשים אַרום האָט מען אים אַי־

בערגעפירט אין דעם נאָענטן פּאַלאַץ אַבידאָס. אַהין איז אויך געקומען זיין פרוי, שרה, דער סעקרעטאַר פּרימאָ און אייניקע מקורבים.

דער אַרעסט פון שבתי־צבי האָט נאָך פאַרשטאַרקט דעם גלויבן אין אים. דאָס פאָלק האָט אויסגעטייטשט דעם אַרעסט אַזוי, אַז דער משיח דאַרף איצט איבערלעבן יענע יסורים, וואָס דאַרפן קומען פאַר דער גרויסער נאַציאָנאַלער באַפרייאונג. קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל זיינען זיך אָנגעפאָרן פיל פון שבתי צביס אָנהענגער פון דער גאַנצער וועלט. פיל האָבן מיטגעבראַכט טייערע מתנות פאַר דעם ליידנדיקן משיח און דער משיח האָט געלעבט אין זיין תפיסה, ווי אַ פירשט אין זיין פּאַלאַץ. די טערקישע וואַך איז געווען איבערגעקויפט און די דעפּוטאַטן און מאמינים, וואָס זיינען געקומען צום משיח אין תפיסה אַריין, האָבן פאַר זיך געזען אַן איבעררא‏שנדיק בילד: אָנשטאָט אַן אָרעמען אַרעסטאַנט, איז געשטאַנען פאַר זיי אַ שטאָלצער מענטש, וואָס איז געזעסן אין זיין פּאַלאַץ, ווי אַ קייסער. דאָס האָט נאָך מער געררייצט די פאַנטאַזיע און דער פּאַלאַץ אַבידאָס האָט ביי די אָנהענגער פון שבתי־צבי באַקומען דעם נאָמען „מגדל עוז״. כדי אונטערצוהאַלטן אין פאָלק די אמונה אין אַ נאָענטער איבערקערעניש, האָבן די אַפּאָסטאָלן פון שבתי צבי אָנגעהויבן אָפּצושאַפן פיל יידישע מנהגים און דינים אויפן גרונד, וואָס איצט האָט די גאולה זיך שוין אָנגעהייבן און לויט דער מסורה דאַרפן אַלע מצוות בטל ווערן בעת דער משיח וועט קומען. דעם תענית פון שבעה עשר בתמוז האָבן די שבתי צביניקעס מבטל געמאַכט אויף דעם סמך, וואָס אין יענעם טאָג האָט זיך די געטלעכקייט צום ערשטן מאָל אַנטפּלעקט צו שבתי־צבי. אפילו דער תענית פון תשעה־באב איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ יום־טוב, ווייל אין דעם טאָג איז געבוירן געוואָרן דער משיח. וועלכער דאַרף צוריק אויפבויען דעם בית־המקדש.

פון אַבידאָס זיינען פונאַנדערגעשיקט געוואָרן אין אַלע יידישע געמיינדעס צירקולאַרן אין נאָמען פון שבתי־צבי. אין די שילן פלעגט מען לייענען לכבוד שבתי־צבי „הנותן תשועה״. זייער פיל דעפּוטאַציעס זיינען געקומען זיך בוקן פאַר דעם משיח. צווישן אַנדערע איז אויך געקומען דער אויבנדערמאָנטער נחמיה הכהן און פון אים איז אויף שבתי צבין געקומען אַן אומדערוואַרט אומגליק. שבתי צבי האָט אויפגענומען דעם „נביא״ נחמיה זייער פייערלעך און געהאַט מיט אים אַ לאַנגן געשפּרעך. ווי עס

שיינט, האָט ער געוואָלט מאַכן אים פאַר זיין פאָרשטייער אין פוילן. נאָר די אוידיענץ האָט נישט געבראַכט צום געווינטשטן רעזולטאַט. נאָך לאַנגע וכוחים צווישן נחמיה הכהן און שבתי צבי וועגן די יסודות פון דער קבלה איז נחמיה אַוועק אַן אנטוישטער און נישט אָנערקענט שבתי צבין פאַר דעם אמתן משיח. די פאַנאַטישע אָנהענגער פון שבתי צבי זיי־נען געוואָרן זייער אויפגעבראַכט דערויף און נחמיה האָט געמוזט אַנט־לויפן קיין אַדריאַנאָפּאָל, איבערגעקליידט אין אַ טערקישן אָנצוג. דאָרט איז נחמיה געגאַנגען צום אָרטיקן נאַטשאַלניק (קיימאַקאַם), מודיע געווען וועגן אַלץ, וואָס עס טוט זיך אָפּ אין פּאַלאַץ אַבידאָס, און אים אויפגע־קלערט, ווי ווייט געפערלעך עס איז די משיח־באַוועגונג פאַר דער טער־קישער מלוכה.

מען האָט וועגן דעם געגעבן צו וויסן דעם סולטאַן, וואָס האָט זיך דאַן געפונען אין אַדריאַנאָפּאָל. דער סולטאַן איז געוואָרן פול מיט גרימ־צאָרן און איז געווען גרייט צו טויטן דעם פאַלשן משיח, נאָר זיינע מקו־רבים האָבן אים אָפּגערעדט דערפון, און אָנגעוויזן, אז דאָס קען ברענגען צו גרויסע אומרוען צווישן יידן. זיי האָבן געראַטן דעם סולטאַן: איבער־ריידן שבתי צבין, אַז ער זאָל איבערגיין אין מאַכמעדאַנישן גלויבן און דערמיט וועלן זיינע מאַמינים, ערשטנס, זיך אָפּקערן פון אים און פאַרן איסלאַם וועט דאָס זיין אַ גרויסער נצחון. איינער אַ דאָקטאָר דידאַן, אַ געוועזענער ייד, וואָס האָט אָנגענומען דעם מאַכמעדאַנישן גלויבן, האָט אויף זיך גענומען די מיסיע איבערצורעדן שבתי־צבין. ווען מען האָט דעם משיח איבערגעפירט פון אַבידאָס קיין אדריאנאָפּאָל צום געריכט, האָט דידאַן פאַר אים אָפּגעשילדערט אַ שרעקלעך בילד, ווי אַזוי דער סולטאַן איז אויפגעבראַכט קעגן אים, וואָס פאַר אַ האַרבע שטראָף עס שטייט אים פאַר, און שבתי צבי איז געוואָרן פול מיט שרעק. דער אינסטינקט פון זעלבסט־שוץ האָט געטאָן זיינס און דער „משיח" האָט פאַרשטאַנען, אַז גאָט האָט אים צוגעשיקט אַ נסיון און אַז ער מוז זיך באַשליסן אויף אַן ענערגישן שריט. ווען מען האָט אים אויפן צווייטן טאָג געבראַכט צום סולטאַן, האָט ער פאַר אים אַוועקגעוואָרפן צו דער ערד זיין יידיש היטל און אָנגעטאָן אַ ווייסן טערקישן טורבאַן, ווי אַ צייכן פון איבערגאַנג צום איסלאַם. דער געוועזענער יידישער „קייסער" איז באַלד באַשטימט גע־וואָרן פאַר אַ מקורב צום טערקישן סולטאַן און באַקומען דעם טיטל מאַכ־

מעד־עפּענדי. אים האָבן גלייך נאָכגעטאָן זיין פרוי שרה און אייניקע מקורבים (אויגוסט 1666).

נאָך דעם האָט שבתי אָנגעהויבן שפּילן אַ צווייזייטיקע ראָליע: די טערקן האָט ער פאַרזיכערט, אַז ער וועט אַלע מיטלען איבערצוציען די יידן צום מאַכמעדאַנישן גלויבן; די יידן ווידער האָט ער איינגערעדט, אַז זיין שריט איז אַריינגעגאַנגען אין דעם פּראָגראַם זיינעם, אַז מיט זיין שמדן זיך איז פאָרגעקומען נאָר אַ טיפער מיסטישער אַקט און אַז זיין ציל איז איבערצוציען די מוסולמאַנער צום יידישן גלויבן אין אַ נייער פאָרעם. פיל פון זיינע מאמינים האָבן זיך איצט אומגעקוקט אויף זייער גרויסן טעות, עפנטלעך תשובה געטאָן אויף זייער גרויסן חטא און אַנט־לאָפן פון דעם „משיח". די פאַנאַטישסטע צווישן זיי האָבן אָבער אויך ווייטער געגלויבט אין שבתי צבין און זיך געלאָזט פירן דורך די שווינדלער, וואָס האָבן אים אַרומגערינגלט. אין די ווייטערע ערטער האָט מען פאַר־שפּרייט קלאַנגען, אַז נאָר דער שאָטן פון שבתי צבי האָט אָנגענומען אַ פרעמדן גלויבן און דער אמתער איז אַרויף אויפן הימל און וועט זיך באַ־ווייזן, ווי נאָר עס וועט קומען די אמתע שעה פון דער גאולה. די הויפּט־אַפּאָסטאָלן פון שבתי צבי האָבן ווייטער געפירט זייער פּראָפּאַגאַנדע. אין „זהר" האָבן זיי געפונען א רמז, אַז דער משיח וועט זיין „גוט פון אי־נעווייניק און שלעכט פון אויסנווייניק", אַז ער וועט זיך אַריינלאָזן אין אַ גרויסן אָפּגרונט פון שלעכטס, כדי פון דאָרטן אַרויסצושלעפּן די „געט־לעכע פונקען". דער נביא נתן פון עזה האָט אין זיינע אויפרופן צום פאָלק דערקלערט, אַז מען דאַרף זיך נישט נעמען צום האַרצן דעם שריט פון שבתי צבי, ווייל „אַלע זיינע מעשים זיינען טיפע סודות, אין וועלכע דער מענטשלעכער שכל קען נישט אַריינדרינגען". דער פאַלשער נביא האָט אפילו געהאַט די דרייסטקייט אַריינצופאָרן קיין אַדריאַנאָפּאָל, די רעזי־דענץ פון משיח דעם פאַררעטער, נאָר די דאָרטיקע רבנים האָבן אים גע־צוואונגען צו פאַרלאָזן די שטאָט. דאַן איז נתן אַוועק קיין איטאַליע און דאָרט פאָרגעזעצט זיין פּראָפּאַגאַנדע, און פאַרשפּרייט פאַרשידענע בבא־מעשות וועגן שבתי צבי. די דאָרטיקע רבנים האָבן אים גערודפט, נאָר די מאַסע האָט זיך דאָך צוגעהערט צו זיינע דרשות און אים געפאָלגט. די משיח־פאַנטאַזיעס האָבן נאָך געלעבט אין פאַרשידענע יידישע שטעט.

שבתי צבי האָט דערווייל זיך געפירט זייער משונהדיק. אַמאָל האָט

ער אויסגעזען ווי אַ הייסער פאַנאַטישער מוסולמאַנער און אַמאָל — מתפלל געווען לויט דעם יידישן דין מיט מיסטישע צערעמאָניעס און לידער־געזאַנג. די איבערגעלעבטע שטורמישע געשעענישן האָבן איבער־געלאָזט אַ טיפן רושם אויף דעם עקזאלטירטן שבתי און ער איז געווען נישט ווייט פון פאַלקאָמענעם שגעון. דער טערקישער רעגירונג איז ענד־לעך נמאס געוואָרן די צווייזייטיקע שפּיל פון שבתי צבין, פון וועלכן מען האָט פריער דערוואַרט גרויסע זאַכן. מ׳האָט אים אויפגעהערט אַרויסגעבן פענסיע ווי אַ באַאַמטן פון הויף און מען האָט אים אָפּגעשיקט קיין קאָנ־סטאַנטינאָפּאָל. דאָרט האָט ער נאָך געהאַט אַ קליינעם קרייז אַנהענגער, וואָס זיינען אים געבליבן טריי ביזן טויט. דער גרויס־וויזיר האָט זיך דערוואוסט, אַז שבתי האָט נאָך ווייטער באַציאונגען מיט יידן, האָט ער באַפוילן צו פאַרשיקן אים אין אַזאַ אָרט, וואו עס זיינען נישט געווען קיין יידן. דאָרט, אין אַ פאַרוואָרפענעם שטעטל דולצינאָ, איז שבתי צבי גע־שטאָרבן (ערב יום־כפור 1676). ער איז געשטאָרבן אָפיציעל ווי אַ מו־סולמאַנער און באַגראָבן געוואָרן דורך מוסולמאַנער.

אַזוי האָט זיך געענדיקט די גרויסע טראַגי־קאָמעדיע. דער טויט פון דעם, פון וועלכן יידן האָבן דערוואַרט די גאולה, האָט געמוזט אויס־ניכטערן די פאַרטונקלטע מוחות און מאַכן אַ שרעקלעכן איינדרוק אויף זיינע מאַמינים. די וואָס האָבן נאָך געגלויבט אין אים נאָך דעם ווי ער איז געוואָרן אַ פאַררעטער, האָבן איצט דערזען פאַר זיך דעם ביטערן אמת און עפנטלעך תשובה געטאָן אויף זייער חטא. די רבנים האָבן איצט נאָך שטרענגער געקוקט, אַז אין זייערע געמיינדעס זאָלן מער זיך נישט געפינען קיין אַנהענגער פון שבתי צבי. אָבער דאָך האָט די באַוועגונג געלאָזן אַזעלכע טיפע וואָרצלען אין פאָלק, אַז אויך איצט האָבן אייניקע געגלויבט אין דער הויכער מיסיע פון שבתי־צבי. אויב די שבתי־צבי־באַ־וועגונג איז איצט אָפּגעשטאָרבן, האָבן אָבער די שבתי־צביניקעס אַלץ געלעבט ווי אַ סעקטע. אייניקע האָבן נאַאיוו געגלויבט, אַז שבתי־צבי איז אַרויף אויפן הימל און וועט אין אַ צייט אַרום ווידער קומען אויסלייזן דאָס יידישע פאָלק פון גלות; אַנדערע האָבן פאַרלוירן די אמונה אין דער נאַציאָנאַלער באַפרייאונג, אָבער זיי האָבן געגלויבט, אַז דאָס לעבן און דער טויט פון שבתי־צבי האָבן געהאַט אַ טיפן מיסטישן זין, אַז גאָט האָט אים אַראָפּגעשיקט אויף דער וועלט אויסצוקויפן די זינד פון פאָלק.

די נעסט פון דער סעקטע שבתי־צביניקעס האָט זיך געפונען אין טערקיי, נאָר פון דאָרטן זיינען געשיקט געוואָרן שלוחים קיין אייראָפּע צו פירן פּראָפּאַגאַנדע און דערוועקן נייע מיטגלידער. אין דער שפּיץ פון דער סעקטע זיינען די ערשטע צייט געשטאַנען מענטשן, וואָס זיינען געווען נאָענט צו שבתי־צבי. איינער פון זיי איז געווען אברהם מיכאל קאַרדאָסאָ, וועלכער האָט באַשאַפן די „טעאָריע" פון דער סעקטע. לויט דער דאָזיקער טעאָריע, עקזיסטירן צווייערליי געטלעכקייטן: גאָט אַלס די ערשטע סיבה פון אַלץ, וואָס עקזיסטירט (סיבה ראשונה) — דעם גאָט קאָן מען נישט באַגרייפן מיטן שכל און ער האָט נישט קיין שום סמנים און טיטלען, און דער גאָט פון ישראל (אלהי ישראל), וואָס הערשט איבער דער וועלט און אין זיינע הענט איז דער גורל פון יידישן פאָלק און פון אַנדערע פעלקער. שבתי־צבי איז געווען די פאַרקערפּערונג פון צווייטן מין געטלעכקייט (צוליב פאַרזיכטיקייט האָט די סעקטע אים אָנגערופן בלויז „געטלעכער מאַן"). זיך אַליין האָט קאַרדאָסאָ אַמאָל אַרויסגע־שטעלט ווי דעם משיח בן יוסף, וועלכער דאַרף פאַרזעצן די אַרבעט פון אמתן משיח, וואָס איז פאַרלויפיק פאַרשוואונדן געוואָרן פון דער וועלט. דאָס לעבן פון דעם אַפּאָסטאָל איז געווען רייך אין געשעענישן. קאַרדאָסאָ איז געווען אַ זון פון מאַראַנען, געלעבט אין שפּאַניע, וואו ער האָט גע־לערנט מעדיצין און געפירט אַ לעבן פון אַ לעב־יונג, ליב געהאָט פרויען און לידער. ווען ער איז עלטער געוואָרן, איז ער אַנטלאָפן קיין איטאַליע און איבערגעגאַנגען אין יידישן גלויבן. פון דאָרטן איז ער אַוועק קיין טערקיי, וואו ער האָט זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט שבתי־צבי, און נישט געקוקט אויף זיין וועלטלעכער בילדונג איז ער געוואָרן אַ פאַרברענטער אָנהענגער פון דעם „משיח". אין טריפּאָליס האָט ער פאַרנומען די שטעל פון אַ דאָקטער ביים הויף און דאָ האָט ער אָנגעהויבן פירן שריפטלעך און מונדלעך אַ הייסע מיסטישע פּראָפּאַגאַנדע צווישן די יידן אין אַפ־ריקע. די רבנים האָבן אים אָבער פאַרפאָלגט און ער האָט געמוזט פאַר־לאָזן טריפּאָלי. ער איז אַנטלאָפן קיין סמירנאַ, וואו ער האָט געוואָלט שפּילן די ראָליע פון אַ צווייטן משיח נאָך שבתי־צבי. אָבער אויך פון דאָרטן האָט מען אים פאַרטריבן. זיין שטורמיש לעבן האָט ער געענדיקט אין קאַאירע (1706), ווי אַ דאָקטער ביי אַן עגיפּטישן פּאַשאַ.

די ערשטע יאָרן נאָך דעם טויט פון שבתי־צבי האָבן די סעקטאַנטן

פון סמירנאַ זיך געלאָזט פאַרדרייען אַ קאָפּ פון חזן דניאל ישראל, וועל־כער האָט געפּרעדיקט, אַז שבתי־צבי איז נישט געשטאָרבן, נאָר לעבט ערגעץ אין אַן אומבאַוואוסטן אָרט און וועט קומען אין 45 יאָר אַרום באַפרייען זיין פאָלק. דער דאָזיקער ,,נביא" האָט געהאַט אַ דערפאָלג. די אָרטיקע רבנים האָבן געפּועלט ביי דער אַדמיניסטראַציע, אַז מען זאָל אַרויסטרייבן דעם דאָזיקן פאַנאַטיקער, אָבער ער האָט ווייטער געפירט זיין פּראָפּאַגאַנדע אין דער אומגעגנט פון סמירנאַ. ער האָט געענדיקט דערמיט, וואָס ער האָט לפנים ארויפגענומען אויף זיך די מאַסקע פון איסלאַם, כדי פּטור צו ווערן פון די רדיפות, ווי עס האָבן געטאָן פיל אנ־דערע סעקטאַנטן.

די הויפּט־נעסט פון דער סעקטע איז געווען סאַלאָניקי, וואו עס האָבן זיך געפונען די קרובים פון שבתי־צבי און זיינע פאַנאַטישסטע אָנ־הענגער. דאָרט האָבן זיך אויך געפונען די ,,געזעצלעכע יורשים" פון שבתי־צבי. עטלעכע יאָר פאַר זיין טויט איז געשטאָרבן שבתיס פרוי, שרה, און דאַן האָט שבתי חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון איינעם פון זיינע תלמידים, דער סאַלאָניקער ,,חכם" יוסף פילאָזאָף. די דאָזיקע צווייטע פרוי פון שבתי צבי האָט געהאַט א קליינעם ברודער, וועלכן די שבתי צביניקעס האָבן געהאַלטן פאַר אַ גלגול פון שבתין און אים גע־רופן יעקב צבי. מען דערציילט, אַז נאָך דעם טויט פון שבתי צבי האָט די אַלמנה זיינע זיך פאַרמאַכט אין א צימער אויף דריי טעג און דריי נעכט מיט איר ברודער און דערנאָך דערקלערט, אַז איר מאַן איז געקו־מען צו איר פון יענער וועלט און געהייסן, אַז יעקב זאָל זיין פאַררעכנט ווי זיין זון. אין נאָמען פון דעם צווייטן משיח וואָס איז נאָך געווען זייער יונג, האָט די ,,מלוכה" געפירט א ,,רעגענט": זיין פאָטער יוסף פילאָזאָף און די אַלמנה פון שבתי. אין דעם דאָזיקן קליינעם קרייזל האָט געהערשט די מיינונג, אַז די זינד פון דער וועלט קענען אויסגעקויפט ווערן דורך נאָך נייע זינד. דערביי האָט מען זיך פאַררופן אויף דעם מאמר פון תלמוד, אַז משיח וועט קומען אָדער אין א דור, וואָס וועט זיין אין גאַנצן זכאי (ריין פון זינד) אָדער איינגאַנצן הייב (פול מיט זינד). אויף דעם סמך האָט די סעקטע זיך אַריינגעלאָזט אין שרעקלעכער אויסגעלאַסנקייט. די מענער פלעגן זיך בייטן מיט די ווייבער, ברידער האָבן געלעבט מיט שוועסטער אאַז"וו. די רבנים האָבן נישט געהאַט קיין מיטלען צו קעמפן

קעגן דער אויסגעלאַסנקייט און געמאָלדן וועגן דעם דער מאַכט, וועלכע האָט אָנגעהויבן פאַרפאָלגן די סעקטע. כדי צו באַפרייען זיך פון די רדי־פות, האָט די סעקטע נאָכגעטאָן דעםביישפיל פון שבתי צבי, און אין 1687 האָבן 400 מאָן פון זיי אָנגענומען דאָס מאַכמעדאַנישע גלויבן. יעקב צבי און אַנדערע אָנפירער פון דער סעקטע האָבן דערביי פאַרזיכערט, אַז אויך דער פאַרראַט האָט אַ טיפן סימבאָלישן זין. פאַר די מוסולמאַנער ווידער האָבן זיי זיך געהאַלטן ווי פרומע גלוביקע. אויסערלעך האָבן זיי געהיט די רעליגיעזע צערעמאָניעס פון דער מאַכמעדאַנישער רעליגיע, נאָר באַהאַלטענערהייט האָבן זיי אָפּגעהיט די מיסטעריעס פון שבתי צבי. ביסלעכווייז האָבן די געשמדטע סעקטאַנטן אַלץ מער זיך דערווייטערט פון די דינים פון דער יידישער רעליגיע און פלעגן אָנרופן די אמתע יידן „כופרים", אומגלויביקע. ווען דער יונגער יעקב צבי איז געשטאָרבן, איז די אָנפירונג איבער דער סעקטע אַריבער צו זיין זון ברכיה.

די רעשטן פון דער סעקטע שבתי־צביניקעס זיינען נאָך פאַרבליבן ביז איצט. אין סאַלאָניקי לעבן נאָך היינט אייניקלעך פון שבתי צבי, וואָס האָבן זיך אָפּגעשמדט. די טערקן רופן זיי „דאָנמע", ד"ה פאַררעטער, זיי אַליין רופן זיך אָן „מאַמינים". די סעקטע צעפאַלט זיך אויף דריי גרופּעס: 1) איזמירלי (סמירנער), וואָס שטאַמען פון שבתי צבי אַליין; 2) יאַקוביטי, אָנהענגער פון יעקב־צבי; 3) קוניאַזי, אָנהענגער פון אַ געוויסן אָסמאַן־באַבאַ, וואָס האָט געלעבט אין מיטן 18־טן יאָרהונדערט. אין סאַלאָניקי געפינען זיך ביז 1000 פאַמיליעס פון די „אָנמע", דער גרעסטער טייל פון זיי לעבט אין אַ באַזונדערן קוואַרטאַל און פון איין הויז צום צווייטן גייען אינערלעכע אַריינגאַנגען. זיי האָבן חתונה נאָר צווישן זיך און זיינען זיך נישט מתחתן נישט מיט יידן און נישט מיט טערקן. אויסערלעך אונטערשיידן זיי זיך נישט פון די טערקן, באַזוכן די מעטשעטן און פאַרן קיין מעקאַ, נאָר ביי זיך אין דער היים האָבן זיי געהיימע ערטער פאַר גאָטעסדינסט לויט זייער אייגענעם שטייגער. זיי פייערן תשעה־באב, וואָס איז דורך שבתי צבי פאַרוואַנדלט געוואָרן פון אַ נאַציאָנאַלן טרויער אין אַ יום־טוב. אין זייערע תפילות רופן זיי אָן שבתי צבין „אונדזער קייסער און משיח". אייניקע תפילות זייערע אויף העברעאיש הייבן זיך אָן מיט די ווערטער: „אין נאָמען פון גאָט פון

ישראל, די קרוין פון ישראל, פון די דריי פאַרבאַנדן פון דער אמונה, וואָס זיינען איינס" . . .

די שפּראַך זייערע איז טערקיש, נאָר אין רעליגיעזע אַנגעלעגנהייטן באַנוצן נאָך די דאָנמעס עטוואָס העברעאיש און שפּאַניאָליש. די דאָנמעס זיינען זייער פאַרבאָרגן אין אַלץ, וואָס אַנבאַלאַנגט זייער רעליגיע. יעדער, וואָס אַנטדעקט פאַר פרעמדע די סודות פון זייער רעליגיע, רעכנט זיך פאַר אַ פאַררעטער און איז חייב מיתה. נאָר דאָך האָט מען די לעצטע צייט אַנטדעקט דעם קאַטעכיזם פון דער דאָזיקער סעקטע אין צווייערליי נוסחאות. דער אינהאַלט פון איינעם פון די נוסחאות איז דער ווייטערדיקער:

גאָט איז איין און איינציקער און שבתי צבי איז זיין נביא. אָדם הראשון, אברהם, יעקב, משה, אסתר און אַנדערע העלדן פון דעם תנ"ך זיינען נאָר אַ טייל פון שבתי־צבי, וועלכער האָט אכצן מאָל זיך באַוויזן אויף דער וועלט אונטער פאַרשידענע נעמען. די וועלט איז באַשאַפן נאָר פאַר גלויבנדיקע (מאמינים) און די מוסולמאַנער זיינען באַשטימט צו שיצן זיי, פונקט ווי די שאָלעכץ פאַר אַן איי. נישט־ייִד אין אַלגעמיין ווערן אָנגערופן קליפּה און זייערע נשמות צוזאַמען מיט די קערפּערס פאַרשווינדן אין גיהנום. אַ גלויביקער טאָר נישט התונה האָבן נישט מיט קיין „קליפּה", נישט מיט קיין יידישער טאָכטער, כל־זמן יידן וועלן ניט אָנערקענען, אַז שבתי צבי איז געווען זייער משיח. די יידן און די „גלויביקע" וועלן זוכה זיין צום גן־עדן. עס וועט קומען אַ צייט, ווען אַלע יידן וועלן אָנערקענען דעם אמת און מודה זיין, אַז יעקב און משה און אַנדערע זיינען געווען נישט מער, ווי אַ חלק פון שבתי צבי. דעריבער דאַרף מען יידן נישט האַסן. דאָך טאָר אַ סעקטאַנט נישט ריידן מיט קיין יידן און מיט קיין קליפּה וועגן זיין רעליגיע. פריער פון אַלץ דאַרף מען געדענקען דעם כלל, אַז אַ דאָנמע דאַרף זיך אַרויסגעבן פאַר אַ מוסולמאַנער און אין האַרצן בלייבן אַ גלויביקער. די גלויביקע זיינען מחויב זיך אונטערצוגעבן דער טערקישער רעגירונג, אויסערלעך פאַרטיידיקן דעם איסלאַם, אָנערקענען דעם קאָראַן און די מוסולמענישע גייסטלעכע; אָבער מען טאָר זיך נישט משפּטן אין די מוסולמאַנישע געריכטן. אויב צווישן איין „גלויביקן" און צווייטן קומט פאָר אַ סכסוך, דאַרף ער באַטראַכט ווערן אין זייער אייגענעם בית־דין, וואָס משפּט נאָר לויט די געזעצן פון משהן.

די דאָנמעס דאַרפן טראָגן צוויי נעמען: איינעם פאַר דער וועלט, און דעם צווייטן פאַר די אייגענע מענטשן. זיי טאָרן נישט טרינקען קיין שום שאַרפע משקאות.

אין אייראָפּע האָבן די אָנהענגער פון שבתי־צבי צוערשט נישט געגלויבט אין דער שרעקלעכער ידיעה וועגן זיין פאַרראַט און אין די שילן האָט מען ווייטער מתפלל געווען פאַר דעם „מלך המשיח". שפּע־טער, ווען דער פאַקט איז באַשטעטיקט געוואָרן, האָבן זיך דאָך געפונען פיל, וואָס זיינען ווייטער געבליבן ביי זייער אמונה. אייניקע האָבן גע־גלויבט, אַז דאָ שטעקט עפּעס אַ טיפע פּאָליטישע כונה און אַז שבתי האָט אויסערלעך געביטן די יידישע אמונה, כדי אַראָפּצואוואַרפן די טער־קישע רעגירונג. אַנדערע האָבן דערין געזען אַ טיפן קבלה־סימבאָל: אַרויס־ציען די „קדושה" פון דער „טומאה". די דריטע האָבן געזאָגט, אַז שבתי האָט זיך נישט געשמדט, נאָר איז אַרויף אויפן הימל. די פערטע האָבן פאַרזיכערט, אַז דער סולטאַן האָט געגעבן שבתי־צבין אַ גרויסע אַרמיי מיט וועלכער ער גייט אויף פּוילן און וועט זיך נוקם זיין פאַר די יידישע קרבנות, וואָס זיינען געפאַלן ביי דעם אויפשטאַנד פון כמעלניצקי. ווען קיין אייראָפּע איז אין פרילינג 1668 געקומען דער הויפּט־נביא פון שבתי צבי, נתן העזתי, האָט ער דאָרט שוין געפונען מער אומגלויביקע, ווי גלויביקע. קיין ווענעדיק האָט מען אים פריער נישט געוואָלט אַריינלאָזן און דערנאָך האָבן די רבנים אים געצוואונגען אונטערצושרייבן אַ דער־קלערונג, אַז אַלץ, וואָס ער האָט פריער געזאָגט און געפּרעדיקט וועגן שבתי־צבי, איז פאַלש. דעם דאָזיקן אַקט האָבן די ווענעדיקער רבנים פונאַנדערגעשיקט צו אַנדערע יידישע געמיינדעס אין איטאַליע. פון ווע־נעדיק איז נתן אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין ליוואָרנאָ, נאָר אים האָט זיך איינגעגעבן אַריינצורייסן זיך קיין רוים. דאָרט האָט ער פאַרבראַכט צווישן זיינע חברים, געהיימע שבתי־צביניקעס און ווידער געמאַכט שווינדלע־רייען: ער האָט אַריינגעוואָרפן אין טיבער אַ צעטעלע, אויף וועלכן עס איז געשטאַנען: „אין אַ יאָר אַרום וועט רוים חרוב ווערן". ער האָט אויך פונאַנדערגעשיקט צו זיינע אָנהענגער אַ צירקולאַר מיט עפּעס טונקעלע פראַזן אויף דער שפּראַך פון „זהר". דאָך האָבן זיך צו אים באַצויגן מיט צוטרוי נאָר געציילטע מענטשן פון דער מאַסע. די מער אָנגעזעענע יידן האָבן מער שוין אין אים נישט געגלויבט. אַזוי ווי ער האָט מורא געהאַט

פאַר רדיפות האָט נתן העזתי זיך אומגעקערט קיין אַדריאַנאָפּאָל און גע־וואַנדערט איבער פאַרשידענע שטעט פון טערקיי, ביז ער איז געשטאָרבן אין סאָפיאָ (בולגאַריע) אין 1680.

צוזאַמען מיט נתן העזתי האָט אַרומגעוואַנדערט איבער איטאַליע און דייטשלאַנד א צווייטער אפּאָסטאָל פון שבתי צבי, שבתי רפאל. ער האָט פריער געפירט זיין אַגיטאַציע אין רוים און אין ווענעדיק, נאָר ווען מען האָט זיך דאָרט דערוואוסט וועגן פאַרראַט פון שבתי־צבי, איז יענער אַריבערגעפאָרן קיין דייטשלאַנד. אויך דאָרט האָט ער אָבער שוין ניט געהאַט קיין דערפאָלג, ווייל מען האָט אים געכאַפּט ביי פיל חטאים, אויך גניבות, און ער האָט געמוזט אַרויספאָרן קיין אַמסטערדאַם, פון דאָרט איז ער אַריבער קיין טערקיי, וואו מען האָט אים אָן אויפהער גערודפט ווי אַ שווינדלער.

אַ גרעסערן דערפאָלג האָט געהאַט מרדכי מוכיח, אַ געבוירענער אין אייזענשטאַט, וואָס האָט געוואוינט אין פּראָג. נאָכן טויט פון שבתי צבי איז מרדכי מוכיח אַרויסגעטראָטן ווי אַ נייער „נביא". ער איז גע־ווען אַ געלערנטער מקובל, געפאַסט פון שבת צו שבת און דורך זיין אַס־קעטיזם צוגעקומען צו דער מדרגה פון עקסטאַז. ער איז אַרומגעפאָרן אי־בער בעהמען, אונגאַרן און מעהרען און גערופן דאָס פאָלק צו תשובה און צו פייניקן זיך. אין זיינע דרשות האָט ער אַנטוויקלט אַזאַ געדאַנק: שבתי־צבי האָט געמוזט זיך שמדן, כדי אַרויסצושלעפּן די „קליפּה" פון איסלאַם, אָבער ער איז געווען נאָר דער מבשר פון משיח (משיח בן יוסף); דער אמתער משיח ווידער (משיח בן דוד) וועט דערשיינען אין דריי יאָר אַרום נאָכן טויט פון שבתי (1679). ער וועט זיך האַלטן צווישן די קריסטן, און אויב מען וועט אים אַרויסגעבן, וועט ער אויך זיין געצוואונגען אַרויפצושלעפּן אויף זיך די מאַסקע פון קריסטנטום. דערביי האָט מרדכי מוכיח געגעבן אַנצוהערעניש, אַז ער איז דאָס טאַקע דער אמתער משיח. שפּעטער, ווען מען האָט אים איינגעלאַדן פון אונגאַרן קיין איטאַליע, האָט זיין פאַנטאַזיע נאָך מער זיך צעפלאַקערט און ער פלעגט שוין אָפן זאָגן, אַז ער איז דער משיח בן דוד. אָבער דאָך האָט מרדכי מוכיח סוף כל סוף געמוזט פאַרלאָזן אויך איטאַליע, ווייל קיין גרויסע אמונה אין זיך האָט ער שוין מער נישט געקענט אַרויסרופן. ער האָט אַ צייט געוואַנדערט

איבער פוילן און דייטשלאַנד, און איז געשטאָרבן אין זיין פאָטערלאַנד, אין אונגאַרן.

אין פוילן האָט מען נישט אַזוי געשווינד זיך דערוואוסט וועגן דעם שרעקלעכן פאַרראַט פון „מלך המשיח", און ווען די שרעקלעכע ידיעה איז שוין יאָ אָנגעקומען אַהין, האָבן פון פאַלשן משיח זיך אָפּגעקערט נאָר אַ טייל אָנהענגער. די מאַסע האָט ווייטער געגלויבט, אַז שבתי צבי האָט נאָר פאַרלויפיק אָנגעטאָן אויף זיך דאָס טערקישע היטל, און האָט פון אים דערוואַרט נייע נסים. ווי אין טערקיי און אין מערב־אייראָפּע, אַזוי האָט אויך אין פוילן די שבתי־צבי־באַוועגונג זיך פאַרוואַנדלט אין אַ סעקטע, אָבער נאָך לאַנג־לאַנג האָט געדויערט די מיסטישע שטימונג צווישן פאָלק. נאָך ביז ענדע פון 18־טן יאָרהונדערט זיינען די יידן אין פוילן געווען פאַרזונקען אין חלומות און מיסטישע טרוימערייען, וואָס האָבן געפירט צו טרויעריקע רעזולטאַטן.

אַרום 1695 האָט זיך אין פוילן באַוויזן אַן ערנסטער און געפערלע־כער פראָפּאַגאַנדיסט פון דער משיח־אידעע. דאָס איז געווען דער מקובל חיים מלאך. ער איז אַ לענגערע צייט געווען אין טערקיי, אין דער סוויטע פון שבתי־צבי, און ווען ער איז צוריקגעקומען קיין פוילן, האָט ער אָנ־געהויבן פרעדיקן, אַז דער משיח וועט ווידער אויפלעבן 40 יאָר נאָך זיין אָפּזאָגן זיך פון יידנטום, ד"ה אין יאָר 1706, פּונקט ווי משה רבינו האָט אָפּגעהאַלטן די יידן 40 יאָר אין דער מדבר, איידער ער האָט זיי געבראַכט קיין ארץ ישראל. די אַגיטאַציע פון חיים מלאך האָט געהאַט אַ דערפאָלג, באַזונדערס צווישן דער פינצטערער מאַסע. אין גיכן איז צוגעקומען אַ נייער אַגיטאַטאָר, יהודה החסיד פון סעדלעץ. יהודה החסיד איז אַ גע־וויסע צייט געווען אין איטאַליע, וואו ער האָט דערלערנט די פראַקטישע קבלה, און ווען ער איז צוריקגעקומען קיין פוילן, האָט ער צונויפגערופן עטלעכע יונגעלייט און זיי אָנגעהויבן איבערגעבן זיין תורה. די צאָל פון זיינע אָנהענגער איז געוואַקסן און זיך פאַרוואַנדלט אין אַ באַזונדער סעק־טע מיטן נאָמען „חסידים". (דער לייענער דאַרף געדענקען, אַז די דאָזיקע חסידים, וועגן וועלכע מיר ריידן דאָ, האָבן נישט קיין שייכות צו די שפּע־טערדיקע חסידים פון בעל־שם). די דאָזיקע סעקטע האָט איבערהויפּט זיך אָפּגעגעבן צו תשובה און תקונים, פלעגט פיל פאַסטן און מתפלל זיין אויפן שטייגער פון די מקובלים. די „חסידים" האָבן זיך פאַראייניקט

מיט די אָנהענגער פון חיים מלאך און באַלד האָט די סעקטע דערגרייכט צו אַזאַ גרויסער צאָל אָנהענגער, אַז די רבנים האָבן דערזען אין זיי אַן ערנסטע געפאַר און אָנגעהויבן זיי רודפן. דאַן האָבן די אָנפירער פון דער סעקטע גענומען רופן אַ מאַסן־עמיגראַציע קיין ארץ ישראל, כדי דאָרט פייערלעך צו דערוואַרטן דעם קומענדיקן משיח.

אין 1700 האָט אַ פּאַרטיע פון עטלעכע הונדערט מאַן, אונטער דער אָנפירונג פון חיים מלאך און יהודה חסיד, זיך געלאָזט אין וועג אַריין. די עמיגראַנטן האָבן גרופּעסווייז זיך געלאָזט איבער עסטרייך, דייטש־לאַנד און איטאַליע און זיך אָפּגעשטעלט אין פאַרשידענע שטעט. דאָרט האָבן חיים מלאך און יהודה חסיד, אָנגעטאָן אין ווייסע קיטלען מיט ספרי תורות אין די הענט, געפּרעדיקט פאַר דער מאַסע וועגן דעם גרויסן טאָג ווען משיח וועט קומען, און גערופן צו תשובה און פייניקן זיך, כדי זוכה צו זיין באַגעגענען דעם משיח. די דרשות האָבן געמאַכט אַ גרויסן איינ־דרוק, איבערהויפּט אויף די פּראָסטע מענטשן און פרויען, וועלכע האָבן פאַרגאָסן פיל טרערן. אויפן וועג איז צו דער פּאַרטיע צוגעשטאַנען נאָך אַ מחנה יידן, וואָס האָבן געוואָלט זען ארץ ישראל, אַזוי אַז די צאָל עמי־גראַנטן האָט דערגרייכט פופצן הונדערט מאַן. די מחנה האָט זיך צע־טיילט אויף צוויי טיילן: איין פּאַרטיע, אונטער דער אָנפירונג פון חיים מלאך, איז פון ווין אָפּגעפאָרן קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל; די צווייטע פּאַר־טיע מיט יהודה חסיד אין דער שפּיץ איז געפאָרן קיין ארץ ישראל דורך ווענעדיק. נאָך פיל אומגליקן און ליידן אין וועג זיינען קיין ירושלים אָנגעקומען אַ מאַן טויזנט. אין גיכן איז דאָרט געשטאָרבן יהודה חסיד. זיינע אָנהענגער זיינען געבליבן אין פאַרצווייפלונג. זיי האָבן געוואוינט אין אַ באַזונדערן פּלאַץ און זיך דערנערט פון נדבות. אָבער זוי ווי די אָרעמע איינוואוינער פון ירושלים האָבן אַליין געלעבט פון נדבות, האָבן זיי נישט געקענט אויסהאַלטן די עמיגראַנטן, וועלכע זיינען געבליבן אָן שום מיטלען צום לעבן. אין פאַרצווייפלונג איז די פּאַרטיע וואַנדערער צעזייט און צעשפּרייט געוואָרן: אייניקע האָבן זיך פאַראייניקט מיט זייערע חברים אין טערקיי און אַרויפגענומען אויף זיך די מאַסקע פון איסלאַם; אַנדערע האָבן זיך אומגעקערט קיין אייראָפּע; די דריטע האָבן זיך געלאָזט אָנריידן פון די דייטשע מיסיאָנערן און אָנגענומען דעם קריסטלעכן גלויבן. דער צווייטער אָנפירער פון די עמיגראַנטן, חיים מלאך,

איז אויף אַ קליינער צייט פאַרבליבן אין ירושלים מיט אַ קליין הייפל אָנהענגער, וועלכע האָבן געהיים מתפלל געווען אויף דעם שטייגער פון די שבתי־צביניקעס. מען דערציילט, אַז חיים מלאך האָט געמאַכט אַ היל־צערנע פיגור פון שבתי צבי און פאַר איר געטאַנצט און מתפלל געווען. אים האָט מען אַרויסגעטריבן פון ירושלים, דערנאָך אויך פון קאָנסטאַנ־טינאָפּאָל און ער האָט געמוזט זיך אומקערן אַהיים, וואו ער האָט ווידער געפירט זיין פּראָפּאַגאַנדע אין גאַליציע און אין פּאָדאָליע. ער איז גע־שטאָרבן אין יאָר 1720.

נישט געקוקט אויף דער מפּלה פון די „חסידים", האָבן די פאַר־שידענע סעקטעס אין פּוילן נישט אויפגעהערט צו עקזיסטירן. אין פּאָ־דאָליע און גאַליציע האָט ווייטער געאַרבעט די געהיימע סעקטע שבתי־צביניקעס. זיי האָבן עובר געווען אויף פיל יידישע מצוות און פון תשעה־באב געמאַכט אַ יום־טוב, ווי דעם געבוירנטאָג פון שבתי צבי. די דאָזיקע סעקטע האָט אין איר קולט אַריינגעפירט אויסגעלאַסנקייט צוזאַמען מיט אַסקעטיזם. אין דער זעלבער צייט, וואָס די שבתי צביניקעס האָבן גע־פּייניקט דעם קערפּער און פאַרגאָסן טרערן אויף דעם „טרויער פון ציון", האָבן זיי זיך אויך אָפּגעגעבן צו פיל אויסגעלאַסענע מעשים. די רבנים זיינען געווען אויפגעבראַכט אויף דער דאָזיקער געפערלעכער סעקטע און ענדלעך זיך גענומען צו ענערגישע טאַטן. אין זומער 1722 איז אין לעמ־בערג פאַרגעקומען אַ צוזאַמענפאָר פון רבנים פון פאַרשידענע שטעט. דער צוזאַמענפאָר האָט ביי אַ פייערלעכער שטימונג אַריינגעלייגט אין חרם אַלע שבתי־צביניקעס, וואָס וועלן ביז אַ געוויסן טערמין נישט תשובה טאָן עפנטלעך אויף זייערע זינד. דאָס דאָזיקע מיטל האָט טיילווייז געווירקט און אייניקע האָבן עפנטלעך זיך מתוודה געווען און צוריק אָנגעהויבן זיך האַלטן אין אָפיציעלן יידנטום. אָבער דאָס רוב פון זיי זענען געבליבן פאַרעקשנט און ווייטער געהיים זיך געפירט, ווי פריער. אין דריי יאָר אַרום האָבן די רבנים געמוזט אָנקומען צו א צווייטן חרם און דאָס מאָל איז שוין אַרויפגעלייגט געוואָרן אַ חוב אויף יעדן ייד מודיע צו זיין וועגן יעדן שבתי־צביניק, וואָס היט נישט די יידישע רעליגיע. דער דאָזיקער חרם איז פונאַנדערגעשיקט געוואָרן אין אַלע געמיינדעס און געלייענט גע־וואָרן אין די שילן. אָבער אויך די דאָזיקע רדיפות האָבן נישט געקענט אינגאַנצן אויסוואָרצלען די סעקטע. אין פיל ערטער האָט די אמונה אין שבתי־צבי נאָך אַלץ געלעבט און אָנגענומען נייע פאָרמען.

## קאַפּיטל צוויי

### די נאָכווייעענישן פון דער משיח־באַוועגונג

די שבתי־צבי־באַוועגונג האָט געהאַט לאַנגע נאָכווייענישן. די מיס־טישע בייגונגען ביי יידן האָבן אָנגענומען נייע פאָרמען, דער נאָמען שבתי־צבי איז מיט דער צייט פאַרגעסן אָדער דערמאָנט געוואָרן זייער געהיים. עס איז אָבער פאַרבליבן נאָך אויף אַ לאַנגער צייט דער קולט פון אַ משיח בכלל, און פון ענדע 17־טן יאָרהונדערט און אָנהייב 18־טן זעען מיר אַלץ דיזעלבע חלומות און מיסטישע שטרעמונגען, וואָס גיסן זיך אויס אין פאַרשידענע פאָרמען. בכלל טראָגט אויף זיך יענע עפּאָכע אין דער יידישער געשיכטע אַ שטעמפּל פון אַ מין ווילדן שגעון צוזאַמען מיט א שרעקלעכער אינערלעכער בענקשאַפט, וואָס האָבן פאַרכאַפּט כמעט אַלע שיכטן פון פאָלק. פונקט ערב דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָ־לוציע, פונקט אין דער צייט, ווען אין מערב־אייראָפּע האָט שוין אָנגע־הויבן שטאַרק צו אָטעמען מיט די נייע אידעען, וואָס האָבן גערופן צו פרייהייט און נאַטירלעכקייט, האָבן ביי יידן אויפגעלעבט מיט אַ שטאַר־קער קראַפט אַלע שטימונגען און בייגונגען פונעם פינצטערן מיטלאַל־טער. דאָס יידישע פאָלק האָט דעמאָלט אויסגעזען, ווי א שיף אָן אַ רודער, געטראָגן דורך מעכטיקע כוואַליעס פון איין פונקט צום צווייטן, פון איין חלום צום אַנדערן, אָן אַ וועגווייזער, אָן אַ באַשטימטער גרויסער אידעע. צווישן די יידישע רבנים זיינען אין יענעם צייט שוין נישט געווען אַזעלכע גרויסע מענטשן מיט ליכטיקע קעפּ, וואָס זאָלן קענען דינען אַלס ביישפּיל פאַר אַנדערע. יעדער נאַרישער געדאַנק, וואָס האָט נאָר גע־פונען עפּעס אַ סמך אין אַ פּסוק אָדער אין אַן אויפגעבלאָזענער מליצה, יעדע אומלאָגישע אידעע, וואָס איז נאָר געווען געפּוצט מיט קבלה־ווער־טער און רמזים, איז אָנגענומען געוואָרן ביים פאָלק, וואָס האָט נישט געקענט לאָגיש דענקען און אַנאַלידירן. פאַרשידענע משונהדיקע מנהגים, ווי קמיעות, שפּרוכן און באַשווערונגען, האָבן זיך פאַרשפּרייט צווישן יידן אין יענער צייט און דאָס פאָלק איז נישט פעאיק געווען אָפּצוטיילן

דאָס גוטע פונעם שלעכטן. אין יידנטום האָבן זיך אַריינגעריסן פרעמדע רעליגיעזע אידעען און מנהגים. נאָר עס איז נישט געווען, ווער עס זאָל פּראָטעסטירן און צו ווען וועמענס ווערטער מען זאָל זיך שטאַרק צוהערן. דאָס איז געווען אַ צייט פון אַ פולקאָמער רעליגיעזער אַנאַרכיע, פון אַן אַלגע־מיינער פאַרבלענדעניש, און די רעזולטאַטן דערפון זיינען געווען: קנאה און שנאה צווישן איין קהלה און דער צווייטער, רדיפות און רכילות, וואָס האָבן באַשאַפן אַ באָדן פאַר פאַרשידענע שווינדלער און אַוואַנ־טוריסטן.

פון סאַלאָניקי און סמירנאַ פלעגן אָפט קומען קיין מערב־אייראָפּע פינצטערע פּערזענלעכקייטן און געהיים געפירט אַן אַגיטאַציע פאַר דער מיסטישער קבלה, אין וועלכער דער נאָמען פון שבתי־צבי איז שוין נישט דערמאָנט געוואָרן בפירוש, נאָר איז ברמז פאַרשטאַנען געוואָרן פון די „מאמינים", ווי אַ סימבאָל פון איינעם פון די געטלעכע אַטריבוטן. אין אָנהויב פון 18־טן יאָרהונדערט האָט א גרויסן טומל אַרויסגערופן איינער פון די דאָזיקע פינצטערע מיסיאָנערן, נחמיה חיון, אַ געבוירענער אין באָסניע, וואָס איז אַרומגעפאָרן איבער גאַנץ טערקיי און מערב־אייראָפּע. דאָס איז געווען איינער פון יענע טיפּישע מענטשן פון יענער עפּאָכע, אין וועלכע עס איז שווער אָפּצוטיילן, וואו עס ענדיקט זיך דער געבוי־רענער מיסטיקער און וואו עס הייבט זיך אָן דער אַוואַנטוריסט. אין דער יוגנט האָט חיון געוואוינט אין סאַראַיעוואָ, דערנאָך האָט ער פאַרנומען די שטעל פון אַ „חכם" אין איינער פון די יידישע קהילות ביי סאַלאָניקי, וואו ער האָט זיך באַקענט מיט די פאַרמאַסקירטע סאַלאָניקער סעק־טאַנטן. דאָרט האָט ער אָנגעשריבן אַ ווערק, וואו ער האָט אַנטוויקלט דעם געדאַנק וועגן דער דרייאייניקייט: סבה ראשונה, אבא קדישא, שכינה (די ערשטע אורזאַך, דער הייליקער פאָטער און דער הייליקער גייסט). אונטער „אבא קדישא" האָבן די סעקטאַנטן פאַרשטאַנען שבתי־צבי, נאָר אָפן האָט מען דאָס נישט אַרויסגעזאָגט און בלויז די נאָענטע האָבן וועגן דעם געוואוסט. דאַן האָט נחמיה חיון זיך געלאָזט אין וועג אריין; ער איז פריער געווען אין איטאַליע, אויסגעבעטן ביי אייניקע אַנגעזעענע רבנים אַ הסכמה אויף זיין ווערק און דערנאָך איז ער אַוועק קיין פּראָג, ווין, בערלין. אין בערלין האָט ער אָפּגעדרוקט זיין ספר „מהימנותא דכור־לא", וואו דער טעקסט איז געווען געשריבן אין נאָמען פון אַן אַנאָנימען

מקובל און צום טעקסט זיינען געווען צוגעגעבן פירושים פון נחמיה חיון. פון בערלין איז חיון אָפּגעפאָרן קיין אַמסטערדאַם, דער צענטער פון דע־מאָלטדיקן יידנטום.

אין דער שפּיץ פון דער אַמסטערדאַמער ספרדישער געמיינדע איז דעמאָלט געשטאַנען ר׳ שלמה איילאָן, וועלכער האָט אין דער יוגנט גע־גלויבט אין די טרוימערייען פון שבתי־צבי און דערנאָך, אין די עלטערע יאָרן, זיך אָפּגעזאָגט פון זיין פריערדיקער אמונה. ווען חיון איז געקו־מען צום רב ר׳ שלמה איילאָן, וואָס האָט, וואַרשיינלעך, אויך איצט גע־היים סימפּאַטיזירט מיט די מיסטישע חלומות, האָט ער ביים רב געפונען שטיצע. דאָס האָט אויפגעבראַכט דעם רב פון דער אשכנזישער געמיינדע, ר׳ צבי אשכנזי, וואָס איז מער באַוואוסט מיט דעם נאָמען „חכם צבי״. דער חכם צבי איז געווען אַ געבוירענער פון פוילן און איז פון פוילן אַנט־לאָפן בעת דעם קאָזאַקן־אויפשטאַנד, ווען ער און זיין גאַנצע פאַמיליע זיינען שיער נישט אומגעקומען. ער האָט זיינע יונגע יאָרן פאַרבראַכט אין אָפען, דערנאָך אין באָסניע און אין אַלטאָנאַ, וואו ער האָט באַקומען אַ גרויסן נאָמען ווי אַ גאון און שטרענגער היטער פון יידישן געזעץ. ווען דער חכם צבי איז אויסגעקליבן געוואָרן פאַר אַ רב פון דער אשכנ־זישער געמיינדע אין אַמסטערדאַם, האָט ער באַלד געהאַט אַ צוזאַמענשטויס מיט ר׳ שלמה איילאָן, ווייל צווישן די ספרדים און אשכנזים האָבן שוין לאַנג געהערשט שטענדיקע סכסוכים און אויך דערפאַר, ווייל דער חכם צבי, ווי אַ שונא פון דער קבלה, האָט פערזענלעך נישט געקענט דורכ־קומען מיט דעם מקובל ר׳ שלמה איילאָן. דאָס אָנקומען פון נחמיה חיון האָט אָט די סכסוכים נאָך פאַרשאַרפט און געדינט ווי אַ סיגנאַל צו אַ מלחמה. ווען ער האָט זיך דערוואוסט וועגן דעם כבוד, וואָס די ספרדים האָבן אָפּגעגעבן נחמיה חיון, איז דער חכם צבי געוואָרן זייער אויפגע־בראַכט. צום חכם צבי איז צוגעשטאַנען דער אָנגעזעענער געלערנטער ר׳ משה חגית, וואָס איז פון לאַנג געווען פאַרביטערט קעגן דער שבתי־צבי־באַוועגונג און קעגן יעדן מין מיסטיציזם בכלל.ביידע געלערנטע האָבן איבערגעקוקט דאָס ווערק פון חיון און זיינען געקומען צו דער איבערציי־גונג, אַז די אידייע וועגן דער דרייאייניקייט איז קעגן דעם יסוד פון דער יידישער אמונה, וואָס אנערקענט נאָר איין גאָט, און אַז אויסערדעם איז אין דעם ווערק, אין אַ פאַרמאַסקירטער פאָרם, דורכגעפירט דער געדאַנק

וועגן דער געטלעכקייט פון שבתי־צבין. דערביי איז אויך פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז דער אַנאָנימער טעקסט פון ווערק איז נישט מער ,ווי אַ קאָפּיע פון אַ כתב־יד פון שבתי־צבי אַליין. אויף דעם גרונט האָט דער חכם צבי און ר׳ משה חגית אַריינגעלייגט אין חרם דעם מחבר פון ווערק נחמיה חיון און דאָס ווערק אַליין פאַרמשפּט צום פאַרברענען. דאָס האָט אויפגעבראַכט די ספרדים, וועלכע האָבן דערקלערט, אַז אַ באַזונדער קאָמיסיע פון געלערטע, וואָס האָבן באַטראַכט דאָס ווערק פון חיון, האָבן דאָרט נישט געפונען קיין שום אַפּיקורסות. אין דער ספרדישער שול האָט מען אויף להכעיס באַערט נחמיה חיון און דערקלערט אַ קאָנטער־חרם קעגן חכם צבי און רב משה חגית. דעם לעצטן האָבן די ספרדים אפילו פאַרמסרט פאַר דער מאַכט. לאַנג האָבן זיך געצויגן די סכסוכים צווישן די ביידע לאַגערן און געענדיקט האָט זיך די גרויסע מחלוקת דערמיט, וואָס ר׳ משה חגית האָט געמוזט אָפּפאָרן קיין אַלטאָנאַ, און דער חכם צבי איז געווען געצוואונגען צו פאַרלאָזן זיין שטעל און אָפּפאָרן קיין פוילן, וואו ער האָט שפּעטער פאַרנומען די שטעל פון אַ רב אין לעמבערג (ער איז געשטאָרבן אין 1718). דעם נצחון האָט אָבער חיון נישט געקענט אויף לאַנג אויסנוצן, ווייל סוף כל סוף זיינען קעגן אים אַרויסגעטראָטן די רבנים פון אַנדערע לענדער און אים אַריינגעלייגט אין חרם. דער אַוואַנטוריסט חיון האָט געמוזט וואַנדערן פון שטאָט צו שטאָט און אין ערגעץ נישט געפונען קיין רו. אין עסטרייך האָט ער זיך באַקלאָגט פאַר דער מאַכט, אַז די יידן רודפן אים פאַר זיין געדאַנק וועגן דער דרייאייניקייט, וואָס וואָלט געקאָנט מקרב זיין דאָס יידנטום צום קריסטנטום. שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז פון דער דרייאייניקייט פון די מיסטיקער ביז דער קריסטלעכער קירך איז ווירקלעך נישט ווייט. שוין דער זון פון נחמיה חיון האָט זיך געשמדט אין רוים און שפּעטער פלייסיק געשיקט מסירות אויף יידן פאַר דער אינקוויזיציע.

פונקט ווי דעם חכם צבי, אַזוי איז אויך באַשערט געווען זיין זון ר׳ יעקב עמדין (יעב״ץ, 1697־1776) צו פירן אין זיין לעבן אַ האַרטן קאַמף קעגן די רעשטן פון די שבתי־צביניקעס און שטיין אין מיטן דער גרויסער מחלוקת, וואָס האָט ווי אַ פייער אַרומגעכאַפּט פיל יידישע שטעט.

ר׳ יעקב עמדין איז געבוירן געוואָרן און פאַרבראַכט דעם גרעסטן טייל פון זיין לעבן אין אַלטאָנאַ, ביי האַמבורג. אַ קורצע צייט האָט ער

פאַרנומען די שטעל פון אַ רב אין דער שטאָט עמדען. בטבע איז ער געווען אַ גרויסן קפדן, אַ שטרענגען מענטש, ליב געהאַט איינזאַמקייט און דע־ריבער געהאט ווייניק גוטע פריינד. ער איז דעריבער נישט געווען מסוגל צו פאַרנעמען אַ געזעלשאַפטלעכע שטעלע, און פון 1730־טן יאָר אָן האָט ער כסדר געוואוינט אין אַלטאָנאַ ווי אַ פּריוואַטער געלערנטער און זיך פאַר־נומען מיט האַנדל, מיט דרוק־זאַכן און מיט שרייבן אייגענע ווערק. ווען אין דער לופטן האָט ווידער אָנגעהויבן שמעקן מיט מיסטיציזם, האָט דער שטרענגער טעמפּעראַמענט פון ר׳ יעקב עמדין אויפגעפלאַקערט און ער איז אַרויסגעטראָטן ווי אַ קאַמפּס־מענטש. דער הויפּט־קרבן פון זיין בייזער פע־דער איז געוואָרן דער באַרימטסטער גאון פון יענער צייט, ר׳ יהונתן איי־בעשיץ (ר׳ יהונתל פּרעגער).

ר׳ יהונתן אייבעשיץ (1690־1764) איז געווען דער גאון פון בעהמען און מעהרען. צו איין און צוואַנציק יאָר איז ער שוין געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דער ישיבה אין פּראָג, פון וועלכער עס זיינען אַרויסגעקומען הונ־דערטער קאַנדידאַטן אויף רבנים. ער איז אויך געווען אַ גוטער דרשן און מיט זיינע דרשות אין שול פלעגט ער באַצויבערן די צוהערער און זיך דערוואָרבן פיל פריינד, אפילו צווישן קריסטן. ווי דאָס רוב מענטשן פון יענער צייט, האָט אויך ר׳ יהונתן זיך פאַרנומען מיט קבלה. מען רעכנט, אַז אין דער יוגנט האָט ער זיך אויך געדרייט צווישן די געהיימע שבתי־צביניקעס, וואו עס האָבן געפירט אַ פּראָפּאַגאַנדע חיון און אַנדערע אַוואַנ־טוריסטן, און פון יענער צייט איז ביי ר׳ יהונתן פאַרבליבן אַ פאַרבאָרגענע סימפּאַטיע צו קבלה. אין 1742 איז ר׳ יהונתן איינגעלאַדן געוואָרן ווי אַ רב קיין מעץ, וואָס האָט געהערט צו פראַנקרייך. אין עטלעכע יאָר אַרום האָט ר׳ יהונתן פאַרנומען אַ גרעסערע שטעל ווי הויפּט־ראַבינער פון די דריי פאַראייניקטע געמיינדעס פון דייטשלאַנד — אַלטאָנאַ, האַמבורג און וואַנדס־בעק. דאָרט, אין אַלטאָנאַ, האָט ער זיך צוזאַמענגעשטויסן מיט דעם שטרענגען ר׳ יעקב עמדין און פון דעמאָלט אָן האָבן זיך אָנגעהויבן די גרויסע רדיפות אויף אים.

ווי אַן אָנהענגער פון דער פּראַקטישער קבלה, האָט ר׳ יהונתן געגלויבט, אַז דורך פאַרשידענע שפּרוכן און באַשווערונגען קען מען אַרויסטרייבן „דבוקים״ און אויסהיילן קראַנקע. דעריבער, ווען אין אַל־טאָנאַ האָט זיך אַנטוויקלט אַן עפּידעמיע, פון וועלכער עס פלעגן אויס־

שטאַרבן קינפּעטאָרנס, האָט ר׳ יהונתן אָנגעהויבן העלפן די ווייבער, וואָס זיינען געקומען צו אים נאָך הילף, דורך קמיעות, אין וועלכע עס איז געווען אַריינגעלייגט אַ שטיקל פּאַרמעט מיט פאַרשידענע אומקלאָרע אויפשריפטן אין גייסט פון דער קבלה. אַזעלכע קמיעות פלעגט ער אַרויסגעבן נאָך פריער, ווען ער איז געווען אין מעץ און פראַנקפורט. פון דאָרט האָט מען געגעבן צו וויסן קיין אַלטאָנאַ, אַז די קמיעות פון ר׳ יהונתן דערוועקן עפּעס אַ צווייפל. עס האָבן זיך געפונען נייגעריקע, וואָס האָבן געעפנט איינע פון די קמיעות, וואָס ר׳ יהונתן האָט אַרויס־געגעבן, און דורך פאַנאַנדערנעמען דעם טעקסט מיט פאַרשידענע קאָמבי־נאַציעס האָט מען פון דאָרטן אַרויסגעלייענט בזה הלשון: „אין נאָמען פון יהוה דעם גאָט פון ישראל, וואָס רוט אין דער פּראַכט פון זיין מאַכט... דער גאָט פון זיין משיח שבתי־צבי, וואָס איז פאַר אונדז אַ היילונג געווען און וואָס מיטן אָטעם פון זיין מויל דערהרגעט ער דעם רשע... בין איך גוזר אויף אַלע שלעכטע רוחות... אַז זיי זאָלן נישט שלעכטס טאָן דער טרעגערין פון דער קמיע״... כאָטש עס איז אַ גרויסער ספק, צי דער טעקסט פון דער קמיע איז ריכטיק דעשיפרירט געוואָרן, נאָר דערווייל האָט דאָס געמאַכט אַ גרויסן איינדרוק, און ר׳ יעקב עמדין, וואָס האָט קיין מאָל נישט געוואָלט וויסן פון פשרות, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן שטרענגען אמת, האָט עפנטלעך אין שול באַשולדיקט דעם רב ר׳ יהונתן, אַז ער געהערט צו דער געהיימער סעקטע שבתי־צביניקעס. ר׳ יהונתן האָט צונויפגערופן אַ גרויסע פאַרזאַמלונג אין שול און עפנטלעך פאַר אַלע געגעבן אַ שבועה, אַז ער האָט קיין שייכות נישט צו קיין געהיימער סעקטע. אויסערדעם האָט ער געפאָדערט פון זיינע תלמידים און אָנהענגער, אַז זיי זאָלן זיך אָננעמען פאַר דעם כבוד פון דער תורה און אַרויסטרעטן צו פאַרטיידיקן זייער באַליידיקטן לערער. פון דאַן אָן האָט זיך אָנגעהויבן אַ פאַרביטערטער קאַמף צווישן די אָנהענגער פון ר׳ יעקב עמדין און פון ר׳ יהונתן אייבעשיץ.

די פאַרשטייער פון די דריי פאַראייניקטע געמיינדעס, וואו ר׳ יהונתן איז געווען רב, האָבן זיך אָנגענומען פאַר זייער גייסטיקן פירער און געדראָט מיט אַ חרם קעגן די רכילותניקעס. ר׳ יעקבן האָט מען אָנ־געהויבן שטאַרק רודפן און ער האָט אַפילו אויף אַ געוויסער צייט געמוזט פאַרלאָזן אַלטאָנאַ, אָבער דורך דעם איז ער אַריין אין נאָך אַ גרעסערן

צאָרן און אָנגעהויבן אַגיטירן קעגן זיין קעגנער דורך שאַרפע פּאַמפלעטן, וועלכע ער האָט אָפּגעדרוקט פריער אין אַמסטערדאַם און דערנאָך אין אַלטאָנאַ, אין זיין אייגענער דרוקעריי („תורת הקנאות", „שפת אמת"). אין די ווערק זיינע האָט ער אַרויסגעשטעלט ר' יהונתן אַלס פּאַרטרע־טער פון שבתי־צבי און אים באַשולדיקט אין פיל פאַרברעכנס. אַ דאַנק די פּאַמפלעטן זיינען אייניקע גרויסע רבנים צוגעשטאַנען צו ר' יעקב עמדין און אריינגעלייגט אין חרם די אַנהענגער פון ר' יהונתן. דער קאַמף האָט זיך אויף אַזאַ אופן נאָך מער פאַנאַנדערגעפלאַקערט; אין אים זיי־נען אריינגעצויגן געוואָרן אויך די רבנים פון פוילן, פון וועלכע די מער־הייט, ווי למשל, די מיטגלידער פון „ועד ארבע ארצות", זיינען דאַן געווען אויף דער זייט פון ר' יהונתן. אין 1755 האָט ר' יהונתן פאַרעפנט־לעכט אַ ספר, אין וועלכן ער האָט זיך פאַרטיידיקט פון די באַשולדיקונגען און געבראַכט די מיינונגען פון פיל אַנגעזעענע רבנים, וואָס זיינען גע־שטאַנען אויף זיין זייט. דאָס האָט אַרויסגערופן נאָך אַ שאַרפערן ענט־פער פון ר' יעקב עמדין. כמעט די גאַנצע יידישע וועלט האָט זיך פאַנאַנ־דערגעטיילט אויף צוויי לאַגערן: אַנהענגער פון ר' יהונתן און קעגנער זיינע. די גרויסע מחלוקת איז אפילו דערגאַנגען צום האַמבורגער סענאַט, צום דענישן קעניג און אַרויסגערופן אַ טומל אין דער דייטשער פּרעסע. די קריסטלעכע וועלט איז געשטאַנען און זיך געוואונדערט: וואָס קומט דאָ אַזעלכעס פאָר? דער פּראָפעסאָר פון טעאָלאָגיע מעגערלין האָט דערקלערט דעם דענישן קעניג, אַז אייבעשיץ פילט אין האַרצן די דאָגמען פון דער קריסטלעכער רעליגיע און דעריבער פאַרדינט ער, מען זאָל אים שיצן. אַ דאַנק דער באַשיצונג פון די קריסטן איז ר' יהונתן פאַרבליבן אויף זיין שטעל ביזן טויט. ר' יעקב עמדין האָט אים איבערגעלעבט אויף 10 יאָר און אויך נאָכן טויט פון קעגנער האָט ער נישט אויפגעהערט צו באַליידיקן זיין אָנדענק דורך שאַרפע פּאַמפלעטן. אַזוי ווי ער איז געווען אויפגעבראַכט קעגן דער גאַנצער משיח־באַוועגונג בכלל, האָט ר' יעקב עמדין געזוכט די קוועלן פון דער דאָזיקער באַוועגונג און ער האָט גע־פונען, אַז שולדיק אין אַלץ איז דער „זהר". און אָט, ביי זיין גאַנצער שטרענגער פרומקייט, האָט ר' יעקב עמדין געהאַט די דרייסטקייט אָפן צו דערקלערן אין זיין ווערק „מטפחת ספרים", אַז אַ גרויסער טייל פון הייליקן „זהר" איז נישט מער ווי געפעלשטע ליטעראַטור, וואָס מען

האָט בכיוון אַרויסגעשטעלט ווי די שאַפונג פון ר׳ שמעון בן יוחאי, און אַז אין „זהר״ געפינען זיך פיל אידעען, וואָס זיינען קעגן גייסט פון יידנטום. אין דער דאָזיקער דרייסטער דערקלערונג, אין דעם אָפענעם קאַמף צווישן דער קבלה און דעם רבניזם, הערט זיך שוין די שטים פון אַ נייער עפּאָכע, פון אַ קולטורעלער באַנייאונג אין יידישן לעבן.

נאָר דערווייל איז נאָך נישט פאַרניכטעט געוואָרן דער קוואַל, פון וועלכן עס האָבן געשעפּט די פאַרשידענע טרוימער און מיסטיקער און וואָס האָט געבראַכט צו אַזוי פיל נישט־דערפילטע האָפענונגען און טרויע־ריקע רעזולטאַטן. פון דור צו דור זיינען אויפגעשטאַנען נייע טרוימער און נייע שווינדלער, וואָס האָבן געפונען פאַר זיך פיל אַנהענגער, און עס האָט געמוזט פאַריבער אַ צייט ביז מען האָט אָנגעהויבן פאַרשטיין, אַז מען מוז איינמאָל פאַר אַלע מאָל מאַכן אַ סוף צו דער גאַנצער משיח־קבלה, דערווייל איז נאָך די רפואה נישט געקומען און די עפּידעמיע פון טרוימעריי האָט אַרויסגערופן אַלץ מער קרבנות. איינער פון זיי איז געווען דער דיכטער משה חיים לוצאַטאָ, וועמענס לעבן עס קען דינען ווי אַ טעמע פאַר אַ טראַגישער דראַמע.

משה חיים לוצאַטאָ איז געבוירן געוואָרן אין פּאַדואַ אין יאָר 1707, ביי אַ רייכער יידישער פאַמיליע פון ספרדים. ער האָט באַקומען אַ דער־ציאונג, וואָס איז אין יענעם דור געווען אַ זעלטנהייט. צוזאַמען מיט דער ביבל און תלמוד האָט ער אויך געלערנט אַלגעמיינע וויסנשאַפטן. אַזוי ווי ער האָט געקענט לאַטייניש און איטאַליעניש, האָט לוצאַטאָ גע־האָט אַ פרייען וועג צו די אַלטע און נייע ליטעראַטורן. נאָך גאָר אין די יונגע יאָרן האָט ער אַרויסגעוויזן אַ פּאָעטישן טאַלאַנט און געשריבן גע־דיכטן אויף פאַרשידענע טעמעס, אין אַ שיינער ביבלישער שפּראַך. אוי־סערדעם האָט ער פאַרפאַסט אַ קורצן לערבוך וועגן סטיליסטיק „לשון למודים״. סיי אין פּראָזע, סיי אין פּאָעזיע האָט לוצאַטאָ אַרויסגעוויזן אַ שיינעם געשמאַק, אַ זעלטן־שיינעם סטיל, — זאַכן, וואָס זיינען פאַר דעם שווערן און געשמאַקלאָזן סטיל פון יענער עפּאָכע געווען אַ זעלטענע דער־שיינונג. צו 20 יאָר האָט ער שוין אָנגעשריבן זיין אידילישע דראַמע „מגדל עוז״, וואו עס ווערט באַזונגען די ריינע ליבע. דאָס דאָזיקע ווערק איז פאַר יענער צייט געווען אַן אומגעוויינלעכע דערשיינונג, לויט זיין סטיל און אינהאַלט.

וואָלט לוצאַטאָ ווייטער געגאַנגען אויף דעם וועג, וואָלט ער אפשר געוואָרן דער רעפאָרמאַטאָר פון דער יידישער ליטעראַטור און אַרויסגע־רופן אַ נייע עפּאָכע. אָבער ער איז געווען אַ זון פון זיין דור, געגאַנגען אין וועג פון דער מיסטיק, און דאָ הויבט זיך אָן זיין טראַגעדיע. ווען ער האָט געלערנט דעם ,,זהר" מיט די פירושים פון אר"י, האָט לוצאַטאָ באַוויזן אַ קונץ, וואָס איז געווען כמעט אומגלויבלעך: ער האָט נאָכגעמאַכט דעם אייגנטימלעכן אָריגינעלן סטיל פון ,,זהר" און דאָס האָט אין אים אליין אַרויסגערופן אַ מיסטישע התלהבות. ער האָט אָנגעהויבן רופן זיין ווערק ,,דער צווייטער זהר" און זיך איינגערעדט, אַז נישט ער אליין, מיט זיין אייגענעם שכל, שרייבט דאָס ווערק, נאָר עפּעס אַ נבואה פון אויבן דיקטירט אים דאָס, עפּעס אַ ,,מגיד" אָדער א מלאך קומט אַלע נאַכט און זאָגט אים, וואָס צו שרייבן. וואָס מער ער האָט זיך פאַרטיפט אין די מיס־טישע סודות, אַלץ מער האָט ער אָנגעהויבן גלייבן, אַז אים שטייט פאָר צו מאַכן דער וועלט עפּעס אַ וויכטיקע אַנטדעקונג. אין 1729 האָט ער זיין סוד פאַרטרויט פאַר די חברים זיינע, וואָס האָבן צוזאַמען מיט אים דער־לערנט די קבלה, און יענע זיינען געוואָרן ענטוזיאַסטישע אָנהענגער פון זיין געטלעכקייט. איינער פון די חברים, יקותיאל גאָרדאָן פון ליטע, וואָס איז געקומען קיין פּאַדואָ אריינצוטרעטן אין אוניווערזיטעט, נאָר דערנאָך פאַרלאָזט די וויסנשאַפט צוליב דער קבלה, איז געווען אויף אַזוי פיל אומפאָרזיכטיק, אַז ער האָט אין אַ בריוו אהיים מודיע געווען, אַז לוצאַטאָ איז אַ געטלעכער מאַן, אַז ער זעט ביינאַכט נבואות, אַז אליהו הנביא אליין קומט אים אַנטדעקן די סודות פון דער קבלה און אַז בכלל איז לו־צאַטאָ אַן אומגעוויינלעכער מענטש. פונקט האָט זיך דערוואוסט וועגן אינהאַלט פון בריוו דער אויבנדערמאָנטער ר' משה חגית, וואָס האָט גע־פירט אַ פאַרביטערטן קאַמף קעגן אַלע מיסטיקער, און ער האָט אויפ־געהויבן אַ ליאַרעם. עס האָבן אָנגעהויבן פליען בריוו צו די איטאַליע־נישע און דייטשע רבנים, וועלכע ר' משה חגית האָט פאָרגעלייגט באַ־צייטנס אויסצוואָרצלען די אפּיקורסות און אריינלייגן לוצאַטאָן אין חרם אריין, אָדער אים צווינגען זיך אָפּצוזאָגן פון זיינע געדאַנקען. נאָך לאַנגע בקשות און דראָאונגען מצד די רבנים האָט לוצאַטאָ געגעבן אַ שבועה, אַז ער וועט מער נישט פירן קיין מיסטישע פראָפּאַגאַנדע און וועט אויף ווייטער מער גאָרנישט שרייבן וועגן קבלה.

אין גיכן האָט ער אָבער געמוזט ברעכן זיין שבועה. ער האָט ווי־דער אָנגעהויבן שרייבן וועגן קבלה און אָנגעהויבן צוגרייטן עטלעכע מאַ־נוסקריפּטן צום דרוק. דעמאָלט האָבן די וועגעדיקער רבנים ארייננעלייגט לוצאַטאָן אין חרם און זיינע ווערק פאַרמשפּט צו פאַרברענען (1734). דער טעקסט פון חרם איז איבערגעלייענט געוואָרן אין די שולן און פאַ־נאַנדערגעשיקט געוואָרן אין די געמיינדעס פון דייטשלאַנד, האָלאַנד און פוילן. לוצאַטאָ האָט מער נישט געקענט פארבלייבן אין איטאַליע און ער איז אַוועק קיין אַמסטערדאַם. אויפן וועג איז ער אַריינגעפאָרן קיין פראַנק־פורט. די דאָרטיקע רבנים האָבן זיך דערוואוסט וועגן זיין קומען און האָבן אים געצוואונגען צו געבן אַ הבטחה, אַז ער וועט מער נישט לער־נען קיין קבלה, נישט שריפטלעך און נישט מינדלעך, מיט מענטשן, וואָס זיינען יונגער פון 40 יאָר. ערשט אין אַמסטערדאַם האָט דער אומגליק־לעכער וואַנדערער געפונען רו אויף אַ צייט. דאָרט האָט ער געפונען פריינד און מעצענאַטן, וואָס האָבן זייער געשעצט זיין פּאָעטישן טאַלאַנט און אים געשטיצט. דאָרט האָט ער אויך אָנגעשריבן זיין בעסט ווערק „לישרים תהלה", אַן אַלעגאָרישע דראַמע. ער האָט אָבער ווידער נישט געהאַלטן וואָרט, ווייטער געשריבן וועגן קבלה און פאַרגעזעצט די באַצי־אונגען מיט זיינע אַנהענגער. שפּעטער האָט אים אָנגעהויבן ציען קיין ארץ ישראל, אין געבורטסלאַנד פון אר"י און די איבעריקע מיסטיקער. לוצאַטאָ איז אַוועק אַהין. אָבער נאָך איידער ער האָט דערגרייכט זיין ציל, האָט אים דער טויט אַוועקגענומען. ער איז געשטאָרבן פון דער דזשומאַ אין 1747, 40 יאָר אַלט, און איז באַגראָבן געוואָרן אין טבריה.

אין זיינע פיל קבלה־ווערק („פּתחי חכמה", „מאמר החכמה", „חוקר ומקובל" און אַנדערע), האָט לוצאַטאָ אַריינגעטראָגן אַ קלאָרע פּי־לאָזאָפישע סכעמע און אַ באַשטימטע מעטאָדע, פון וועלכע אַנדערע מקובלים זיינען געווען אינגאַנצן פרעמד. אויך זיינע איבעריקע ווערק וועגן מאָראַל און פון יידנטום („מסלת ישרים"), וועגן תלמוד און אגדה („דרך תבונות") זיינען אָנגעשריבן מיט דער קלאָרער שפּראַך פון דער משנה, אין אַ זעלטן־שיינעם סטיל.

---

אויך אין פוילן, וואו עס האָבן געאַרבעט אַזעלכע אַגיטאַטאָרן, ווי חיים מלאך, האָט די שבתי־צבי־באַוועגונג געלאָזט טיפע וואָרצלען און

קיין חרם פון די רבנים, קיינע רדיפות זיינען נישט געווען אימשטאַנד אויסצואוואָרצלען די רעשטן פון דער באַוועגונג. מיט די רדיפות האָט מען דערגרייכט נאָר דאָס, אַז די פאַנאַטישע מיסטיקער האָבן געמוזט לעבן פאַרבאָרגן און פאַרמאַסקירט, אָבער געהיים האָבן זיי נאָך פלייסיקער, ווי פריער, געטאָן זייערס, זיך פאַרטיפט אין די מיסטעריעס און געלעבט אין אויסגעלאסנקייט. די בתי־מדרשים זיינען געווען פול מיט געהיימע שבתי־צביניקעס, וואָס האָבן נישט געהאלטן פון תורה און מצוות און אונטער דער מאַסקע פון חסידות און קבלה אָפגעטאָן מיאוסע מעשים. די צאָל פון די פאַרמאַסקירטע מיסטיקער איז געווען גרויס און זיי האָט נאָר געפעלט אַן אָנפירער, וואָס זאָל זיי פאַראייניקן, צוגעבן מוט און ווייזן אַ וועג צו אַן אָפענער טעטיקייט. אַזאַ מענטש האָט זיך געפונען און דאָן איז פון דער סעקטע פאַרבאָרגענע און צעשטרייטע שבתי־צביניקעס געוואָרן אַ באַוועגונג. עס האָט זיך ווידער אָנגעהויבן טומלען אין דער יידישער וועלט און ווידער האָט די באַוועגונג זיך געענדיקט מיט אַ שרעקלעכער פאַרצווייפלונג. דער אָנפירער פון דער דאָזיקער סעקטע, מיט וועלכער עס האָט זיך געענדיקט די משיח־באַוועגונג איז געווען **י ע ק ב פ ר אַ נ ק**.

יעקב פראַנק איז פון די יונגע יאָרן אָן געוואַקסן אין אַן אַטמאָספער פון פוסטער פאַנטאַזיע, צעלאָזנקייט און אָבערגלויבן. ער איז געבוירן געוואָרן אַרום 1726 אין אַ שטעטל אין גאַליציע. זיין פאָטער יעקב לייב איז געווען אַ רב אָדער אַ דרשן און איז פאָרן געהערן צו דער געהיימער סעקטע פון די שבתי־צביניקעס אַרויסגעטריבן געוואָרן פון שטעטל און זיך באַזעצט אין וואַלאַכיע. יעקב איז דאָרט געוואָרן אַ משרת ביי אַ יידישן סוחר און פלעגט אָפט אַריינפאָרן מיט סחורה קיין טערקיי, וואו ער האָט באַקומען זיין צונאָמען (פראַנק — פרענק, אַזוי רופט מען אין טערקיי אַלע, וואָס קומען פון אייראָפּע). אין סאַלאָניקי האָט יעקב פראַנק זיך באַקאַנט מיט די איבערגעבליבענע סעקטעס פון שבתי־צביס אָנהענגער און גלייך איבערגענומען זייער תורה. הגם ער איז אין תלמוד געווען אַ פולקאָמער עם־הארץ, האָט ער דאָך באַלד אויסגעלערנט די תורה פון דער קבלה, באַזונדערס די אמונה אין גלגולים, ד״ה, אַז די נשמה פון משיח ווערט יעדן דור מגולגל אין פאַרשידענע מענטשן. ווי אַ געבוירענער אַוואַנטוריסט, וואָס האָט נאָך פון די קינדער יאָרן שוין געטרוימט וועגן גרויסע

שווינדלערייען, איז די דאָזיקע אמונה אין גלגול געווען זייער גינסטיק פאַר אים, ווייל אויב אין דוד המלך, אליהו הנביא, מאכמעד, קריסטוס, שבתי־צבי און זיינע נאָכפאָלגער האָט געלעבט די נשמה פון משיחן, פאַר־וואָס זאָל זי אויך נישט מגולגל ווערן אין אים, יעקב פראַנקן? פראַנק האָט באַשלאָסן איין מאָל פאַר אַלע מאָל, אַז ער מוז ווערן „אַ גרויסער" מענטש און שטיין אין דער שפּיץ פון אַ גרויסער באַוועגונג. די אומ־שטענדן האָבן אים מיטגעהאָלפן צו דערגרייכן זיין ציל.. ער האָט חתונה געהאַט מיט זייער אַ שיינער פרוי פון בולגאַריע און אַ דאַנק איר האָט ער צוגעצויגן צו זיך פיל אָנהענגער. אין אַ קליינער צייט אַרום האָט ער שוין געהאַט אַרום זיך אַ גאַנצע באַנדע פון פּוסטע טרוימער און אויסגעלאַסענע מענטשן, וואָס האָבן געגלויבט, אָדער זיך געמאַכט גלויבן, אַז פראַנק איז אַ הייליקער מענטש און אַז אין אים לעבט די נשמה פון משיחן.

ווי עס ווייזט אויס, האָט פראַנק זיך דערוואוסט וועגן דער מחלוקת אין פּוילן און וועגן די סכסוכים צווישן ר' יעקב עמדין און ר' יהונתן אייבעשיץ און ער האָט באַשלאָסן, אַז איצט איז די צייט פאַר אים זייער גינסטיק, אַז איצט וועט ער קענען צונויפזאַמלען אַרום זיך די פאַר־באָרגענע שבתי־צביניקעס און ווערן זייער אָנפירער. ער איז אַוועק קיין פּוילן, אַרומגערייזט איבער פיל שטעט און זיך באַקאַנט מיט די רעשטן פון דער משיח באַוועגונג. פראַנק האָט פאַר די פאַרבאָרגענע סעקטאַנטן אַנטדעקט דעם סוד, אַז ער איז דער משיח און אויף אים רוט די קדושה פון שבתי־צבי. ער האָט אָפן דערקלערט, אַז דער צווייטער פון דער דריי־איינינקייט, מלכא קדישא, אָדער ווי די סאַלאָניקער מיסטיקער פלעגן זיך אויסדריקן: „סאַנטאָ סעניאָר" (הייליקער פאָטער), איז ע ר. פון דע־מאָלט אָן פלעגן אים זיינע אָנהענגער רופן מיט דעם דאָזיקן נאָמען. אויף דער שפּראַך פון „זהר" און אין דעם נוסח פון די שבתי־צביניקעס האָבן פראַנקס אָנהענגער געשאַפן פאַר אים אַ „יהי רצון", ווי פאַר אַ געט־לעכער פּערזאָן. אויב די פראַנקיסטן האָבן געהאַט עפּעס באַוואוסטזיניקע אויפגאַבע פאַר זיך, איז דאָס געווען: פאַרטיליקן דעם תלמוד און אינגאַנצן אים אויסוואָרצלען פון דער וועלט. דעם אָרט פון תלמוד דאַרף ביי יידן פאַרנעמען דער „זהר", וואָס איז ביי די פראַנקיסטן געווען הייליקער פון אַלץ. נישט אומזיסט האָט מען זיי טאַקע גערופן „זהריסטן" אָדער „קאָנ־טראַ־תלמודיסטן". מיט אַ פאַרביסענער עקשנות האָבן די פראַנקיסטן זיך

באַמיט עובר צו זיין אויף אַלע מצוות, וואָס עקזיסטירן ביי יידן לויטן תלמוד. נישט בלויז אין די ענינים פון איסור און היתר, נאָר אויך אין די דינים פון צניעות און מאַן־און־ווייב־לעבן האָבן זיי אויף להכעיס אָפּגעטאָן אַלע מעשים, וועלכע דער תלמוד פאַרבאָט, און די אַלטע יידישע פאַמיליע־ריינקייט איז דורך זיי אָפן צעשטערט געוואָרן. צווישן די פראַנ־קיסטן האָבן זיך געפונען אויך פיל רבנים און דרשנים. אַ בכבודיקן אָרט אין דער דאָזיקער חברה האָט פאַרנומען אלישע שור, אַן אַלטער ייד, אַן אייניקל פון גאונים. ער, זיינע זין און זיין טאָכטער חיה, וואָס האָט גע־קענט אויסנווייניק דעם „זהר" און איז גערעכנט געוואָרן פאַר אַ נביאה ביי די פראַנקיסטן, — זיינען געוואָרן פאַרברענטע אָנהענגער פון יעקב פראַנק און דאָס גרעסטע פאַרגעניגן פאַר זיי איז געוואָרן עובר צו זיין אויף די מצוות פון תלמוד און אים מבזה זיין.

די ערשטע צייט האָט יעקב פראַנק מורא געהאַט אַרויסצוטרעטן אָפן, און ער מיט זיין קאָמפּאַניע פלעגן מתפלל זיין און אָפּטאָן זייערע מיסטישע מעשים בשתיקה. נאָר איין מאָל האָט מען זיי אַנטדעקט. דאָס איז געווען בעת אַ יריד אין אַ שטעטל. דער עולם יידן האָט באַמערקט, אַז ביי איינעם אַ בעל־אכסניא זיצט אַ קאָמפּאַניע יידן ביי פאַרשלאָסענע טירן און זיינען זיך עוסק אין פאַרבאָרגענע מעשים. מען האָט אויפגעריסן די טיר און זיי אַנטדעקט. וואָס האָבן די פראַנקיסטן דאָרט געטאָן? זיי אליין האָבן געזאָגט, אַז זיי האָבן נאָר געזונגען שירים אין דער שפּראַך פון „זהר", אָבער אַנדערע האָבן פאַרזיכערט, אַז זיי האָבן געטאַנצט אַרום אַ נאַקעטער פרוי און זי געקושט. עס איז געוואָרן אַ גרויסער ליאַרעם און מען איז אַוועק צו דער פּאָליציי, וועלכער מען האָט געמאָלדן, אַז פראַנק מיט זיין חברה פאַרנעמען זיך מיט אויסגעלאַסענע מעשים. די פּאָליציי איז געקומען און זיי אַלעמען אַרעסטירט. יעקב פראַנק אליין, ווי אַן אונטערטאַן פון אַ פרעמדער מלוכה, האָט מען אויף מאָרגן באַ־פרייט, נאָר די איבעריקע זיינען געבליבן זיצן. די דאָזיקע געשיכטע האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם. די רבנים און די פאַרשטייער פון די קהלות האָבן זיך גענומען צו זייער אייניציקן געווער און אָנגעהויבן פון אַלע זייטן רודפן די פאַרבאָרגענע פראַנקיסטן. דאָס האָט געהאַט אַ ווירקונג, און פיל זיינען געקומען זיך מתודה זיין און עפנטלעך תשובה טאָן אויף זייערע זינד. די מענער־פראַנקיסטן האָבן מודה געווען, אַז פראַנק האָט

זיי געצוואונגען עובר זיין אויף אַלע געבאָטן פון תלמוד, און די פרויען האָבן דערציילט, אַז זיי האָבן זיך פאַרנומען מיט אויסגעלאַסנקייט, זיך געביטן מיט די מענער און געלעבט אין זנות. דאַן האָבן זיך פאַרזאַמלט אין בראָד די רבנים פון אַלע שטעט און מיט גרויס פייערלעכקייט איז אויסגערופן געוואָרן אַ שטרענגער חרם אויף אַלע פראַנקיסטן. כדי צו פאַר־היטן פון וויטערדיקע סעקטעס, האָבן די רבנים אויסערדעם אויך איינ־געפירט, אַז דעם „זהר" זאָלן מעגן לערנען נאָר מענטשן מיט תורה און נישט יונגער פון דרייסיק יאָר.

די רבנים האָבן אָבער פאַרשטאַנען, אַז מיטן חרם אליין וועט מען די באַוועגונג נישט דערשטיקן און מען מוז זוכן גרינדלעכערע מיטלען. פון פוילן האָט מען זיך געווענדעט צום שטרענגען ר' יעקב עמדין מיט אַ פראַגע, צי מעג מען רודפן די פראַנקיסטן. ר' יעקב עמדין האָט גע־ענטפערט, אַז מען מעג און דעמאָלט האָט ער אויך געהאַט די דרייסט־קייט צו דערקלערן, אַז אויב מען וויל אויסוואָרצלען דאָס שלעכטס מיט איין מאָל, מוז מען פירן אַ קאַמף קעגן דעם הויפּט־קוואַל פון אַלע פאַר־שידענע סעקטעס, קעגן „הייליקן" זהר אליין. די פראַנקיסטן האָט מען דאַן פאַרמסרט פאַר דער רעגירונג ,אַז זיי ווילן גרינדן אַ נייע רעליגיע, און לויט די פוילישע געזעצן האָט מען געדאַרפט פאַרמשפּטן צום פאַר־ברענען יעדן, וואָס וויל איינפירן אַ נייעם גלויבן אויסער די שוין עקזיס־טירנדיקע. אָבער דאָ האָבן די פראַנקיסטן געפונען אַן אומדערוואַרטעטע שטיצע ביים בישאָף דעמבאָווסקי פון קאַמענעץ־פּאָדאָלסק. די פראַנקיסטן האָבן דערלאַנגט דעם בישאָף אַ שריפטלעכע דערקלערונג, אַז זיי מיינען גאָר נישט צו גרינדן אַ נייע סעקטע, אַז זיי זיינען נאָר קעגן תלמוד, וואָס איז פול מיט שקרים, און האַלטן זיך ביים „זהר", וואָס איז דער ריינער אמת פון יידנטום. כדי צו באַווייזן, אַז זיי האָבן זיך אין גאַנצן אָפּגע־טיילט פון תלמוד, אָדער כדי זיך נוקם צו זיין פאַר די רדיפות אויף זיי, האָבן די פראַנקיסטן דערקלערט, אַז יידן באַנוצן קריסטלעך בלוט און אַז שולדיק דערין איז דער תלמוד, וואָס הייסט טאָן אַזעלכע זאַכן.

דערשמעקט אַזאַ טייערע מסירה אויף דעם תלמוד, איז דער בישאָף געוואָרן פול מיט ליבע צו די פראַנקיסטן און זיי אַלעמען באַפרייט. די פריערדיקע גערודפטע פראַנקיסטן האָבן אליין אָנגעהויבן רודפן אַנדערע, און כדי צו שטעלן זייערע קעגנער אין אַן אומאַנגענעמער לאַגע, האָבן

זיי דערלאַנגט אַ בקשה צום בישאָף דעמבאָווסקי, אַז ער זאָל איינאָרדענען אַ רעליגיעזן וכוח צווישן די תלמודיסטן און קאָנטראַ־תלמודיסטן. דער בישאָף האָט מיט פאַרגעניגן מסכים געווען צו דער בקשה און דאַן האָט איינער פון די רבנים פראַנקיסטן (מעגלעך, אַז דאָס איז געווען אלישע שור) גענומען אויף זיך אָנצושרייבן אַ ווערק, וואו עס זיינען אויסגערעכנט געוואָרן די וויכטיגסטע פרינציפּן פון דער אמונה פון די פראַנקיסטן:

א) די פראַנקיסטן גלויבן מיטן גאַנצן האַרצן אין תורת משה, אָבער די דאָזיקע תורה איז איינגעהילט אין אַ שלייער פון טיפע סודות, וועלכע קענען אַנטדעקט ווערן דעם מענטשן נאָר דורך אַ באַזונדער געטלעכער השפּעה.

ב)איינער פון די סודות איז די דרייאייניקייט.

ג) דער צווייטער סוד איז, אַז גאָט פאַרקערפּערט זיך אין דער געשטאַלט פון אַ מענטש, וואָס האָט אַלע מענטשלעכע תאוות, אָבער ביי אים שטאַמען די תאוות נישט פון יצר־הרע, נאָר פון קדושה.

ד) די געטלעכע מענטשן וועלן ברענגען די גאולה נישט בלויז פאַר יידן, נאָר פאַר דער גאַנצער מענטשהייט.

ה) די אמונה, אַז עס וועט קומען משיח און צונויפנעמען די יידן פון גלות און זיי ברענגען קיין ארץ־ישראל, איז פאַלש, ווייל משיח וועט נישט קומען.

ו) די שטאָט ירושלים וועט מער נישט אויפגעבויט ווערן.

ז) גאָט, וועלכער וועט זיך פאַרקערפּערן אין דער געשטאַלט פון אַ מענטשן, וועט אָפּרייניקן די מענטשן פון דעם ערשטן חטא, וואָס אדם און חוה האָבן אַרויפגעוואָרפן אויף דער מענטשהייט.

ח) דער תלמוד פאַרטייטשט די תורת־משה אויף אַן אַנדער אופן, אָבער ער איז פול מיט פאַלשע אידעען, און אַלע יידן, וואָס האַלטן זיך ביים תלמוד, גייען אויף אַ פאַלשן וועג; דאָרט געפינען זיך אויך שרעקלעכע אומנאָרמאַלע זאַכן, ווייל דער תלמוד דערלויבט אָפּצונאַרן די קריסטן און אפילו באַנוצן זייער בלוט.

ט) דער אמתער פירוש צו תורת־משה איז דער „זהר", וואָס איז דורכאויס דער היפך פון תלמוד.

די דאָזיקע פרינציפּן זיינען באַוויזן געוואָרן דורך פאַלשע ראיות פון תנ"ך, און דאָס אַלץ האָט מען אָפּגעדרוקט אין פויליש און אין העב־

רעאיש און פאַרשפּרייט צווישן פאָלק. אויף אַזאַ אופן האָבן פאַר די פּוי־לישע יידן זיך אומגעקערט יענע שלעכטע צייטן פון צוריק מיט 350 יאָר אַן ערך, ווען לויט דער פאַראָרדענונג פון פּויפּסט בענעדיקט איז אין טאָרטאָזאַ איינגעאָרדנט געוואָרן אויך אַזאַ רעליגיעזער דיספּוט, אויף וועלכן דער משומד יהושע לאָרקי איז געשטאַנען און געדרשנט וועגן די שקרים פון דער יידישער אמונה. די יידן אין פּוילן האָבן געמוזט מיט זייערע אויגן צוזען, ווי זייערע אייגענע ברידער, יידן אין לאַנגע קאַפּאָטעס און שטריימלעך, רבנים און אַלטע לייט שטייען און רעדן רכילות אויפן תלמוד. צום אומגליק האָבן זיך אויך צו יענער צייט נישט געפונען אין פּוילן יידן, וואָס זאָלן גוט באַזיצן די פּוילישע שפּראַך און זאָלן זיין פּע־איק אין אַ קלאָרן סטיל, מיט לאָגישע ראיות, צו צעשטערן די טענות פון די פראַנקיסטן. עס איז קיין וואונדער נישט, ווען די פּוילישע יידן האָבן זיך ערנסט דערשראָקן פאַר דעם וכוח און אָנגעווענדעט אַלע מיטלען אים נישט צו דערלאָזן. זיי האָבן געטענהעט, אַז אַזעלכעס איז אין פּוילן נאָך נישט פאָרגעקומען און אַז די יידישע רעליגיעזע פרייהייט איז גע־זיכערט דורך פאַרשידענע פּריווילעגיעס. זיי האָבן אויך פאַרשפּרייט הויפנס געלט און זיך משתדל געווען פאַר דער שליאַכטע, אָבער דאָס אַלץ האָט נישט געהאָלפן. דער בישאָף דעמבאָווסקי האָט אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג, אַז די יידן מוזן שיקן קיין קאַמענעץ דעלעגאַטן צום וכוח, און אויב זיי וועלן דאָס נישט טאָן, וועלן זיי ווערן באַשטראָפט און דער תלמוד וועט ווערן פאַרברענט.

אויפן דיספּוט זיינען פון די תלמודיסטן געקומען ווינציק דעלע־גאַטן ,און צווישן זיי האָבן זיך געפונען זייער ווינציק באַוואוסטע רבנים. ווי עס שיינט, האָבן די רבנים נישט געהאַט די נייטיקע פעאיקייטן אָפּ־צוענטפערן ווי געהעריק אויף די טענות פון די פראַנקיסטן און דער איינ־דרוק פון דיספּוט איז געווען, אַז די „קאָנטראַ־תלמודיסטן” האָבן מנצח געווען. דאַן האָט דער בישאָף אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז די קעגנער פון תלמוד האָבן דאָס רעכט אין יעדער שטאָט אַרויסצורופן אויף אַן עפנט־לעכן דיספּוט די תלמודיסטן, וועלכע טאָרן זיך נישט אָפּזאָגן דערפון. אויסערדעם זיינען די יידן־תלמודיסטן מחויב איינצוצאָלן די פראַנקיסטן פינף טויזנט גילדן פאַר די שאָדנס, וואָס די פראַנקיסטן האָבן געליטן בעת די אָנפאַלן אויף זיי. אויך דאַרפן די יידן אַריינטראָגן 150 דוקאַטן גאָלד

פאַר דער קאַטוילישער קירך אין קאַמענעץ; דערצו מוזן אַלע עקזעמפּליאַרן פון תלמוד ווערן קאָנפיסקירט און פאַרברענט. אַ פינצטערניש און פּחד איז פּלוצלינג אָנגעפאַלן אויף די פּוילישע יידן. יעדן טאָג פלעגן די קאַטוילישע גייסטלעכע צוזאַמען מיט די פראַנקיסטן זיך אַריינרייסן אין די יידישע הייזער, מאַכן רעוויזיעס און קאָנפיסקירן דעם תלמוד. דערנאָך האָט מען אַלע קאָנפיסקירטע עקזעמפּליאַרן מיט פאַראַד פאַרברענט אויפן פייער און די יידן האָבן דאָס געמוזט צוקוקן און זיך נישט געקענט העלפן. אויסער דעם האָבן אין יענער צייט זיך פאַרגרעסערט די בלוט־בלבולים, און אויך דאָס איז געווען אַ דאַנק די רכילות פון די פראַנקיסטן אויפן תלמוד. עס האָט אויסגעזען, אַז אויף די פּוילישע יידן רוקט זיך אָן אַ נייע כמאַרע, אָבער פּלוצלינג איז אָפּגעשטאָרבן דער פּאַרטיידיקער פון די פראַנקיסטן, דער בישאָף דעמבאָווסקי, און אויף די פראַנקיסטן האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַ ריי רדיפות. די פּוילישע מאַכט האָט מיט אַמאָל געביטן איר באַציאונג צו די פראַנקיסטן, וועלכע מען האָט אָנגעהויבן אַרעסטירן, שלאָגן אָפן אין די גאַסן און באַליידיקן זיי. ווען זיי האָבן געזען, אַז אין פּוילן האָבן זיי קיין פּלאַץ נישט פאַר זיך, זיינען פיל פראַנקיסטן אַוועק קיין בעסאַראַביע, וואָס האָט דעמאָלט געהערט צו טערקיי. אָבער אויך דאָרט האָט מען זיי נישט געלאָזט צורו, ווייל פון פּוילן האָט מען געגעבן צו וויסן די דאָרטיקע יידן, ווער און וואָס עס זיינען די פראַנקיסטן און וואָס פאַר אַ צרות זיי האָבן אָנגעטון די פּוילישע יידן. די פראַנקיסטן האָט מען אויך דאָרט אָנגעהויבן שרעקלעך רודפן, און הונגעריקע, פאַרצווייפלטע, אָן אויפהער גערודפטע, פלעגן זיי וואַנדערן פון שטאָט צו שטאָט. זיי האָבן אַפילו געפּועלט ביים קעניג אויגוסט דעם דריטן, אַז זיי זאָלן מעגן זיך אומקערן קיין פּוילן און פריי דאָרט לעבן, אָבער די דערלויבעניש פון קעניג האָט נישט געהאַט קיין באַדייטונג, ווייל די שליאַכטע איז געשטאַנען אויף דעם צד פון די יידן־תלמודיסטן און די פראַנקיסטן זיינען ווידער גערודפט געוואָרן און נישט באַקומען קיין פּרנסה. אין פאַרצווייפלונג האָבן זיי געשיקט דעפּוטאַטן צו זייער „קדוש” פראַנק, אַז ער זאָל זיי אַרויסהעלפן און אַליין קומען קיין פּאָדאָליע. נאָך לאַנגע בקשות האָט יעקב פראַנק מסכים געווען זיך אומצוקערן קיין פּוילן און מיט זיין קומען האָט די סעקטע ווידער אויפגעלעבט.

יעקב פראַנק האָט זיך באַשלאָסן אויף אַן ענערגישן שריט. לויט זיין

עצה האָבן זעקס פאַרשטייער פון די פראַנקיסטן זיך פאַרגעשטעלט פאַר דעם „פרימאַט" פון דער קאַטוילישער קירך לוביענסקי, וועלכן זיי האָבן דערלאַנגט אַן אויספירלעכע מעלדונג, אַז זיי זיינען גרייט זיך אָפּצושמדן, אויב נאָר די פוילישע מאַכט וועט מסכים זיין אויף געוויסע באַדינגונגען זייערע. איינע פון די באַדינגונגען איז געווען, אַז מען זאָל זיי דערלויבן איינאָרדענען נאָך איין עפנטלעכן וכוח מיט די תלמודיסטן און אויך זיי אָפּגעבן אַ באַזונדער שטיק ערד צווישן די שטעט בוסק און גליניאַני, ביי לעמבערג, ווייל זיי, די פראַנקיסטן, ווילן נישט, ווי די יידן, עקספּלואַטירן די פויערים און לעבן פון פּראָצענט און שענקעריי; זיי ווילן בעסער זיך פאַרנעמען מיט ערד־אַרבעט. אויף דער דאָזיקער מעלדונג האָט לוביענסקי געענטפערט, אַז ער קען צוזאָגן די פראַנקיסיטן נאָר עולם־הבא און די באַדינגונגען זייערע וועלן דערפילט ווערן שפּעטער, ווען זיי וועלן זיך אָפּ־שמדן. ווי עס שיינט, האָט לוביענסקי נישט געגלויבט, אַז די פראַנקיסטן ווילן באמת זיך שמדן, און דעריבער נישט מסכים געווען צו זייערע באַ־דינגונגען. ווירקלעך, האָבן די פראַנקיסטן צו יענער צייט נאָך נישט אין זינען געהאט צו שמדן זיך און נאָר געוואָלט אויסנאַרן די דערלויבעניש אויף אַן עפנטלעכן וכוח. אָבער באַלד האָט דאָס מזל ווידער אָנגעהויבן שפּילן פאַר די פראַנקיסטן. דער פרימאַט לוביענסקי איז אויף אַ צייט אָפּ־געפאָרן און זיין שטעל האָט דערווייל פאַרנומען דער קאַנאָניקום מיקאַלס־קי. יענער האָט מסכים געווען צו דער באַדינגונג פון דעם וכוח און באַלד האָבן זיך אָנגעהויבן די הכנות דערצו. די רבנים האָבן באַקומען אַ באַפעל צו קומען צום באַשטימטן טערמין, דעם 16־טן יולי 1750, און אויך די גייסטלעכע און אַדליקע זיינען פאַרבעטן געוואָרן צו קומען אין אַ גרויסער צאָל. אַריינגאַנגס־בילעטן אויף דעם דיספּוט זיינען פאַרקויפט געוואָרן פאַר גרויסע פּרייזן און די הכנסה איז באַשטימט געוואָרן לטובת די אָרימע פראַנקיסטן. צום באַשטימטן טערמין האָט דער וכוח זיך אָנגע־הויבן מיט גרויס פּאַראַד, אין אַ לעמבערגער קירך. געעפנט האָט אים דער קאַנאָניקום מיקאָלסקי, וואָס איז אויך געווען פאַרזיצנדיקער. פון די רבנים זיינען געקומען 40 מאַן און זייער פאַרשטייער איז געווען דער לעמבערגער רב ר' חיים ראַפּאָפּאָרט; פון די פראַנקיסטן זיינען געקומען נאָר 10, ווייל דאָס רוב פון זיי זיינען געווען אָרים און נישט געהאט קיין געלט אויף אַזאַ ווייטן וועג. די דעבאַטן האָבן זיך פאַרצויגן עטלעכע טעג, און דאָס מאָל

זיינען די רבנים אַרויסגעטראָטן שוין מער ענערגיש און מיט מער פאַר־שטאַנד, אָבער עס איז דאָ אַ גרונט צו רעכענען, אַז דער אַלגעמיינער סך הכל פון די דעבאַטן איז דאָך געווען לטובת די פראַנקיסטן, און די רבנים האָבן זיך אומגעקערט אַהיים דערשלאָגן און פאַרשעמט.

ווען דער דיספוט האָט זיך געענדיקט, האָט מען פון די פראַנקיסטן אָנגעהויבן פאָדערן, אַז זיי זאָלן האַלטן וואָרט און באַווייזן, אַז זיי זיינען ווירקלעך טריי דעם קריסטנטום. צוערשט האָבן די פראַנקיסטן זיך אָפּגע־זאָגט דערפון און נישט געוואָלט בייטן די אמונה פון זייערע עלטערן. דערווייל איז אָבער געקומען צו פאָרן דער „קדוש" אַליין, יעקב פראַנק, וועלכער האָט געגעבן אַ סיגנאַל זיינע אָנהענגער, אָנצוטון אויף זיך די מאַסקע פון קריסטנטום, — נאַטירלעך, צוליב טיפע מיסטישע סודות. דאַן האָט זיך אָנגעהויבן דער שמד; די טויף־צערעמאָניעס זיינען פאָרגע־קומען פייערלעך אין די קירכן פון לעמבערג, און אונטערפירער פון די פראַנקיסטן זיינען געווען די פאַרשטייער פון דער פוילישער אַריסטאָקראַ־טיע. דערביי האָבן די פראַנקיסטן אָנגענומען די נעמען און פאַמיליעס פון זייערע טויף־פאָטערס, אַריינטרעטנדיק אויף אַזאַ אופן גלייך אין דער פוי־לישער אַריסטאָקראַטיע. אין לעמבערג אַליין האָבן אין משך פון די יאָרן 1759 און 1760 זיך אָפּגעשמדט 514 מענער און פרויען, צווישן זיי אויך די אייניקלעך פון די גאונים שור. פראַנק אַליין, וועלכער איז אַריינגעפאָרן קיין לעמבערג מיט גרויס פּאַראַד, אין אַ קאַרעטע געשפּאַנט מיט 6 פערד און אַרומגערינגלט מיט 50 רייטער, האָט צוערשט דורך פאַרשידענע תירוצים זיך אָפּגעזאָגט באַלד צו שמדן זיך. אין דער אמתן איז פראַנק נאָר אויסן געווען, אַז זיין שמדן זיך זאָל פאָרקומען נישט אין לעמבערג, נאָר אין וואַרשע, ביי אַ גרויסער פייערלעכקייט: ער האָט אויך פון זיין שמדן זיך געוואָלט האָבן נוצן פאַר זיך. אין וואַרשע האָט פראַנק געבעטן, אַז דער קעניג אויגוסט דער דריטער אַליין זאָל זיין דער טויף־פאָטער. דער קעניג האָט מסכים געווען און דאָס שמדן זיך פון אָנפירער פון די פראַנ־קיסטן איז פאָרגעקומען ביי גרויסע צערעמאָניעס, מיט אַ פּאַראַד, אין דער אָנוועזנהייט פון דער קעניגלעכער פאַמיליע און הויכגעשטעלטע לייט (נאָוועמבער 1759). ביים שמדן זיך האָט פראַנק אָנגענומען דעם נאָמען יוזעף.

דאָך האָבן די פּוילישע גייסטלעכע נישט אויפגעהערט זיך צו באַ־

ציען מיט אומצוטרוי צו די געשמדטע פראַנקיסטן. די פינצטערע פאַר־גאַנגענהייט פון פראַנק און די יראת־הרוממות, מיט וועלכער די פראַנ־קיסטן האָבן זיך באַצויגן צום „הייליקן האַר״, — דאָס אַלץ האָט אַרויס־גערופן אַ שטאַרקן חשד. אויסער דעם האָבן די יידן נישט אויפגעהערט צו שיטן געלט אין אַלע זייטן און מסרן די פראַנקיסטן פאַר דער פּוילישער מאַכט. זיי האָבן זיך משתדל געווען, אַז מען זאָל צווינגען זיך שמדן אויך די איבעריקע פראַנקיסטן, כדי זייער זכר זאָל נישט בלייבן צווישן יידן. ענדלעך האָבן די פּוילישע גייסטלעכע זיך איבערצייגט, אַז די פראַנקיסטן האָבן זיך געשמדט נאָר כדי אָפּצונאַרן די פּאָליאַקן, אַז זייער אָנפירער, פראַנק, ווערט נאָך אַלץ גערעכנט פאַר אַ „הייליקן פּאַן״ און אַז זייער דאָגמע וועגן דער דריי־אייניקייט איז פּונקט אַזוי ווייט פון קריסטנטום, ווי פון יידנטום. לויט דער פאַראָרדענונג פון דער העכערער מאַכט האָט מען פראַנקן אַרעסטירט אין וואַרשע און אים גענומען אויף אַ שטרענגן פאַרהער. ווי פראַנק האָט זיך נישט געדרייט, האָט ער דאָך נישט געקענט באַווייזן, אַז ער איז אַ גלייביקער קריסט; אויסער דעם האָבן זיינע איי־גענע אָנהענגער דורך זייער עדות זאָגן אים אַרויסגעגעבן. דער חשד איז באַשטעטיקט געוואָרן און דאַן האָט דאָס געריכט פון די גייסטלעכע באַ־שלאָסן: איינזעצן פראַנקן אין טשענסטאָכאָווער פעסטונג און אים האלטן אין דאָרטיקן מאָנאַסטיר, כדי ער זאָל נישט קענען האָבן קיין שום באַצי־אונגען מיט זיינע פאַרערער.

דרייצן יאָר (1760—1772) האָט פראַנק פאַרבראַכט אין פעסטונג; דער צוועק פון די קאַטוילישע גייסטלעכע איז אָבער נישט דערגרייכט גע־וואָרן. זיינע תלמידים האָבן איצט נאָך מער געגלויבט אין אים און וויי־טער געהאַט נאָענטע באַציאונגען מיט זייער „הייליקן פּאַן״. פיל פון זיי זיינען אַפילו אַריינגעדרונגען קיין טשענסטאָכאָוו אַליין און געוואוינט אין דער אומגעגנט פון שטאָט, וועלכע זיי האָבן אָנגערופן „תרעא דרומי״ (די טויערן פון רוים). פראַנק האָט באַגייסטערט זיינע אָנהענגער דורך רעדעס און בריוו, אין וועלכע ער האָט דערקלערט, אַז ראַטעווען די נשמה קען מען נאָר דורך דער „רעליגיע פון אדום״. אונטער דעם וואָרט האָט פּראַנק פאַר־שטאַנען עפּעס אַ מישמאַש פון יידנטום און קריסטנטום. אויך דאָס אויס־זען פון „ליידנדיקן משיח״ האָט צוגעגעבן מוט און גלויבן די אָנהענגער פון פראַנק. זיי האָבן זיך דערמאָנט, אַז אויך שבתי־צבי האָט געביטן זיין

אמונה, און אַז אויך ער איז געזעסן אַרעסטירט אין פעסטונג, און דאָס האָט זיי צוגעגעבן גלויבן, אַז פראַנק איז דער צווייטער משיח. קיין שום באַשטימטע מאָראַלישע פּרינציפּן, אָדער נייע רעליגיעזע דאָגמעס האָט פראַנק זיינע אָנהענגער נישט געגעבן. ער פלעגט נאָר זאָגן: „איך בין געקומען באַפרייען די וועלט פון אַלע געזעצן און געבאָטן, וואָס האָבן עקזיסטירט ביז איצט".

ווען פוילן איז צעטיילט געוואָרן צווישן די מלוכות, (סוף 1772), איז געקומען אַ סוף צו דער תפיסה פונעם „הייליקן". דער רוסישער גענעראַל ביביקאָוו, וועלכער האָט איינגענומען טשענסטאָכאָוו, האָט באַפרייט פראַנקן. ער האָט אַ קורצע צייט פאַרבראַכט אין וואַרשע און דערנאָך איז ער מיט זיין גאַנצער פאַמיליע, אין דער באַגלייטונג פון אַ גרויסער סוויטע אָנהענגער, אַוועק פון פוילן און זיך באַזעצט אין מעהרן (1773). די ווייטערדיקע מעשים פון דאָזיקן גרויסן אַוואַנטוריסט זיינען שוין פאָרגעקומען אין מערב־אייראָפּע. אין עסטרייך האָט ער געשפּילט אַ ראָלע פון אַ מיסיאָנער, וואָס זיין אויפגאַבע באַשטייט אין פאַרשפּרייטן קריסטנטום צווישן יידן, און ער האָט אַפילו באַקומען חן אין קעניגלעכן הויף. אין גיכן האָט מען זיך אָבער אויך דאָרט דערוואוסט וועגן זיין פינצטערער פאַרגאַנגענהייט און מען האָט זיך איבערצייגט, אַז ער איז אַ שווינדלער. פראַנק האָט געמוזט פאַרלאָזן אויך עסטרייך און ער האָט זיך באַזעצט אין אָפּענבאַך, דייטשלאַנד. דאָרט האָט ער זיך אַ נאָמען געגעבן „דער באַראָן פון אָפענבאַך". צוזאַמען מיט זיין זעלטן שיינער טאָכטער חוה (האַוואַטשאַ), וועלכע האָט פאַרדרייט אַ קאָפּ פיל הויכע לייט פון דער פּוילישער אַריסטאָקראַטיע, האָט ער געלעבט אין דער שפּיץ פון זיין סעקטע, וואָס איז אים געבליבן טריי. חוהן האָבן פראַנקס תלמידים גערופן „די הייליקע פאַננאַ" און אין דער סעקטע פלעגן פאָרקומען פאַרשידענע מיסטעריעס, אין וועלכע חוה האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע. פראַנק האָט געלעבט אין גרויס רייכטום, ווייל זיינע אָנהענגער אין פוילן און מעהרן האָבן נישט אויפגעהערט צו שיטן געלט פאַר זייער „הייליקן פאַן", און פראַנקס הויז האָט זיך געפירט אויפן שטייגער פון די קעניגלעכע הויפן. ווען פראַנק איז געשטאָרבן (1791), האָט די סעקטע פון די פראַנקיסטן אָנגעהויבן זיך צעפאַלן. די אָנהענגער פון פראַנק האָבן ביסלעכווייז אָנגעגעהויבן זיך צונויפגיסן מיט דער קאַטוילישער באַפעלקערונג, פאַרלוירן

דעם כאַראַקטער פון אַ סעקטע און ענדלעך אין גאַנצן פאַרשוואונדן גע־וואָרן צווישן דער פוילישער מאַסע. די שיינע חוה האָט פריער געוואָלט שפּילן די ראָלע פון איר פאָטער נאָך זיין טויט, אָבער דאָס האָט זיך איר נישט איינגעגעבן. אַזוי ווי זי איז געווען געצווינגען צו פירן אַ „הויף״, האָט זי זיך פאַרפּלאָנטערט אין חובות און געוואָרן געיאָגט פון אירע קרעדיטאָרן. זי איז געשטאָרבן אין 1816, אין אָפּענבאַך.

אַזוי האָט זיך געענדיקט די באַוועגונג פון די פראַנקיסטן. מיט זיי צוזאַמען האָט זיך אויך געענדיקט די גאַנצע משיח באַוועגונג — זי איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין טרוימערישן מיסטיציזם, אין אַ שטרעבונג צו באַפרייען זיך פון די יידישע אייביקע צרות דורך אָפּזאָגן זיך פון יידנטום, און דער מטורפער מיסטיציזם האָט זיך פאַרוואַנדלט אין פּשוטער שווינד־לעריי. דער דאָזיקער שטורעם, וואָס האָט זיך געטראָגן איבער יידן אין משך פון פיל יאָרן, האָט אָבער געהאַט אויך גוטע זייטן, ווייל ער האָט מיטגעהאָלפן אויפצעוועקן די יידן פון זייער שלאָף און אַרויסרופן אין זיי אַן אינטערעס צו באַנייען די יידישע קולטור. דאָס פאָלק האָט געזוכט צו שטילן זיין רעליגיעזן דורשט; דאָס אַלטע, טרוקענע, רבנישע יידנטום האָט שוין מער נישט געקענט באַפרידיקן דאָס יידישע האַרץ, וואָס האָט גע־לעכצט נאָך אַ ביסל פרייהייט פון דער טרוקענער דאָגמע, נאָך אַ ניי יידישקייט, וואָס זאָל מער ריידן צום געפיל, ווי צום געדאַנק.

אַזוי ווי ביז איצט, האָט ווייטער נישט געקענט זיין. די משיח־באַ־וועגונג האָט אָפּגעפרישט אַ ביסל די פאַרשטיקטע לופט און צוגעגרייט אַ באָדן צו נייע אידייען. דער רבניזם און דער מיסטיציזם האָבן אין דעם לאַנגן האַרטן קאַמף, וואָס זיי האָבן געפירט צווישן זיך, אָפּגעשוואַכט איי־נער דעם צווייטן, און ביידע האָבן זיי געמוזט אָפּטרעטן זייער אָרט פאַר אַ נייער באַוועגונג. סימנים פון אַ קולטורעלער באַנייאונג זיינען געווען גענוג: אין דער זעלביקער צייט, ווען די רבנים האָבן געפירט צווישן זיך גרויסע מחלוקת און רכילות וועגן קמיעות און שפּרוכן. אין דער זעלביקער צייט, ווען יעקב פראַנק האָט געקענט פאַרפירן אַזוי ־פיל מענטשן מיט זיינע ווילדע געדאַנקען און שווינדלערישע פאַנטאַזיעס, — אין דער זעל־ביקער צייט זעען מיר נייע שטערן אויף דעם יידישן האָריזאָנט. אין דייטשלאַנד האָט דער גרויסער יידישער געלערנטער משה מענדעלסאָן גע־

שלאָסן פריינטשאַפט מיט דעם גרויסן דייטשן שריפטשטעלער לעסינג. אין פּאָרטוגאַל זיינען אויסגעלאָשן געוואָרן די שייטערהויפנס פון דער איני־קוויזיציע, און אין ענגלאַנד האָבן אין פּאַרלאַמענט זיך אָנגעהויבן דעבאַ־טעס וועגן אויסגלייכן די יידן פון דער מלוכה אין זייערע רעכט מיט דער איבעריקער באַפעלקערונג. עס איז געוועזן קלאָר, אַז עפּעס נייעס וועבט זיך, אַז פאַר יידן הויבט זיך אָן אַ נייע עפּאָכע, און די עפּאָכע איז געקומען.

# קאַפּיטל דריי:

## די יידישע לאַגע אין מערב־אייראָפּע

אין דער לופטן האָט שוין געשמעקט מיט נייע אידייען, עס האָט זיך געשפּירט דאָס אָנקומען פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, וואָס האָט געמאַכט אַזאַ געוואַלטיקע איבערקערעניש אין דער גאַנצער וועלט. אָבער די אַלטע פּאָליטיק פון מיטלאַלטער בנוגע צו יידן האָט נאָך ווייטער זיך געפירט אין פאַרלויף פון העלפט 17־טן ביז העלפט 18־טן יאָרהונדערט. מערב־אייראָפּע האָט נאָך אַלץ נישט געקענט דערוואַקסן ביז דעם געדאַנק, אַז יידן האָבן דאָס רעכט צו וואוינען פריי אומעטום און פירן אַ פרייען האַנדל ווי מענטשן מיט גלייכע רעכט. אין דאָס רוב לענדער האָט מען די יידן אין גאַנצן נישט דערלויבט צו וואוינען און האַנדלען, אָדער מען האָט זיי דאָס דערלויבט נאָר אונטער שווערע און באַליידיקנדיקע באַדינגונגען.

די טראַדיציעס פון די פינצטערע מיטלאַלטערלעכע צייטן זיינען מער ווי אומעטום פאַרבליבן אין עסטרייך, וועלכע איז נאָך דער עפּאָכע פון דער רעפאָרמאַציע געוואָרן דאָס הויפּט־נעסט פון קאַטאָליציזם אין אייראָפּע. דאָרט האָבן פעסט זיך איינגעאָרדנט די יעזואיטן, וועלכע האָבן געהאַט אין זייערע הענט די גאַנצע שליטה און געפירט אַ האַרטן קאַמף קעגן די פּראָטעסטאַנטן און יידן. אין בעהמען און מעהרן האָט מען נאָך די יידן געלאָזט צורו, אָבער אין ווין און אין נידער־עסטרייכישע פּראָווינצן האָבן די פרומע קאַטאָליקן נישט געקענט פאַרטראָגן די יידן. דער וואוקס פון די יידן אין ווין, וואו עס איז זיי אין 1624 דערלויבט געוואָרן צו וואוינען אין אַ באַזונדער געטאָ, האָט זייער באַאומרואיקט די קאַטוילישע באַפעלקערונג. דער ווינער מאַגיסטראַט האָט נישט איין מאָל זיך באַמיט, אַז די יידישע געמיינדע זאָל באַפרייט ווערן פון אונטער דעם שוץ פון קעניג און איבערגיין צו דער ממשלה פון דעם מאַגיסטראַט אַליין, וועלכער זאָל קענען טון מיט די יידן אַלץ, וואָס ער וויל, אָבער דאָס האָבן נישט דערלאָזט די קיסרים, וועלכע האָבן נישט געוואָלט פאַרלירן די גרויסע הכנסות, וואָס

די יידישע געמיינדע האָט זיי אָרייגעבראַכט. די אַגיטאַציע פון מאַגיסט־ראַט האָט אָבער סוף כל סוף געהאט אַ דערפאָלג, ווען אויף זיין זייט איז איבערגעגאַנגען די קייסערן מאַרגאַריטאַ, די פרוי פון קייסער לעאָפּאָלד דעם ערשטן. אַ געבוירענע פון שפּאַניע, וואָס האָט שוין לאַנג זיך באַפרייט פון די אומגלויביקע יידן, האָט די פרומע מאַרגאַריטאַ זיך געשפּירט זייער שלעכט אין ווין, וואו צוזאַמען מיט איר האָבן געוואוינט די „אומגלויביקע". איין מאָל, ווען די קייסערן האָט געבוירן אַ טויט קינד, איז איר געקומען אַ געדאַנק אין קאָפּ, אַז דאָס איז אַ שטראָף פון גאָט דערפאַר, וואָס מען לאָזט צורו די „שונאים פון דער קירך". דעם דאָזיקן פרומען געדאַנק האָבן אונטערגעכאַפּט די גייסטלעכע און די קייסערן האָט געפאָדערט פון איר מאַן, אַז ער זאָל ווידער איינפירן דעם אַלטן עדיקט וועגן פאַרטרייבן יידן וואוינען אין ווין. לעאָפּאָלד האָט איבערגעגעבן די פראַגע צו דער באַ־טראַכטונג פון רייכסראַט. דאָרט האָבן די מיינונגען זיך צעטיילט: אייניקע האָבן געפונען, אַז דאָס אַרויסטרייבן יידן פון ווין וואָלט געווען אַ שלעכטע טאַט און אויך אויסער דעם וואָלט עס געבראַכט פיל שאָדן דער מלוכה־קאַסע; אַנדערע האָבן געפונען דעם פּלאַן וועגן אַרויסטרייבן יידן פאַר גע־וואונטשן. די וואָגשאָל האָט איבערגעוואויגן דער פאַנאַטישער ניישטאַטער בישאָף קאָלאָוויטש. ער האָט אין דער קירך אין דער אָנוועזנהייט פון קייסער געהאלטן אַ הייסע פאַטריאָטישע רעדע, אין וועלכער ער האָט געשיל־דערט די ווינער יידן ווי פאַרברעכער, גזלנים און גנבים, און אויך זיי באַ־שולדיקט אין אַ מלוכה־פאַרראַט — אין געהיימע באַציאונגען מיט דער טערקישער רעגירונג. די רעדע האָט געמאַכט אַ גרויסן איינדרוק און לעאָ־פּאָלד האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל (27־טן פעברואַר 1670) וועגן אַרויס־טרייבן די יידן פון ווין און פון די פּראָווינצן פון נידער־ און אויבער־עסטרייך.

דעם 1־טן מאַרץ 1670 האָבן די העראָלדן מיט טרומייטן אויסגערופן איבער די גאַסן פון ווין, אַז ביז יולי פון דעם יאָר דאַרפן יידן פאַרלאָזן די שטאָט. די יידן האָבן אָנגעהויבן אָנווענדן אַלע מיטלען אָפּצושאַפן דעם דאָזיקן שרעקלעכן באַפעל. זיי האָבן געשאָנקען רייכע מתנות דער קייסער־לעכער פאַמיליע, פאַרגעשטעלט זייערע אַלטע פּריווילעגיעס, אויפגעוויזן זייערע גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער מלוכה, אָבער קיין זאַך האָט נישט געהאָלפן. די ידיעה וועגן דעם אומגליק האָט זיך פאַרשפּרייט איבער

דייטשלאַנד און אַנדערע לענדער, וואו יידן האָבן געוואוינט. אין אייניקע ערטער האָט מען געפאַסט אין די שולן, געבעטן גאָט, אַז די גזירה זאָל בטל ווערן. די אַנגעזעענע יידן, וואָס האָבן געשפּילט אַ ראָלע אין דער פּאָליטישער וועלט, האָבן געפּרואווט ווירקן אויפן ווינער הויף דורך דער דיפּלאָמאַטיע. אין דער הינזיכט האָט פיל געאַרבעט דער באַוואוסטער פי־נאַנציסט יצחק עמנואל טעקסעירא פון די שפּאַנישע מאַראַנען, דער פאַר־שטייער פון דער שוועדישער קעניגן אין האַמבורג. ער האָט אַוועקגעשיקט בריוו צו זיינע באַקאַנטע פון די הויכגעשטעלטע פּערזאָנען אין שפּאַניע, ווי אויך צו דער שוועדישער קעניגן מיט אַ בקשה, אַז זיי זאָלן זיך באַ־מיען ביים ווינער הויף וועגן אָפּשאַפן די גזירה. די שוועדישע קעניגן האָט טאַקע באַלד אַוועקגעשיקט אַ שריפטלעכע ביטע צו דער עסטרייכישער קיי־סערן און צום פּויפּסטלעכן נונציוס אין ווין וועגן מבטל מאַכן דעם באַפעל אַרויסצוטרייבן די יידן. קיין זאַך האָט אָבער נישט געהאָלפן: דער קייסער לעאָפּאָלד איז געבליבן ביי זיין באַשלוס.

אין יולי האָבן די יידן אָנגעהויבן פאַרלאָזן די שטאָט. ווען עס זיינען שוין אַרויסגעפאָרן פון איר העכער אנדערהאלבן טויזנט יידן, האָבן די איבערגעבליבענע ווידער געפּרואווט ווירקן אויף דעם קייסער, אַז ער זאָל כאָטש זיי איבערלאָזן, אָבער עס האָט נישט געהאָלפן. די לעצטע גרופּע יידן האָבן פאַרלאָזט די שטאָט אין טרויער־טאָג פון תשעה באב. עס זיינען נאָר פאַרבליבן די יידן, וואָס האָבן באַנקראָטירט און זיינען איינגעזעצט געוואָרן אין די טורמעס, ווי אויך 18 פאָרשטייער פון דער קהלה, וועלכע זיינען גענומען געוואָרן ווי ערבות, אַז די אַרויסגעטריבענע יידן זאָלן נישט פאַרגיפטיקן די ברונעמס אָדער מיט אַנדערע מיטלען נקמה נעמען פון די קריסטן. אין אויגוסט זיינען אויך די רעשט יידן אַרויסגעטריבן געוואָרן פון שטאָט. פון די פיר טויזנט יידן האָט קיין איינער נישט איינגעשטימט צו טויפן זיך, און דאָס האָט אַרויסגערופן די פאַרוואונדערונג פון די קריסטן. אין ווין איז נאָר פאַרבליבן איין און איינציקער ייד — דער פינאַנץ־אַגענט ביים הויף מאַרקוס שלעזינגער־יפה. די קלעריקאַלן האָבן געפייערט זייער נצחון. דער ווינער מאַגיסטראַט האָט דעם פאַרלאָזענעם קוואַרטאַל, וואו יידן האָבן פריער געוואוינט, אַ נאָמען געגעבן לעאָפּאָלד־שטאָט, לכבוד דעם קייסער. אויפן אָרט פון דער גרויסער ווינער יידישער שול האָט מען אויסגעבויט אַ קלויסטער, און דער קייסער האָט געלייגט

דעם ערשטן שטיין. דאָרט האָט מען אויף אַ גאָלדענער שילד אָנגעשריבן: „נאָך דעם ווי די יידן זיינען אין גאַנצן אַרויסגעטריבן געוואָרן פון דאַנען, האָט דער קייסער באַוויליקט אויסצובויען אַ קירך אויף דעם אָרט פון זייער שול, די מערדער־גרוב".

די קריסטלעכע באַפעלקערונג האָט אָבער באַלד דערשפּירט די טרויע־ריקע רעזולטאַטן פון דער יעזואיטישער פּאָליטיק. די בירגער פון ווין זיי־נען נישט אומשטאַנד געווען צו דעקן די גרויסע סומע מלוכה־שטייערן, וואָס די יידן האָבן פריער אַריינגעבראַכט, און די קריסטלעכע סוחרים האָבן זיך אָנגעהויבן קלאָגן, אַז דער מסחר איז געפאַלן, ווייל עס האָט זיך פאַרקלענערט די צאָל געברויכער. שוין אין דריי יאָר ארום האָט דער קיי־סער געמוזט דערלויבן יידן קומען צופאָרן אויף די ירידים אין די שטעט פון נידער־עסטרייך, פון וואַנען מען האָט זיי ערשט נישט לאַנג פאַרטריבן. ביסלעכווייז האָבן די יידן אָנגעהויבן אַריינפאָרן צוליב האַנדלס־צוועקן אויך קיין ווין, וואו זיי זיינען אין אַ קליינער צייט אַרום געוואָרן אַ בא־דייטנדיקע קאָלאָניע פון „דערוויילדיקע איינוואוינער". ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די טערקיש־עסטרייכישע מלחמה (1683), האָט לעאָפּאָלד ברייט אויסגענוצט די יידישע באַנקירן און פינאַנציסטן. איינער פון זיי, שמואל אָפּענהיים, פון היידלבערג, האָט זיך אין יענער צייט באַזעצט אין ווין. באַלד נאָך אים האָבן באַקומען דאָס רעכט צו וואוינען אין ווין נאָך פיל יידן, ווי קרובים אָדער משרתים פון דעם היידלבערגער עושר. שמואל אָפּענ־היים, וועלכער איז געווען באמת איבערגעגעבן די אינטערעסן פון זיינע ברידער, האָט פיל אויפגעטון פאַר דער ווידעראויפלעבונג פון דער יידישער קהלה אין ווין. דער דעקרעט פון 1670 איז אָפיציעל נישט בטל געוואָרן; ער האָט אָבער ביסלעכווייז פאַרלוירן זיין באדייטונג צוליב די באַדינגונ־גען פון לעבן אַליין, צוליב דער עקאָנאָמישער נויטווענדיקייט.

ווען עס האָט זיך געענדיקט די מלחמה צווישן עסטרייך און טערקיי און עסטרייך האָט אָפּגעהאלטן אַ נצחון, זיינען צו איר ווידער איבערגע־גאַנגען די אונגאַרישע פּראָווינצן, וואָס האָבן זיך פריער געפונען אונטער דער הערשאַפט פון טערקיי. די יידן פון בודאַפּעסטער ראַיאָן, וועלכע עס האָט זיך גאַנץ רואיק געלעבט אונטער דער טערקישער ממשלה, האָט זיך, נאַטירלעך, נישט געגלוסט אונטערגעוואָרפן צו ווערן דער נייער הערשאַפט פון דעם קלעריקאַלן עסטרייך. ווען דאָס עסטרייכישע מיליטער האָט באַ־

לאַגערט בודאַפּעסט, האָבן די יידן ענערגיש זיך באַטייליקט אין דער פאַר־טיידיקונג פון דער פעסטונג. דערפאַר, ווען די עסטרייכישע סאָלדאַטן האָבן איינגענומען די באַלאַגערטע שטאָט, האָבן זיי זיך נוקם געווען אין די יידן. פיל פון זיי זיינען אויסגעהרגעט געוואָרן און די איבערגעבליבענע זיינען אַנטלאָפן קיין טערקיי און אין אַנדערע לענדער. דער קייסער לעאָפּאָלד האָט פאַרבאָטן יידן, מאַכמעדאַנער און פּראָטעסטאַנטן צו וואוינען אין בודאַפּעסט, און די שנאה פון די אונגאַרן צו די יידן איז געווען אַזוי גרויס, אַז נאָך אין 18־טן יאָרהונדערט האָט מען זיי נישט דערלויבט צו באַזעצן זיך אין דער אַלטער רעזידענץ פון אונגאַרן און פאַר דורכפאָרן דורך בו־דאַפּעסט האָבן די יידן געמוזט צאָלן אַ ספּעציעלן שטייער. גרויסע יידישע קבוצים האָבן זיך געפונען נאָר אין די איבעריקע שטעט פון אונגאַרן, און זייער צאָל האָט זיך באַדייטנדיק פאַרגרעסערט אין 18־טן יאָרהונדערט, ווען עס זיינען צוגעקומען די אַנגעקומענע פון עסטרייך, מעהרן, בעהמען און פוילן. זייער הויפּט־געמיינדע איז געווען פּרעסבורג.

דער קלעריקאַליזם אין עסטרייך האָט נישט אויפגעהערט אויך בעת דעם קעניגן פון קאַרל דעם פערטן (1711—1740). עס האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן די פּרוואוון צוצוציען יידן צום קריסטנטום דורך מיסיאָנערישע דרשות אין די שולן. עס פלעגט טרעפן, אַז די יידן האָבן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד דער חוצפה פון די מיסיאָנערן, וועלכע האָבן זיי ארויסגע־בראַכט פון געדולד. אין דער שטאָט אויסזעע האָבן די יידן אַרויסגעטריבן דעם דאָרטיקן גלח, וואָס איז געקומען יום כפּור האַלטן אַ דרשה וועגן קריסטנטום אין דער יידישער שול. דערפאַר האָט מען די יידן שטרענג באַשטראָפט: די שול איז צעשטערט געוואָרן און דריי גבאים זיינען אַרויס־געטריבן געוואָרן פון שטאָט. דאָרט ווידער, וואו די יידן האָבן יאָ געהאַט עטוואָס פרייהייט בנוגע צו דער אמונה, האָט דאָס זיי אָפּגעקאָסט זייער טייער. אין ווין האָט מען פון די יידן געפאָדערט, זיי זאָלן צו שטייער געבן 150 טויזנט פלאָרין אויף די הוצאות פון דער קאָראָנאַציע פון קייסער קאַרל דעם פערטן. די הלוואות פון דער רעגירונג פלעגן געמאַכט ווערן דורך די פינאַנץ־אַגענטן שמואל אָפּענהיים און שמשון ווערטהיימער, וועל־כע האָבן געמוזט ביי אַלע באַדינגונגען צושטעלן געלט, ווייל אַנדערש וואָלטן זיי געבראַכט אַן אומגליק אויף יידן. נאָר נאָך דעם אַלעמען האָט דאָך דער קייסער קאַרל ארויסגעגעבן עטלעכע טיראַנישע ווילדע געזעצן

קעגן יידן. אזוי איז אונטער זיין הערשאַפט אַרויסגעגעבן געוואָרן דאָס חילדע געזעץ (1726), אַז אין יעדער יידישער פאַמיליע האָט נאָר איין מיטגליד (דער עלטסטער זון) דאָס רעכט חתונה צו האָבן און איינצופירן אַן אייגענע באַלעבאַטישקייט. דאָס דאָזיקע געזעץ, דורך וועלכן מען האָט געוואָלט פאַרהיטן, אַז די יידישע באַפעלקערונג זאָל זיך נישט צו־שטאַרק פאַרמערן, איז שטרענג אָפּגעהיט געוואָרן אין משך פון 100 יאָר.

בעתן קעניגן פון מאַריאַ טערעזאַ (1740—1760) האָט געדראָט אַ גרויסע געפאַר די יידן פון בעהמען און מעהרן. אין אָנהייב פון איר קעניגן האָט עסטרייך פאַרפירט אַ מלחמה קעגן פרייסן און פראַנקרייך. בעת דאָס מיליטער פון שונא האָט באַלאַגערט פראַג, האָבן די יידישע שונאים פאַר־שפרייט אַ קלאַנג, אַז די יידן האַלטן מיט די פרייסן און מיט די פראַנ־צויזן און שטיצן זיי. די קלעריקאַלע קייסערן האָט געגלויבט אין די דאָ־זיקע קלאַנגען, האָט נישט לאַנג געטראַכט און אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַרויסצוטרייבן די יידן פון מעהרן און בעהמען „צוליב פאַרשידענע וויכ־טיקע סיבות". אַ שרעק איז אָנגעפאַלן אויף דער הונדערט־טויזנטיקער יידישער באַפעלקערונג פוןביידע פראָווינצן, ווען דער דעקרעט וועגן גירוש איז געוואָרן פאַרעפנטלעכט. צוואַנציק טויזנט יידן פון דער אַלטער פראַגער קהלה האָבן געמוזט אין מיטן ווינטער פאַרלאָזן די שטאָט און וואַנדערן איבער די דערפער. דאָס גאַנצע האַנדלס־לעבן אין ביידע פראָווינצן האָט זיך אָפּגעשטעלט און דער בעסערער טייל פון דער קריסטלעכער באַפעל־קערונג האָט פאַרשטאַנען, צו וואָס פאַר אַ קריזיס אַזאַ פּאָליטיק קען ברענ־גען. ענדלעך האָבן זיך אַריינגעמישט די ליבעראַלע דיפּלאָמאַטישע פאַר־שטייער פון ענגלאַנד און האָלאַנד, ווי אויך די יידישע קאַפּיטאַליסטן ביים ווינער הויף, וועלכע האָבן אָנגעהויבן פאָדערן און בעטן, אַז די קייסערן זאָל אָפּשאַפן דעם דעקרעט. ענדלעך האָט מאַריאַ טערעזאַ נאָכגעגעבן. פריער האָט זי דערלויבט די יידן ווידער זיך צו באַזעצן אין אַלע שטעט פון בעהמען און מעהרן, אויסער פראַג; דערנאָך איז זיי דערלויבט געוואָרן אויך אומצוקערן זיך אויף צען יאָר קיין פראַג, צוליב די אָנקלאַגן פון די „שטאַנדן", אַז „דער גירוש פון יידן ברענגט דעם לאַנד מיליאָנען־היזקות".

די לעבנס־באַדינגונגען פון די עסטרייכישע יידן זיינען אָבער נאָך דעם געוואָרן נאָך שווערער. די לאַסט פון געוויינלעכע און אויסערגעוויינ־לעכע שטייערן איז געוואַקסן אָן אויפהער. צוזאַמען דערמיט האָט מען זיך

באַמיט דורך פאַרשידענע געזעצן צו פאַרקלענערן די צאָל פון דער יידישער באַפעלקערונג. צו דעם צוועק האָט מען איינגעפירט אַ „פרעהשן" געזעץ, לויט וועלכן עס איז באַגרענעצט געוואָרן די צאָל פון די יידן, וואָס האָבן פאַמיליעס: אין בעהמען האָבן געמעגט עקזיסטירן נישט מער פון 20 טויזנט יידישע פאַמיליאַנטן, און אין מעהרן — 5.100. מער פון דער צאָל יידן האָבן נישט געטאָרט חתונה האָבן. בכלל האָבן נישט געפעלט קיין באַליידיקנדיקע געזעצן פאַר יידן. אַזוי, למשל, האָט מען אין פראַג נישט דערלויבט די יידן צו קויפן אויפן מאַרק עסנוואַרג פריער פון אַ באַשטימטער שעה און דאָס איז געטון געוואָרן מיט דעם צוועק, אַז די קריסטן זאָלן פריער זיך פאַרזאָרגן מיט פּראָוויאַנט. די אַרטיקע מאַכט האָט געפאָדערט פון די יידן, אַז זיי זאָלן טראָגן אַ ספּעציעלן געלן צייכן אויף די מלבושים און דערצו זיינען זיי שטאַרק באַגרענעצט געוואָרן אויך אין האַנדל און אין האַנטווערק.

---

אין דעם זעלביקן יאָר (1670), ווען מען האָט פון עסטרייך אַרויסגעטריבן די יידן, האָט פאַר זיי זיך געעפנט אַ נייַ לאַנד — דאָס פּראָטעסטאַנטישע פּרייסן. נישט צוליב הומאַניזם און גאַסטפריינטלעכקייט האָט פּרייסן אַריינגענומען צו זיך די יידן, נאָר צוליב עקאָנאָמישע און פּאָליטישע צוועקן. דער גרויס־קורפירשט פרידריך־ווילהעלם פון בראַנדענבורג, וועלכער האָט געלייגט דעם פונדאַמענט צו דער אויבערהערשאַפט פון פּרייסן אין דייטשלאַנד, האָט זיך געשטעלט אַן אויפגאַבע אויפצוהייבן דעם עקאָנאָמישן וואוילשטאַנד פון לאַנד דורך אַ האַנדלס־קאָלאָניזאַציע. ער האָט זיך גענומען ווי אַ ביישפּיל האָלאַנד, וואָס האָט אויפגעבליט אַדאַנק די יידן, און אַריינגעלאָזט צו זיך אין לאַנד די אַרויסגעטריבענע יידן פון פראַנקרייך. אין בראַנדענבורג האָבן זיך נישט געפונען קיין יידן נאָך פון 1573־סטן יאָר אָן. נאָר נאָך דעם שלום אין וועסטפאַליע, ווען צו בראַנדענבורג זיינען צוגעקומען נייע צוויי פּראָווינצן, האַלבערשטאַדט און קלעווע, און דער גרויס־קורפירשט האָט דאָרט געפונען יידן, וואָס האָבן דאָרט שוין געוואוינט פון אַלטע צייטן, האָט ער געפונען פאַר נוצלעך זיי איבערצולאָזן אויף זייערע ערטער. ער האָט אַפילו געשטיצט די גרויסע יידישע סוחרים און איינעם פון זיי, אליהו גאָמפּערץ, האָט ער באַשטימט פאַר

זיין פינאַנציעלן אַגענט. פרידריך־ווילהעלם האָט פאַרשטאַנען, אַז די יידי־שע קאַפּיטאַליסטן קענען ברענגען פיל נוצן דער מלוכה און באַשלאָסן, זיי מקרב צו זיין. לויט זיין באַפולמעכטיקונג פלעגט גאַמפּערץ אָפּט פאָרן קיין אַמסטערדאַם פירן אונטערהאַנדלונגען וועגן אַנלייעס, און אין אַ צייט פון מלחמה פלעגט ער צושטעלן געווער און פולווער פאַר דער אַרמיי. ווען ער האָט זיך דערוואוסט וועגן דעם גירוש פון יידן אין עסטרייך, האָט פרידריך־ווילהעלם געשריבן זיין באָטשאַפטער אין ווין, אַז ער איז גרייט אויפצונעמען ביז 50 יידישע פאַמיליעס פון די רייכע קלאַסן, וועלכע זאָלן קומען קיין בראַנדענבורג מיט זייערע קאַפּיטאַלן. דער באָטשאַפטער האָט וועגן דעם מודיע געווען די פאָרשטייער פון דער יידישער געמיינדע אין ווין, וועלכע האָט אַרויסגעשיקט קיין בערלין אַ דעפּוטאַציע פון 12 מאַן, כדי צו פירן אונטערהאַנדלונגען מיטן קור־פירשט. אין אַ יאָר אַרום, אין מאַן 1671, זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן די באַדינגונגען, לויט וועלכע 50 יידישע פאַמיליעס האָבן געמעגט זיך באַזעצן אין בערלין און אין אַנדערע שטעט פון פרייסן. די דאָזיקע באַדינגונגען זיינען געווען שווערע און באַ־ליידיקנדיקע. נאָר פאַר געטריבענע מענטשן אָן אַ היים און אָן אַ שוץ, איז אויך דאָס גוט געווען. יידן איז דערלויבט געוואָרן צו וואוינען אין אַלע שטעט פון בראַנדענבורג אָן דעם רעכט צו דערווערבן אומבאַוועגלעכע גי־טער. פאַר דעם חסד איז יעדע יידישע פאַמיליע מחויב אַריינצוצאָלן יער־לעך אַכט טאָלער און אויסער דעם אייך גולדן גאָלד פון יעדער חתונה און קבורה. עפנטלעכע שולן בויען טאָר מען נישט און עס ווערט נאָר דער־לויבט איינצואָרדענען פריוואַטע מנינים. אַלערליי מסחרים זיינען דער־לויבט געוואָרן אויסער „וואָכער" און אַרויספירן מטבעות פון לאַנד. אויף די דאָזיקע באַדינגונגען זיינען די יידן אַריינגעלאָזט געוואָרן קיין בראַנ־דענבורג, דערווייל אויף 20 יאָר, מיט דעם רעכט צו באַנייען דעם אָפּמאַך נאָך דעם טערמין.

די עמיגראַנטן פון עסטרייך האָבן זיך דער עיקר באַזעצט אין בער־לין. באַלד זיינען אַהין אַריינגעדרונגען אויך די יידן פון די איבעריקע דייטשע מלוכות. זיי פלעגען אַהין אַריינגעלאָזט ווערן נאָר נאָך אַ שטרענ־גער רעוויזיע פון זייער פאַרמעגן. נישט־רייכע יידן זיינען אַהין אַריינגע־פאָרן בגנבה און אויף זיי פלעגט די קריסטלעכע באַפעלקערונג, ווי אויך די רייכע יידן אַליין, קוקן מיט רוגזה און פאַרדרוס. די קריסטלעכע איינ־

וואוינער האָבן זיך באַצויגן צו די עמיגראַנטן מיט שנאה און געפּועלט ביים קור־פירשט, אַז ער זאָל זיי באַגרענעצן אין האַנדל.

דער נאָכפאָלגער פון גרויס־קורפירשט פרידריך דער ערשטער, וועל־כער האָט אין יאָר 1701 אָנגענומען דעם טיטל „פּרייסישער קעניג״, האָט אויך זיך געהאַלטן בנוגע צו יידן ביי דער פּאָליטיק פון „שוץ״, ד״ה פאַר גרויסע פּרייזן האָט ער זיי געשאָנקען געוויסע רעכט. ווען די „שטאַנדן״ האָבן אָנגעהויבן זיך משתדל צו זיין, אַז מען זאָל ארויסטרייבן די יידן, וואָס האָבן באַוויזן צו באַזעצן זיך אין קעניגסבערג, טילזיט, מעמעל און אַנדערע שטעט, האָט דער קעניג נישט געפונען פאַר מעגלעך צו באַפרידיקן די דאָזיקע ביטע. אָבער אין דער זעלביקער צייט האָט ער אָנגענומען מיט־לען, אַז די יידישע באַפעלקערונג אין די שטעט, באַזונדערס אין בערלין, זאָל זיך נישט שטאַרק פאַרגרעסערן. פאַר דעם רעכט צו וואוינען האָט פרידריך אַרויפגעלייגט אויף די יידן אין גאַנץ פּרייסן אַן אַלגעמיינע סומע שטייערן — 1000 דוקאַטן, אַנשטאָט דעם פריערדיקן קאָפּ־אָפּצאָל. דערביי האָט מען שטרענג אונטערגעשיידט צווישן די יידן, וואָס האָבן געהאַט אַ דערלויבעניש צו וואוינען, און די, וואָס האָבן אַזאַ דערלויבעניש נישט געהאַט. די לעצטע פלעגט מען שטרענג באַשטראָפן און אַרויסשיקן פון לאַנד. פרידריך דער ערשטער האָט אויך געהאַט יידישע הויף־מעקלערס. אַ באַזונדער חשוב איז ביי אים געווען דער בערלינער יידישער יואוועליר יאָסט ליבמאַן, וואָס האָט געגעבן דעם קעניג אויף באָרג טייערע שטיי־נער, צו וועלכע פרידריך האָט געהאַט אַ שטאַרקע ליידנשאַפט. לייבמאַנען איז דערלויבט געוואָרן צו האָבן ביי זיך אין הויז אַ שול. אַזאַ פּריוואַטע שול האָבן אויך געהאַט די רייכע פאַמיליעס ריס און פייט. ווען צווישן די ביידע שולן איז אויסגעבראָכן אַ מחלוקת, האָט דער קעניג, נישט געקוקט אויף דעם אַלטן פאַרבאָט, דערלויבט אויסצובויען אַן עפנטלעכע שול (אין 1712), וועלכע איז אין צוויי יאָר אַרום באַנייט געוואָרן, אין דער אַנוועזנ־הייט פון קעניג אַליין. אויף אַזאַ אופן איז די יידישע געמיינדע אין בערלין אָפן געוואָרן לעגאַליזירט. די אָנגעלעגנהייטן פון דער געמיינדע זיינען געפירט געוואָרן דורך געוויילטע גבאים, וואָס פלעגן באַשטעטיקט ווערן פון קעניג.

אין גיכן איז אָבער פאָרגעקומען אַ קוריאָז וואָס האָט גורם געווען די רעגירונג זאָל זיך אַריינמישען אין אינערלעכן רעליגיעזן לעבן פון די

יידן. די משומדים וועגצל און קאָץ, וואָס זיינען אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דער יידישער געמיינדע, האָבן געמסרט די יידן, אַז אין דער תפילה „עלינו", וואָס זיי זאָגען נאָך יעדן דאַוונען, ווערט געלעסטערט קריסטוסעס נאָמען און ביים דערמאָנען דעם נאָמען שפייט מען אויס. די דאָזיקע באַשולדי־קונג איז באַזירט געוואָרן אויף דער ווייטערדיקער פראַזע פון „עלינו": „מיר לויבן גאָט, דעם באַשאַפער פון דער וועלט, דערפאַר, וואָס ער האָט אונדז נישט געמאַכט געגליכן צו יענע פעלקער, וואָס בוקן זיך צום נאַרישן און פוסטן און זיינען מתפלל צו אַ גאָט, וואָס קען זיי נישט העלפן". אין דער דאָזיקער פראַזע האָט מען געזען אַן אומכבוד פאַרן קריסטנטום און אין וואָרט „צום פוסטן" (וריק) האָט מען איינגעזען אַ רמז איבער קריס־טוסן אַליין (די ווערטער „וריק" און „יש"ו" באַטרעפן לויט די ציפערן פון די אותיות אַ גלייכע צאָל — 316). ווען מען האָט וועגן דעם צו וויסן געגעבן דעם קעניג, האָט ער באַפוילן, אַז די פראָווינציעלע אַדמיניסטראַ־טאָרס זאָלן אַרויסרופן צו זיך די רבנים און די פאָרשטייער פון די גע־מיינדעס און פאָדערן פון זיי אַ שבועה אויף דעם, צי אין „עלינו" געפינען זיך ווירקלעך באַליידיקנדיקע ווערטער קעגן קריסטנטום. די אַרויסגערופע־נע רבנים האָבן געענטפערט, אַז די רמזים פון „עלינו" זיינען נאָר קעגן די געצנדינער, אָבער נישט קעגן קריסטנטום. אַ גוטע מיינונג פאַר יידן האָט אויך אַרויסגעזאָגט דער אָנגעזעענער קריסטלעכער טעאָלאָג מיכאַעלס פון האַלע. דאָך איז אין האַרצן פון קעניג פאַרבליבן אַ חשד קעגן דער תפילה „עלינו". ער האָט דעריבער אַרויסגעגעבן אַ באַפעל (1703), אַז ביים זאָגן „עלינו" זאָלן די יידן נישט אַרויסריידן קיין ווערטער שטיל, נישט שפייען און נישט מאַכן קיין תנועות מיט די הענט. די השגחה אויף דער דאָזיקער פאַרדעכטיקער תפילה איז איבערגעגעבן געוואָרן פאָליציאַנטן, וועלכע האָבן געדאַרפט פון צייט צו צייט קומען אין די שולן אַריין און אַכטיק געבן, אַז „עלינו" זאָל דער חזן זאָגן הויך אויף אַ קול און אַז די יידן זאָלן דערביי נישט שפייען. די דאָזיקע באַליידיקנדיקע פאָליציייאישע השגחה אין די שולן איז ענדגילטיק בטל געוואָרן ערשט אין דער עפּאָכע פון משה מענדעלסאָן.

נישט בעסער איז אויך געווען דער גורל פון די יידן ביים קעניגן פון פרידריך־ווילהעלם דעם ערשטן (1714—1740). די אַלגעמיינע שטייע־רן אין דער בערלינער געמיינדע זיינען פאַרגרעסערט געוואָרן, נאָר דער־

פאַר איז יידן דערלויבט געוואָרן צו עפענען די קראָמען צוגלייך מיט די קריסטן און באַשעפטיקן זיך מיט עטלעכע צווייגן פון האַנדל, וואָס זיינען פריער געווען פאַרבאָטן. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ פּראָטעסט מצד די קריסטלעכע סוחרים פון בערלין, וואָס האָבן ארויסגעגעבן די ווייטערדיקע דעקלאַראַציע: „אַזוי ווי דער סוחרישער קלאַס באַשטייט פון אָרענטלעכע מענטשן, קענען אין איר נישט אריינגענומען ווערן קיין יידן, גנבים, מער־דער, גאָט־לעסטערער, אויסגעלאָסענע און בכלל מענטשן, וואָס באַזיצן מיאוסע אייגנשאַפטן". די סוחרים האָבן זיך אויך משתדל געווען פאַרן קעניג, אַז ער זאָל באַגרענעצן די יידן אין האַנדל, זיי האָבן דאָס אָבער נישט געפּועלט. אגב, איז דער קעניג געווען נישט ווינציקער יידנפיינד פון די בערלינער קריסטלעכע קרעמער און זיך באַמיט, אַז די יידישע באַ־פעלקערונג זאָל נישט וואַקסן. אין 1730 האָט ער אַרויסגעגעבן „אַ גענע־ראַל־פּריווילעגיע און רעגלאַמענט וועגן יידן", וואו עס איז אויפן שטרענג־סטן אופן באַרמירט געוואָרן די צאָל פון דער יידישער באַפעלקערונג. וואוינרעכט האָט יעדער ייד געקענט איבערגעבן נאָר זיין עלטסטן זון, וואָס באַזיצט אַ קאַפּיטאַל נישט ווינציקער פון 2000 טאַלער; פאַר די איבע־ריקע איז דער צענז פון וואוינרעכט שוין פיל גרעסער. אין בערלין האָבן געמעגט וואוינען נאָר 120 יידישע פאַמיליעס, און אַזוי ווי עס זיינען שוין געווען דאָרט גאַנצע 180 פאַמיליעס, האָט דער קעניג באַפוילן די איבע־ריקע אַרויסצוטרייבן. אויף אָנקלאָגן און טענות פון די יידן האָט דער קעניג געענטפערט, אַז ער וועט ליבער איינשטימען, אַז אַלע יידן זאָלן פאַרלאָזן בערלין און אַז ער זאָל פאַרלירן דעם יערלעכן שטייער פון 20 טויזנט טאַלער, איידער צו דערלאָזן, אַז די קריסטן זאָלן עקספּלאָאַטירט ווערן דורך די יידן.

דאָס אונטערדריקן יידן איז אויך פאַרבליבן אין דער עפּאָכע פון „אויפגעקלערטן אַבסאָלוטיזם", ביים קעניגן פון פרידריך דעם צווייטן „דעם גרויסן" (1740־1786). נישט געקוקט דערויף, וואָס פרידריך איז געווען אַ פילאָזאָף, אַן אויפגעקלערטער, האָט ער דאָך בנוגע צו יידן ניט געקענט באַפרייען זיך פון די אַלטע אַבערגלויבנס און נישט אָנערקענט די עלעמענטאַרסטע רעכטן פאַר זיי. ער האָט נישט באַהאַלטן זיין שנאה צו יידן און אָנגעווענדעט אַלע מיטלען, אַז זייער לאַגע אין פּרייסן זאָל נישט ווערן פאַרבעסערט. לויט דעם „גענעראַל רעגלאַמענט" פון פריד־

ריך דעם צווייטן זיינען אויף יידן נישט חל געווען די אַלגעמיינע געזעצן, וואָס זיינען געווען גילטיק פאַר דער גאַנצער מדינה, נאָר זיי האָבן זיך גערעכנט ווי „שוץ־יידן", ד. ה. זיי זיינען געשטאַנען אונטער דער שוץ פון קעניג אַליין, וועלכער האָט געקענט מיט זיי טון, וואָס זיין האַרץ גלוסט. די „שוץ־יודען" זיינען געווען איינגעטיילט אין צוויי קאַטעגאָריעס: אָרדינערע און עקסטראַאָרדינערע. צו די ערשטע האָבן געהערט די אַנגעזעענע רייכע סוחרים, איבערהויפּט פאַבריקאַנטן, וועלכע האָבן נאָכן טויט איבערגעגעבן זייער וואוינרעכט און רעכט פון האַנדל זייערע עלטערע זין. די „עקסטראַאָרדינערע" זיינען געווען די יינגערע מיטגלידער פון יעדער יידישער פאַמיליע, וועלכע האָבן געהאַט וואוינרעכט נאָר פאַר זיך אַליין, אָבער נישט געקענט איבערגעבן דאָס רעכט זייערע קינדער, סיידן לויט אַ ספּעציעלער דערלויבעניש פון קעניג, אונטער געוויסע באַדינגונגען. כדי „אויסצוניצן" די שעדלעכע יידן, וועלכע מען האָט געהאַלטן אין לאַנד נאָר צוליבן „ריווח", האָט פרידריך אַרויפגעלייגט אויף זיי אַן אָריגינעלן שטייער: יעדער ייד, וואָס האָט געוואָלט באַקומען אַ דערלויבעניש חתונה צו האָבן אָדער צו דערווערבן אומבאַוועגלעכן פאַרמעגן, האָט געמוזט פריער קויפן אין דער קעניגלעכער פאָרצעליי־פאַבריק אַ געוויסע צאָל פאָרצעליי אויף אַ סומע פון 300 ביז 500 טאָלער און די איינגעקויפטע כלים האָבן געמוזט עקספּאָרטירט ווערן קיין אויסלאַנד. די געצוואונגענע קונים פון דעם פאָרצעליי האָבן נאַטירלעך געליטן שאָדן, ווייל דאָס אַריבערפירן איבער דער גרענעץ האָט געקאָסט זייער טייער, אָבער דערפאַר האָט פרידריך זיך געטרייסט מיט דעם געדאַנק, אַז דורך דעם דאָזיקן אייגנטימלעכן שטייער אויף יידן ווערט דערווייל געשיצט און פאַרשפּרייט די פּרייסישע אינדוסטריע. כדי צו אַנטוויקלען די אינדוסטריע אין לאַנד פלעגט פרידריך אויך אַרויסגעבן די יידן קאָנצעסיעס אויף פאַבריקן, אָדער זיי דערלויבט צו פאַרגרעסערן די צאָל מיטגלידער פון זייער פאַמיליע מיט דעם תנאי, אַז זיי זאָלן אויסבויען פאַבריקן. אויף אַזאַ אופן פלעגן די יידן געניסן פון געוויסע זכיות און פאַר געלט קויפן זייער רעכט צו עקזיסטירן. ביי דעם אַלעם זיינען אָבער די יידן דאָך געווען אין די הענט פון „פילאָזאָף" פרידריך דעם צווייטן, נישט מער ווי אַ שפּילצייג, מיט וועלכע ער האָט געקענט רעגירן אָן שום פאַראַנטוואָרטלעכקייט, מאַכן איבער זיי פאַרשידענע עקספּערימענטן, זיי טון

גוטס אָדער שלעכטס לויט זיין אייגענעם קאַפּריז. אַמאָל האָט פרידריך די יידן „באַשיצט" און געטון טובות, און אַן אַנדער מאָל — זיי געיאָגט און געטריבן. ווען, נאָך דער ערשטער צעטיילונג פון פוילן, איז איבערגעגאַנגען צו פּרייסן אַ טייל פון דער וייסל־געגנט מיט אַ באַדייטנדיקער יידישער באַפעלקערונג (1772), האָט פרידריך געוואָלט אַרויסטרייבן פון דער נייער פּראָווינץ אַן ערך 4000 יידן, וואָס זיינען פאַר אים געווען נישט „נוצלעך", און נאָר מיט גרויס מי האָט זיך איינגעגעבן אים אָפּצוריידן פון דעם קאַפּריז. יעדנפאַלס האָבן די פּוילישע יידן, וואָס זיינען איצט געוואָרן פּרייסישע אונטערטאַנען, פאַרלוירן פיל פון זייערע רעכט, וועלכע זיי האָבן געהאַט אונטער דער הערשאַפט פון פוילן.

---

גייען מיר איבער צו דייטשלאַנד בכלל. אין דער לאַגע פון די דאָרטיקע יידן אין דער עפּאָכע פון העלפט 17־טן ביז העלפט 18־טן יאָרהונדערט באַמערקן מיר כמעט דעמזעלבן פּראָצעס, וואָס אין אַנדערע לענדער. אויך דאָרט האָט מען יידן נאָך באַהאַנדלט ווי אַ נידעריקן קלאַס מענטשן, אָדער גאָר אויסוואורפן פון דער מענטשהייט, אויך דאָרט האָבן די אַלטע אַבערגלויבנס אַרויסגערופן שנאה און אומצוטרוי צו יידן, אָבער דאָס לעבן איז זיך געגאַנגען מיט זיין אייגענעם וועג און קעגן דעם רצון פון די יידישע שונאים אַלץ מער דערנענטערט די יידן צו זייער בירגערלעכער גלייכבאַרעכטיקונג, וואָס האָט געמוזט קומען. דער קאַפּיטאַליזם, וואָס איז געגאַנגען מיט אַ טריומפירנדיקן מאַרש איבער אייראָפּע, האָט געבראַכט דערצו, אַז דעם הויפּט־פּלאַץ אין דער אינדוסטריע זאָלן פאַרנעמען די שטעט און די הויפּט־פאַקטאָרן פון דער דאָזיקער עקאָנאָמישער אויפלעבונג זיינען כמעט אומעטום געווען די גערודפטע און באַליידיקטע יידן. אַ דאַנק זיי האָט שטאַרק אויפגעבליט דאָס קליינע האָלאַנד, עס האָבן אויפגעוואַקסט די פּאָרט־שטעט פון צפון־דייטשלאַנד, עס האָט אָנגעהויבן זיך שטאַרק אַנטוויקלען דאָס יונגע פּרייסן. אַ דאַנק דער עקאָנאָמישער ראָליע פון די יידן האָבן זיי אויך אין דייטשלאַנד פאַרפעסטיקט זייערע אַלטע פּאָזיציעס און דערוואָרבן נייע קאָלאָניעס, צווישן וועלכע עס האָט אַ גרויסן פּלאַץ פאַרנומען די האַמבורגער געמיינדע.

די פּיאָנערן פון דעם פּראָצעס אין דער נייער צייט זיינען געווען

די פּאָרטוגעזישע מאַראַנען, — די זעלבע, וואָס האָבן געגרינדעט אַזאַ גרויסן קולטור־צענטער אויך אין אַמסטערדאַם. נאָך אין יאָר 1583 האָט אַ גרופּע דייטשע יידן זיך געווענדעט מיט אַ ביטע צום סענאַט אין האַמבורג, אַז ער זאָל זיי דערלויבן וואוינען דאָרט לכל הפּחות אויף אַ צייט, ביי גוטע באַדינגונגען פאַר דער שטאָט, נאָר די דאָזיקע ביטע איז אָפּגעזאָגט געוואָרן. אין גיכן זיינען אָבער קיין האַמבורג אַריינגעדרונגען די מאַראַנען פון פּאָרטוגאַל, וועלכע האָבן די ערשטע צייט זיך אַרויסגעגעבן פאַר קאַטוילקן. צווישן זיי זיינען געווען רייכע סוחרים, פאָרשטייער פון אויסלענדישע פירמעס און דאָקטוירים. איינער פון די מאַראַנישע דאָקטוירים, ראָדריגאָ דע־קאַסטראָ, איז געוואָרן זייער פּאָפּולער צווישן דער קריסטלעכער באַפעלקערונג אין דער צייט פון דער דזשומאַ־עפּידעמיע, וואָס האָט געבושעוועט אין האַמבורג. ביסלעכווייז האָבן די מאַראַנען אָנגעהויבן אַראָפּוואַרפן פון זיך די מאַסקע פון קריסטנטום און אָפּן זיך אַרויסגעבן פאַר יידן. די קריסטלעכע איינוואוינער זיינען געוואָרן זייער אויפגעבראַכט און אָנגעהויבן פאָדערן פון סענאַט, אַז מען זאָל די מאַראַנען אַרויסטרייבן פון שטאָט. אָבער נישט אַזוי לייכט איז געווען אַרויסצוטרייבן אַ גאַנצע גרופּע מענטשן, וואָס האָבן שוין געהאַט פאַרנומען וויכטיקע פּאָזיציעס אין עקאָנאָמישן לעבן פון שטאָט. און דער סענאַט האָט זיך דעריבער געווענדעט צו די טעאָלאָגישע פאַקולטעטן פון יענאַ און פראַנקפורט מיט אַן אָנפראַגע, וואָס מען דאַרף דאָ טון. די טעאָלאָגן פון יענאַ האָבן געענטפערט, אַז מען קען די יידן לאָזן ווייטער וואוינען מיט דעם באַדינג, אַז זיי זאָלן זיך נישט פאַרזאַמלען אין עפנטלעכע שילן און זיי זאָלן זיין געצוואונגען צו הערן מיסיאָנערישע דרשות וועגן קריסטנטום. די טעאָלאָגן פון פראַנקפורט ווידער האָבן אויסגעדריקט זייער האָפענונג, אַז די מאַראַנען וועלן סוף כל סוף ווען עס איז ווערן טרייע קריסטן. אויפן גרונד פון די תשובות האָט דער סענאַט (1621) דערלויבט די מאַראַנען צו וואוינען אין האַמבורג, געשאָנקען זיי דאָס רעכט פון פרייען האַנדל, נאָר דערפאַר שטאַרק באַגרענעצט זייערע פּערזענלעכע רעכט: מען האָט זיי פאַרבאָטן צו בויען א שיל, קויפן נחלאות און זייערע מתים האָבן זיי געמוזט פירן צו קבורה קיין אַלטאָנאַ, וואו די יידן האָבן געהאַט אַ בית עלמין. עס איז אַנטשטאַנען אַ משונהדיקע לאַגע: אין דער צייט, ווען די יידן אין האַמבורג האָבן שוין געהאַט

אויסגעבויט אַ גרויסע האַנדלס־באַנק (צווישן די גרינדער פון דער באַ־רימטער האַמבורגער באַנק — אין יאָר 1623 — זיינען געווען יידן), האָבן זיי נאָך נישט געהאַט קיין אייגענע שיל און אַפילו קיין אָרט צו באַגראָבן זייערע טויטע. אָבער ביסלעכווייז האָט די ספּרדישע קהלה זיך פאַרגרעסערט; זיי האָבן זיך דערשפּירט פעסטער און אין יאָר 1626 האָבן זיי שוין, נישט געקוקט אויף דעם פאַרבאָט, אויסגעבויט אַ קליינע שיל מיטן נאָמען ,,תלמוד תורה" און איינגעלאַדן צו זיך אַ רב.

עס האָט זיך ווידער אויפגעהויבן אַ רעש. דער עסטרייכיש־דייטשער קייזער פערדינאַנד דער צווייטער האָט געשיקט דעם סענאַט אַ שטרענגן פאַרוואורף, פאַרוואָס ער דערלאָזט יידן, צוליב פּראַקטישע חשבונות, אַזוי פריי זיך לעבן. אויף דער אָנפראַגע פון סענאַט האָבן די יידן דיפּלאָמאַ־טיש אָפּגעענטפערט, אַז זיי האָבן אויסגעבויט נישט קיין שיל, נאָר אַ פּשוט הויז, וואו מען זאָל קענען צוזאַמען לייענען די תורה, נביאים און תהלים זאָגן. דערביי האָבן די יידן געגעבן אַ אָנצוהערעניש, אַז אויב מען וועט זיך מיט זיי באַגיין שטרענג, וועלן זיי איבערפירן זייערע קאַ־פּיטאַלן אין אַנדערע שטעט. אויפן סענאַט, וועלכער האָט געזאָרגט פאַר די האַנדלס־אינטערעסן פון שטאָט, האָט דאָס געהאַט אַ ווירקונג. דאַ־קעגן האָבן אָבער די גייסטלעכע זיך נישט באַרואיקט. זיי האָבן נישט אויפגעהערט אַגיטירן קעגן יידן. פון די גייסטלעכע האָט זיך אויסגע־צייכנט דער פאַנאַטישער גלח יאָהאַן מילער, וועלכער האָט געפאָדערט, אַז מען זאָל פאַרמאַכן די יידישע שיל, פאַרווערן זיי צו פאַרנעמען זיך מיט מעדיצינישער פּראַקטיש און בכלל באַנייען קעגן זיי אַלע מיטלאַל־טערישע רעפּרעסיעס. זיינע אַנטיסעמיטישע אידעען האָט ער אַרויסגע־בראַכט אין אַ באַזונדער בוך מיטן טיטל: ,,דער יודאַאיזם, אָדער אַן אויספירלעכע דערקלערונג וועגן אומגלויבן, פאַרבלענדעניש און אָפּגע־שטאַנענקייט פון יידישן פאָלק". אָט די גייסטלעכע פאַנאַטיקער זיינען אָבער נישט אימשטאַנד געווען עפּעס אויפצוטאָן. די קהלה פון די פאַר־טוגעזן אין האַמבורג האָט שוין דעמאָלט געהאַט עטלעכע הונדערט מיט־גלידער, צווישן וועלכע עס זיינען געווען גרויסע קאַפּיטאַליסטן און אַזעל־כע אָנגעזעענע און איינפלוסרייכע מענטשן, ווי די באַנקירן דיעגאָ־אברהם און זיין זון עמנואל־יצחק טעקסייראַ, יעקב קוריעל און בוניעס דע־קאָסטאַ, קאָנסולן פון פּאָרטוגעזישן קעניג. די אַלע האָבן געפירט אַ

ברייט לעבן, געפאָרן אין שיינע עקיפּאַזשן און אויסערלעך איז שווער געווען אונטערצושיידן זיי פון פירשטן.

אין דער צווייטער העלפט פון 17־טן יאָרהונדערט איז אין האַמ־בורג צוזאַמען מיט דער ספרדישער געמיינדע געגרינדעט געוואָרן אַ גע־מיינדע פון אשכנזים. די ערשטע אשכנזים זיינען אַהין, ווי ס'ווייזט אויס, אַריינגעדרונגען פון אַלטאָנאַ, וואָס איז זייער נאָענט פון האמבורג, כמעט ווי איין שטאָט. נאָר האָט זיך געפונען אונטער דער הערשאַפט פון דענעמאַרק. די אַלטאָנער יידן האָבן געפירט זייערע מסחרים אין האַמבורג און ביסלעכווייז דאָרט געגרינדעט אַ זעלבסטשטענדיקע געמיינ־דע. אין דער צייט, וואָס די ספרדים האָבן זיך באַטייליקט אין דער גרויס־אינדוסטריע, האָבן די אַשכנזים זיך פאַרנומען מיט קליין־האַנדל. אָבער אויך צווישן זיי האָבן זיך געפונען רייכע מענטשן. די דייטשן פלעגן די אשכנזים רודפן נאָך מער ווי די ספרדים, וואָס האָבן געהאַט אַ שטיקל פּאָליטישע מאַכט אין אויסלאַנד און געשפּירט זיך פעסטער. דאָך האָבן די געמיינדעס פון האַמבורג און אַלטאָנאַ מיט דער צייט זיך אַנטוויקלט. אין גיכן איז צו זיי צוגעקומען די קהלה פון דער שכנותדיקער שטאָט וואַנדסבעק און די אַלע דריי אַשכנזישע געמיינדעס האָבן זיך פאַראייניקט אונטער דער הנהגה פון איין רב, וואָס האָט געוואוינט אין אַלטאָנאַ. די רבנים פון דער דאָזיקער פאַראייניקטער געמיינדע (אונטער די ראשי תיבות אה"ו) זיינען געווען אַזעלכע באַרימטקייטן, ווי ר' יצחק קאַצענעלענבויגען, ר' יהונתן אייבעשיץ און ר' רפאל כהן. דער רב פון דער ספרדישער קהלה איז אַ געוויסע צייט געווען דער באַרימטער רב יעקב ששפורטש. מיט דער צייט האָבן די אשכנזים, אַ דאַנק זייערע פעאיקייטן צוצופּאַסן זיך צו די אַרומיקע באַדינגונגען, ביסלעכווייז גובר געווען די ספרדים און אין דער צייט, ווען די אשכנזישע קהלות זיינען אַלץ מער געשטיגן, זיינען די ספרדים אַלץ מער געפאַלן. שפּעטער זיינען די שטאָלצע ספרדים אינגאַנצן אַוועק פון האַמבורג און איבערגעוואַנ־דערט קיין האָלאַנד, ענגלאַנד און אַמעריקע.

די לאַגע פון די יידן אין די אַלטע געטאָס פון דייטשלאַנד איז געווען באַדייטנדיק ערגער. אין פראנקפורט אַם מאַין זיינען אין יאָר 1694, לויט דער אָפיציעלער רשימה, געווען 415 יידישע פאַמיליעס, און נאָר אַ העלפט פון זיי האָבן זיך פאַרנומען מיט באַשטימטע באַ־

שעפּטיקונגען: 109 — מיט געבן געלט אויף פּראָצענט און מיט אַלט־וואַרג, 106 — מיט מאַנופאַקטור און גאַלאַנטעריי־סחורות, 26 — מיט באַקאַליי, 9 — מיט וויין און ביר, 5 האָבן געהאַלטן האָטעלן און רעס־טאָראַנען. די איבעריקע פאַמיליעס האָבן שוין געלעבט פון די דאָזיקע „באַזאָרגטע" יידן. אין דערווירקלעכקייט איז אָבער די צאָל יידישע פאַמיליעס אין פראַנקפורט געווען גרעסער פון דער דאָזיקער אָפיציע־לער ציפער. ווען אַ שרפה האָט אין יאָר 1711 פאַרניכטעט דעם יידישן קוואַרטאַל אין פראַנקפורט, זיינען געבליבן אָן אַ דאַך ביז 2000 יידן. אָט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג האָט געלעבט אין ענגן געטאָ, פון וועלכן מען האָט געמעגט אַרויסגיין אין דער „קריסטלעכער שטאָט" נאָר אין באַשטימטע שעהען פון טאָג. ביינאַכט פלעגן די טויערן פון געטאָ געשלאָסן ווערן און ביי זיי איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַ וואַך. זונטיק און אין די קריסטלעכע ימים טובים פלעגט דאָס געטאָ אָפּגע־שלאָסן ווערן נאָך 4 אַזייגער ביי טאָג. אַרויסגיין פון געטאָ האָט מען געקענט נאָר אין עקסטרע צופאַלן, ווי שיקן נאָך אַ דאָקטאָר אָדער אָפּ־טראָגן אַ בריוו אויף פּאָסט. אין די גאַסן האָבן די יידן נישט געטאָרט גיין איבער די טראָטואַרן און דערביי פלעגן זיי די גאַסן־יינגלעך נאָכ־לויפן און שרייען פאַרשידענע באַליידיקנדיקע אויסרופן. די אומגליק־לעכע האָבן געמוזט אַראָפּנעמען די היטלען, דען אַנדערש האָט מען זיי געשלאָגן.

אין די ערשטע יאָרן פון 18־טן יאָרהונדערט האָט אין דייטשלאַנד זיך אָנגעהויבן אַ גרויסע ליטעראַרישע אַגיטאַציע קעגן יידן. דער אָנ־פירער פון דער אַגיטאַציע איז געווען דער פּראָטעסטאַנטישער גע־לערנטער יאָהאַן אייזענמענגער, וועלכער האָט געלייענט לעקציעס וועגן די מזרח־לשונות אין היידעלבערגער אוניווערזיטעט. ווען ער האָט זיך באַקענט אויבערפלעכלעך מיט דער רבנישער ליטעראַטור, האָט ער פון דאָרטן אַרויסגענומען פאַרשידענע אַפאָריזמען און אַנעקדאָטן, צונויפ־געזאַמלט פון דער אַלטער ליטעראַטור אַלע באַשולדיקונגען קעגן יידן און אויפן גרונד פון דעם מאַטעריאַל האָט ער אָנגעשריבן אויף דייטש אַ בוך אין צוויי טיילן מיט אַ משונהדיק לאַנגן טיטל, און דאָס ווערק האָט געזאָלט זיין ווי א מין ענציקלאָפּעדיע פון אַנטיסעמיטיזם פאַר די „אָרנטלעכע קריסטן". ווען דאָס בוך האָט זיך נאָך געפונען אין דרוק,

האָבן שוין וועגן דעם זיך געטראָגן קלאַנגען און די יידן זיינען געוואָרן זייער אומרואיק. זיי האָבן זיך געווענדעט צום איינפלוסרייכן יידן שמואל אָפּענהיים, אַ באַנקיר אין ווינער הויף, מיט דער ביטע, ער זאָל זיך משתדל זיין פאַר דעם אימפּעראַטאָר לעאָפּאָלד דעם ערשטן און אויס־פועלן ביי אים אַן אַרעסט אויף אייזענמענגערס בוך, וואָס קען אַרויס־רופן אַן אויפרעגונג צווישן המון. אַ דאַנק די ענערגישע באַמיאונגען פון אָפּענהיים האָט לעאָפּאָלד באַפוילן צו פאַרחתמענען און האַלטן פאַר־שלאָסן אַלע 2000 עקזעמפּליאַרן פון אָפּגעדרוקטן ווערק. די יידן האָבן פאַרגעלייגט אייזענמענגערן 12 טויזנט גולדן בתנאי, אַז ער זאָל איב־גאַנצן פאַרניכטן זיין בוך, נאָר יענער האָט געפאָדערט דרייסיק טויזנט גולדן און פון געשעפט איז גאָרנישט געוואָרן. אין גיכן איז אייזענ־מענגער געשטאָרבן. זיינע יורשים האָבן אָנגעווענדעט אַלע מיטלען אַראָפּצונעמען דעם אַרעסט פון בוך און זיי האָט זיך איינגעגעבן אַרייג־צוציען אין דעם ענין דעם פּרייסישן קעניג פרידריך, וועלכער איז אין יענער צייט געווען פאַרגלויבט אין די אַנטיסעמיטישע העצעס. פרידריך האָט זיך משתדל געווען פאַרן אימפּעראַטאָר לעאָפּאָלד, אַז דאָס בוך זאָל ווערן דערלויבט, און דערביי אָנגעוויזן, אַז דער אויטאָר האָט געליטן פיל שאָדנס און איז דורך דעם אפילו פּריצייטיק געשטאָרבן. לעאָפּאָלד האָט אָבער נישט געוואָלט משנה־זיין זיין וואָרט. דאַן איז דאָס בוך אָפּגע־דרוקט געוואָרן אין קעניגסבערג, וואו די מלוכה־צענזור האָט נישט גע־האָט קיין שליטה. דער דאָזיקער פּאַמפלעט איז פון יענער צייט אָן גע־וואָרן אַן אומאויסשעפּלעכער קוואַל פאַר די אַנטיסעמיטן פון אַלע לענ־דער. דער אַנטיסעמיטיזם דאַטירט פון דאַן זיין כלומרשט טעאָרעטישע באַגרינדונג, און פון דאָרטן האָבן די יידנפיינד נישט אויפגעהערט צו שעפּן פאַלשע ציטאַטן פון תלמוד, אַנעקדאָטן פון דער רבנישער ליטע־ראַטור און קאָמישע קוריאָזן וועגן יידן.

אין יענער צייט האָט אין גאַנץ דייטשלאַנד אָנגעמאַכט אַ גרויסן טומל אויך אַ פּאָליטישער פּראָצעס קעגן יידן. ביים הויף פון הערצאָג קאַרל־אַלעקסאַנדער ווירטעמבערגער אין שטוטגאַרט האָט געדינט ווי אַ פינאַנץ־אַגענט און פאַרמיטלער דער פעאיקער ייד יוסף זוסיע אָפּענהיי־מער, וועלכער האָט זיך פאַרנומען מיט צושטעלן פאַדריאַדן פאַר די אַר־מייען פון פאַרשידענע דייטשע פירשטן. דער הערצאָג קאַרל, אַ מענטש מיט

קליינע מיטלען און אַ גרויסן אַפּעטיט, האָט זיך באַנוצט מיט זיין יידישן פאַרמיטלער פאַר פאַרשידענע ריזיקאַלישע אונטערנעמונגען. אָפּענהיימער האָט באַקומען דעם קאָנטראָל איבער די געלט־אָפּעראַציעס, ער איז אויך געווען ממונה אויף די מלוכה־שטייערן, געהאַט אין זיינע הענט דעם מאָ־נאָפּאָל אויף פאַרשידענע מלאכות און פאַר די אַלע פריווילעגיעס האָט דער הערצאָג פון אים געפאָדערט נאָר איין זאַך: אַז ער זאָל מיט אַלע מיטלען זען פאַרגרעסערן די הכנסות זיינע. אָפּענהיימער, וועלכער האָט פאַקטיש פאַרנומען די שטעל פון אַ פינאַנץ־מיניסטער, האָט פלייסיק דער־פילט דעם רצון פון זיין האַר און איינגעפירט שטרענגע תקנות וועגן אויפ־מאָנען פּינקטלעך די שטייערן, וועלכע זיינען אַלע מאָל פאַרגרעסערט גע־וואָרן און געלעגן ווי אַ לאַסט אויפן פאָלק. די הויפליייט האָבן נישט ליב געהאט דעם ייד אָפּענהיימער און געזוכט אַ געלעגנהייט אים אומצובריינ־גען פון דער וועלט. דאָס פאָלק האָט אים, נאַטירלעך, אויך שטאַרק נישט ליב געהאט און באַטראַכט נישט ווי אַ פשוטן ווערקצייג אין די הענט פון זיין בעל־הבית, נאָר ווי אַ ייד, וואָס זויגט דאָס בלוט פון דער קריסטלע־כער באַפעלקערונג. זיינע שונאים האָבן אים איין מאָל, בשעת דעם געלט־קריזיס אין גאַנץ דייטשלאַנד, באַשולדיקט, אַז ער האָט אַרויסגעלאָזט מטבעות העכער פון דער נאָרמע און נישט אין דער אמתער וואָג, לויט דעם ווערט פון די מטבעות. אָפּענהיימער האָט באַוויזן זיין אומשולדיקייט פאַר אַ קאָמיסיע פון עקספּערטן, — זיינע שונאים האָבן זיך אָבער נישט באַ־רואיקט און יעדעס מאָל אויסגעזוכט אַ נייע געלעגנהייט אים צו קאָמפּראָ־מעטירן. קעגן אים האָט מען אַרויסגעשטעלט פאַרשידענע באַשולדיקונ־גען: דאָס פאָלק איז געווען אויפגעבראַכט אויף דער עשירות, אין וועלכער דער ייד אָפּענהיימער האָט געלעבט, און איז געווען איבערצייגט, אַז פון אים שטאַמען אַלע שלעכטע פּראָיעקטן און געזעצן, וואָס דער הערצאָג גיט אַרויס. אָפּענהיימער האָט פאַרשטאַנען, אין וואָס פאַר אַ געפאַר ער געפינט זיך, און נישט איין מאָל געבעטן ביים הערצאָג דימיסיע, נאָר יענער האָט אים נישט געוואָלט אָפּלאָזן פון זיך. אין דעם מאָמענט, ווען דער הערצאָג האָט שוין ענדלעך מסכים געווען צו געבן אים דימיסיע, איז פּלוצים געשען אַ קאַטאַסטראָפע. אָפּענהיימער האָט געהאט די לעצטע זעאונג זיינע מיטן הערצאָג אין לודוויגסבורג, וואו ער האָט זיך מיט אים געזעגנט, נאָר אין מיטן דעם געזעגענען זיך איז דער הערצאָג פּלוצים געשטאָרבן (מאַרץ,

1737). אָפּענהיימער איז אַוועק צוזאַמען מיט אַ מיליטערמאַן פון הער־צאָגס סוויטע קיין שטוטגאַרט, כדי אָנצוזאָגן דער הערצאָגן וועגן טויט פון איר מאַן. אָבער דאָ האָט אים דערוואַרט אַן אַרעסט: אים האָט מען אַריינגעוואָרפן אין תפיסה צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע שטוטגאַרטער יידן. אויף דעם פאַרהער האָט מען אים געפּייניקט און אַרויסבאַקומען ביי אים דורך ענויים, אַז ער זאָל זיך מודה זיין אין פאַרשידענע פאַרברעכנס. דאַן האָט מען אים פאַרמשפּט צום הענגען. מען האָט אים איבערגעלייענט דעם אורטייל און פאַרגעלייגט אָנצונעמען די קריסטלעכע אמונה, נאָר ער האָט געענטפערט: „איך וויל בלייבן אַ ייד; איך פאַל ווי אַ קרבן פון געוואַלט־טאָט און אומרעכט". דעם דריטן פעברואַר 1738 האָט מען דעם פאַר־משפּטן ארויסגעפירט אין מיטן שטאָט און ביי אַ גרויסן עולם אויסגע־פירט דעם טויט־אורטייל. ער איז געשטאָרבן ביי געשרייען פון „שמע ישראל" און ביי פרייד־אויסרופן פון פּובליקום. אויף די גראַווירן פון יע־נער צייט איז אויסגעמאָלט די טויט־שטראָף פון אָפּענהיימער און אויף איינער פון זיי געפינט זיך די וויטערדיגע סאַטירישע אויפשריפט אין פערזן: „זיס, וועלכער האָט שלעכט געקענט די תורת משה און איז אויך קיין קריסט נישט געווען, וועלכער האָט אָפּגעלאַכט פון די גייסטלעכע און דאָס פאָלק אָרים געמאַכט... דעם הויף און דאָס לאַנד אָפּגענאַרט, אין דער מלוכה פאַלשע מטבעות אַריינגעפירט, קיין געזעץ נישט געהיט און קיין רעכט נישט געאַכט, — דער מוז איצט פגרן, ווי אַ הונט, און ווי אַ לויבן — מיט זיך די תליה באַפּוצן".

---

אין יענער עפּאָכע איז אין ערגעץ אַזוי פּלייסיק און אויסגעהאלטן נישט אָפּגעהיט געוואָרן די פּאָליטיק פון „אפּוטרופּסות" איבער יידן, ווי אין איטאַליע. זינט דער קאַטוילישער רעאַקציע אין דער צווייטער העלפט פון 16־טן יאָרהונדערט, ווען דער פאַנאַטישער פּויפּסט פּאַול דער פערטער האָט ווידער איינגעפירט די מיטלאַלטערלעכע אכזריותדיקע געזעצן וועגן יידן, איז דאָס יידישע לעבן געוואָרן אומדערטרעגלעך. פון גאַנץ איטאַליע, אויסער רוים און אַנקאָנאַ, האָט מען יידן אַרויסגעטריבן, אָבער אויך דאָס ביסל יידן, וואָס האָט געהאט וואוינרעכט אין די פּויפּסטלעכע פּראָווינצן, איז ווי איבערגעלאָזט געוואָרן נאָר מיט דעם צוועק, אַז מען זאָל זיי פּיי־ניקן און מאַכן איבער זיי פאַרשידענע עקספּערימענטן. די איבערגעבליבענע

יידן זיינען געוואָרן שענדלעכע קנעכט, וואָס קומען אָפּ אַ שטרענגע שטראָף פאַר זייער געהערן צו דער יידישער רעליגיע, אָדער זיי זיינען מיט געוואַלט געשלעפּט געוואָרן אין דער קירך. די פּאָליטיק פון די פּויפּסטן איז באַשטאַנען דערין, אַז יידן דאַרף מען נישט פאַרטיליקן, נישט אין גאַנצן אויס־רוימען, נאָר האַלטן אין שענדלעכער שקלאַפעריי און דערמיט באַווייזן דער קריסטלעכער וועלט, ווי אַזוי גאָט באַשטראָפט די „שונאים פון דער קירך". אין דער דאָזיקער פּאָליטיק האָבן זיך געהאלטן אַלע פּויפּסטן פון דער דערמאָנטער עפּאָכע.

דער יידישער קוואַרטאַל אין רוים האָט זיך געפונען אויפן ברעג פון טיבער, אין אַ טאָל, וואָס פלעגט אָפט ווערן פאַרפלייצט בעת אַ גרויסן רעגן, אָדער ווען דער טייך האָט זיך פונאַנדערגעגאָסן. דער דאָזיקער קוואַר־טאַל איז געווען אָפּגעטיילט פון די איבעריקע טאָלן פון שטאָט דורך אַ פעסטער וואַנט, אין וועלכער עס זיינען געווען געמאַכט טויערן אויף צו אַרויסגיין. קעגנאיבער דעם הויפּט־טויער איז געשטאַנען אַ הילצערנער צלם מיט אַן אויפשריפט אויף העברעיש פון נביא ישעיהו: „אַ גאַנצן טאָג שפּרייט איך אויס מיינע אָרעמס צו דעם פאַרעקשנטן פאָלק" — דאָס האָט געהייסן, אַז די קירך טרויערט זייער וועגן דעם „אומגלויבן" פונעם עם קשה־עורף. ביינאַכט פלעגן די טויערן פון געטאָ ווערן פאַרשלאָסן און די פאַרשפּעטיקטע האָט די וואַך אַריינגעלאָזט נאָר מיט אַ באַזונדערן שיין פון דער פּאָליציי. אַזוי ווי לויט די בולעס פון פּאַול דעם פערטן האָבן די יידן נישט געטאָרט האָבן קיין נחלאות, זיינען אַפילו די הייזער אין געטאָ נישט געווען קיין יידישע; זיי האָבן געהערט צו קריסטן, וועלכע פלעגן זיי פאַרדינגען די יידן. די קריסטלעכע הויז־באַזיצער האָבן זיך באַנוצט מיט דער קריטישער לאַגע פון די יידן, וואָס האָבן קיין אייגענע הייזער נישט געקענט האָבן, און גענומען פאַר די וואוינונגען זייער הויכע פּרייזן, אַזוי אַז די פּויפּסטלעכע קוריע אַליין האָט שוין געמוזט רעגולירן די פּרייזן. לויט דער באַשטעטיקונג פון אַ רייזנדיקן, וואָס האָט באַזוכט רוים אין יאָר 1724, איז דער יידישער קוואַרטאַל באַשטאַנען פון צוויי גרויסע און זעקס קליינע גאַסן, וואו עס האָבן געוואוינט אין אַ שרעקלעכער ענגשאַפט דריי טויזנט פאַמיליעס, ד"ה 20—25 טויזנט פּערזאָן. די מערהייט פון זיי האָט זיך פאַרנומען מיט קליינהאַנדל און מיט מלאכות. די גאַסן פון געטאָ זיינען געווען איבערפולט מיט קרעמלעך, אין וועלכע מען האָט געהאַנדלט מיט

אַלץ. די יידישע אַלטוואַרג־קויפער פלעגן געשטיצט ווערן דורך דער רוי־מישער מאַכט, ווי אַ „פריווילעגירטער" שטאַנד פון יידישן פאָלק, און זיי האָבן אַפילו געהאַט דאָס רעכט ארומצוגיין איבער די קריסטלעכע הייזער און אויך האָבן לאַגערס פון סחורה מחוץ דעם געטאָ. פון די מלאכות איז די פאַרשפרייטסטע געווען שניידעריי. „אָפט אין זומער — דערציילט איי־נער פון יענער צייט — זעסטו הונדערטער שניידער, וואָס זיצן מיט זייער אַרבעט אויף די גאַסן, ביי די טירן פון זייערע וואוינונגען. דאָ זיצן אויך די פרויען, וואָס אַרבעטן אויס קנעפּ און פּעטעלקעס פאַר קנעפּ; די דאָ־זיקע אַרבעטערנס האָבן זיך שוין אַזוי פאַרפולקאָמט אין זייער אַרבעט, אַז די שניידער פון אַנדערע פעלקער אין דער גאַנצער שטאָט מאַכן ביי זיי באַשטעלונגען אויף קנעפּ און פּעטעלקעס. אין אַלגעמיינעם זיינען דריי פערטל יידישע בעלי־מלאכות שניידערס, און די איבעריקע פאַרנעמען זיך מיט אַנדערע מלאכות". די קריסטלעכע צעכן און גילדעס פלעגן נישט זעלטן אָנגעבן ביטעס צו דער מאַכט וועגן פאַרבאָטן יידן צו פאַרנעמען זיך מיט דער אָדער יענער מלאכה, און די ביטעס פלעגן אָפט דערפילט ווערן. דער פּויפּסט אינאָצענטי דער עלפטער האָט פאַרבאָטן די יידן צו פאַרנעמען זיך מיט באַנק־געשעפטן, און אינאָצענטי דער דרייצנטער האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז יידן זאָלן פאַרקויפן נאָר אַלטוואַרג, אָבער נישט קיין נייע מלבושים.

פון דער דאָזיקער אָרעמער באַפעלקערונג האָט די קוריע אַרויסגע־פרעסט אומגעווייגלעך גרויסע שטייערן, אָפט אויך זייער באַליידיקנדיקע. עס האָבן עקזיסטירט, למשל, אַזעלכע שטייערן: לטובת דער קאַטוילישער קאַמער, לטובת געשמדטע יידן, געהאַלט פאַר דער וואַך פון געטאָ, פאַר די מיסיאָנערישע דרשות וועגן קריסטנטום, פאַרן רעכט צו עסן מצה פסח, אאז"וו. די דאָזיקע שטייערן, וואָס פלעגן אויפגעמאָנט ווערן זייער שטרענג, האָבן אַ תל געמאַכט פון דער יידישער געמיינדע, וועלכע פלעגט מוזן אָנקומען צו הלוואות; אין אָנהייב פון 18־טן יאָרהונדערט האָט דער חוב פון דער געמיינדע דערגרייכט די סומע פון אַ האַלבן מיליאָן, — אַ ציפער, וואָס האָט איבערגעשטיגן די סומע פון דער יערלעכער הכנסה פון אַלע יידישע איינוואוינער צוזאַמען. פון ענדע 17־טן יאָרהונדערט איז פאַר די יידן איינגעפירט געוואָרן אַ ספּעציעלער שטייער, וואָס איז געווען פאַר־בונדן מיט אַ שענדלעכער צערעמאָניע. אין די פריערדיקע צייטן האָט

עקזיסטירט אַ באַרבאַרישער מנהג, אַז אין די פריילעכע טעג פון דעם קאַטוילישן קאַרנאַוואַל פלעגט מען אַרויסטרייבן אַ גרופּע יידן אויף אַ פרייען אָפענעם פּלאַץ און דאָרט זיי צווינגען, זיך צו יאָגן איינער נאָכן צווייטן ביז די לעצטע כוחות. די יידישע רבנים און פאָרשטייער פון דער געמיינדע האָבן געמוזט צופוס באַגלייטן די רוימישע סענאַטאָרן איבערן גאַנצן „קאָרסאָ“ און דערביי ווערן צו שפּאָט און צו שאַנד פון די גאַסן־יונגען און כוליגאַנעס. צוליב די פּראָטעסטן פון די יידן קעגן דעם מנהג, האָט דער פּויפּסט קלעמענט דער ניינטער אין יאָר 1668 איינגעפירט אנשטאָט דעם אַ ספּעציעלן יידישן שטייער פון 300 סקודיס לטובת דעם מאַגיסטראַט, אָבער דאָס דערלאַנגען דעם דאָזיקן שטייער איז אויך געווען פאַרבונדן מיט אַ באַליידיקנדיקער צערעמאָניע. יעדעס יאָר אין ערשטן טאָג פון קאַרנאַוואַל האָט אַ דעפּוטאַציע פון יידן, מיטן רב אין דער שפּיץ, געדאַרפט קומען אין קאַפּיטאָלישן פּאַלאַץ, וואו עס זיינען געזעסן די רוימישע סענאַטאָרן, זיך אַראָפּלאָזן אויף די קני און אַרויסאָגן אַ באַגריסונג מיט אַ גנעדיקער בקשה וועגן שוץ. אויף דער באַגריסונג פלעגט דער עלטסטער פון דעם פּאַלאַץ ענטפערן מיט אַ שטרענגן טאָן, אַז דער סענאַט האָפט, אַז די יידן וועלן זיין אונטערטעניק, פּינקטלעך צאָלן די שטייערן, און פאַרענדיקן די דאָזיקע „באַגריסונג“ מיט אַ גראָבן אויסרוף: „גייט אייך!“

חוץ דעם אַלעם, האָבן אַלע יידן, אָן אונטערשיד פון געשלעכט, געמוזט טראָגן אַ שאַנד־צייכן אויף די מלבושים; די מענער — אַ געל היטל אויף די קעפּ, און די פרויען — אַ דעקטוך פון אַ שטיק געלער מאַטעריע, אָן ערך אַ מעטער די ברייט. מיט דער צייט האָבן די יידן פאַרביטן דעם געלן קאָליר אויף אַ רויטן, אַזוי אַז זייערע הוטן זיינען געווען ענלעך אויף די רויטע קאַרדינאַלישע היטלען, אָבער די קוריע האָט אַרויסגעגעבן אַ שטרענגן באַפעל, אַז די יידן זאָלן זיך ווידער אומקערן צו דעם געלן קאָליר. נאָך שווערער זיינען די יידישע רעליגיעזע געפילן באַליידיקט געוואָרן פון די מיסיאָינערישע דרשות. דער אַלטער חוב פון די יידן, צו הערן די מיסיאָנערישע דרשות, פלעגט אין יענער עפּאָכע זייער שטרענג ווערן קאָנטראָלירט. יעדן שבת נאָכן עסן פלעגן אין די יידישע הייזער זיך אַריינרייסן די פּאָליציי־באַאַמטע און טרייבן די מענער, פרויען און קינדער, עלטער פון 12 יאָר, צו גיין הערן די דרשות. אויף די דרשות האָבן

געדאַרפט קומען נישט ווינציקער פון הונדערט מענער און פופציק פרויען. די יידן האָט מען געטריבן אין די קירכן, וואו עס איז געשטאַנען אַ קרייץ, און אויף דער בימה האָט דער גייסטלעכער, אָפטמאָל אַ משומד, געהאַלטן אַ דרשה וועגן קריסטנטום; דערביי האָט די פּאָליציי השגחה געגעבן, אַז די יידן זאָלן נישט שלאָפן און אויפמערקזאַם הערן.

מיט פאַראַכטונג פלעגן יידן אָפּקומען די דאָזיקע שטראָף, און די דרשות האָבן, נאַטירלעך, נישט געהאַט קיין ווירקונג. דאַן פלעגט די פּאָ־ליציייאישע רוט קומען דער קירך צו הילף. אין די יידישע הייזער פלעגן זיך אָפט אַריינרייסן פּאָליציי־באַאַמטע און אַוועקפירן איינעם פון דער פאַ־מיליע, מיט דעם אויסרייד, אַז יענער האָט ערגעצוואו אויסגעדריקט אַ פאַרלאַנג זיך צו שמדן. די קרבנות פלעגט מען אַוועקפירן אין די ספּע־ציעלע הייזער פאַר ערב־משומדים, וואו מען האָט זיי אָפּגעהאַלטן פערציק טעג און מיט גוטן און בייזן געפּרואווט זיי איבערריידן צום שמד. די שוואַ־כע פלעגן זיך אונטערגעבן און יענע האָט מען מיט גרויס פּאַראַד אַריינ־געפירט אינעם נייעם גלויבן. די שטאַרקערע, דאַקעגן, זיינען געבליבן פעסט און נאָך דעם ווי זיי האָבן באַצאָלט פאַר די פערציק טעג געצוואונגענע קעסט האָט מען זיי אָפּגעלאָזט אַהיים. יעדער משומד האָט באַקומען אַ באַלוינונג פון 150 סקודי און עס האָבן זיך געפונען אוואַנטוריסטן און פאַרברעכער, וואָס פלעגן ספּעציעל צוליב דעם זיך אָפּשמדן. די צאָל פון די משומדים פלעגט אויך פאַרפולט ווערן דורך די פאַרמשפּטע צום טויט אָדער צו קאַטאַרגע, וואָס פלעגן באַגנעדיקט ווערן, אויב נאָר זיי האָבן געביטן די אמונה, אַזוי אַז ווען איינער פלעגט זיך קריגן מיט אַ צווייטן, פלעגט ער סטראַשען: „איך וועל דיך דערהרגענען און דערנאָך זיך שמדן״. ווייל געוואוסט האָט מען, אַז דער שמד פאַרדעקט יעדן פאַרברעכן. אַדאַנק דעם אַלעם איז די צאָל פון די משומדים שטאַרק געוואַקסן, און אין יאָר 1724 האָט זי דערגרייכט ביז 5000. די משומדים האָבן געוואוינט אין אַ באַזונדערן קוואַרטאַל און די יידן האָבן נישט געטאָרט האָבן מיט זיי קיין שום באַציאונגען.

דער אינקוויזיציע־טריבונאַל האָט אויך געזאָרגט וועגן דער צענזור פון די יידישע ספרים. איין מאָל אין 10 אָדער 15 יאָר האָבן די צענזאָרן רעווידירט די יידישע ספרים. צוליב דעם פלעגן זיי אומגעריכט אַריינ־פאַלן אין די יידישע הייזער און מאַכן אַ רעוויזיע. די ספרים, וואָס האָבן

נישט געהאט קיין אונטערשריפט פון די פריערדיקע צענזאָרן, פלעגן ווערן צוגענומען און איבערגעקוקט. די „אַנטי־קריסטלעכע" ערטער פלעגט מען אויסשטרייכן און ערשט דערנאָך האָט מען די ספרים אומגעקערט.

דאָס דאָזיקע שיינע ווערק פון נגישות אויף יידן האָט דער פּויפּסט פּיוס 6טער פאַרענדיקט דערמיט וואָס ער האָט אין 1775 אַרויסגעגעבן אַן „עדיקט וועגן יידן"—אַ מין שולחן ערוך, וואו ס׳זיינען צונויפגעזאַמלט און סיסטעמאַטיזירט געוואָרן אַלע באַגרענעצונגען קעגן יידן, וואָס האָבן עקזיסטירט אין משך פון צוויי הונדערט יאָר. דאָס איז געווען איינער פון די שענדלעכסטע קאָדעקסן, וואָס די רוימישע קירך האָט ווען עס איז אַרויסגעגעבן; דאָ זיינען מיט דער גרעסטער פּינקטלעכקייט צונויפגענומען געוואָרן אַלע געזעצן קעגן יידן, יעדער מינדסטער פּרט, יעדע קלענסטע באַגרענעצונג פון יידישן רעכט. עס זיינען נישט פאַרגעסן געוואָרן אַפילו אַזלכע איינצלהייטן, ווי דער פאַרבאָט פאַר יידן, צו לייענען אויפן קול תהלים ביים באַגראָבן די מתים, פאָרן איבער דער שטאָט אין קאַרעטעס, וואוינען אין דער אומגעגנט פון רוים אויף זומער־וואַקאַציעס, אויסקריצן אויפשריפטן אויף די מצבות פון די טויטע אאז"וו. די דאָזיקע „קאָנסטיטוציע" וועגן יידן האָט דער פּויפּסט באַפוילן צו פאַרעפנטלעכן אין אַלע שולן און עפנטלעכע ערטער, כדי יעדער ייד זאָל וויסן, וואָס ער טאָר נישט און וואָס פאַר אַ שטראָף אים דערוואַרט, ווען ער וועט עובר זיין אויף די פאַרבאָטן. די השגחה אויף דער דורכפירונג פון די דאָזיקע געזעצן איז איבערגעגעבן געוואָרן דער „הייליקער אינקוויזיציע".

אַזוי האָט זיך געלעבט די יידן אין די פּויפּסטלעכע פּראָווינצן. ווי אַזוי זיי האָבן געלעבט אין די איבעריקע פּראָווינצן פון איטאַליע, מחוץ דער פּויפּסטלעכער שליטה — דאָס קען מען זיך פאָרשטעלן, ווען מען נעמט אין אַכט, אַז צפון־איטאַליע האָט אין יענער עפּאָכע ס׳רוב געהערט צו דער ממשלה פון עסטרייך, און דרום־איטאַליע האָט זיך געפונען אונטער דער אויבער־השגחה פון שפּאַניע — צוויי פרומע מלוכות, וואו דער קלעריקאַליזם האָט פעסט געהערשט. אין די זעלבסטשטענדיקע פּראָווינצן, ווי ווענעדיק און פּאַדואַ, איז די לאַגע נישט געווען בעסער; אויב דאָרט האָט מען יידן נישט גערודפט צוליב רעליגיעזע צוועקן, האָט מען זיי גערודפט צוליב פּשוטער עקאָנאָמישער קאָנקורענץ. אין ווענעדיק איז פאַרבליבן די יידישע געטאָ מיט די אַלע באַגרענעצונגען, וועלכע האָבן גע־

דאַרפט פּאַראַליזירן דעם פרייען יידישן האַנדל. אין פּאַדואַ האָבן די יידן געוואָלט קאָנקורירן מיט די קריסטלעכע סוחרים אין דער פּאַבריקאַציע פון זיידנס, וואָס איז דאָרט געווען זייער אנטוויקלט. אין 1645 האָט דער ייד טריעסטע דאָרט געגרינדעט אַזאַ פּאַבריק, אין וועלכער עס האָבן געאַר־בעט העכער זעקס הונדערט מאַן. אָבער די דאָרטיקע קריסטלעכע סוחרים האָבן אַזוי לאַנג אַגיטירט קעגן יידן, ביז זיי האָבן געפּועלט, אַז מען זאָל זיי פאַרבאָטן צו פאַרנעמען זיך מיט דעם מין פּאַבריקאַציע. אויפן באָדן פון קאָנקורענץ איז אין פּאַדואַ אין יאָר 1584 אַפילו פאָרגעקומען אַ פּאָג־ראָם, און דער רעגירונג איז נישט לייכט אָנגעקומען צוריקצושטעלן די אָרדענונג.

נישט געקוקט אויף די רדיפות איז דאָך די אַלטע יידישע קולטור אין איטאַליע נישט דערשטיקט געוואָרן. אין פּאַדואַ האָבן פיל יידן געלערנט מעדיצין אין אוניווערזיטעט, און אין משך פון 1619 ביז 1721 האָבן באַ־קומען דעם טיטל דאָקטאָר פון מעדיצין אָן ערך 150 יידן. די יידישע סטו־דענטן האָבן געמוזט צאָלן זייער גרויסע שטייערן לטובת דעם אוניווער־זיטעט און פאַר די קריסטלעכע סטודענטן. פּראַקטיצירן האָבן זיי געמעגט נאָר צווישן יידן; דאָך זיינען יידישע יונגעלייט, אַפילו פון ווייטע לענ־דער, געקומען קיין פּאַדואַ, כדי צו הערן לעקציעס אין דעם דעמאָלטיקן „מקום תורה".

אין רוים האָט אויך נישט אויפגעהערט די טעטיקייט פון דער יידי־שער זעלבסט־פאַרוואַלטונג, הגם עס איז אויסגעקומען צו אַרבעטן ביי זייער שווערע באַדינגונגען. די יידישע געמיינדע איז באַשטאַנען פון צוויי גרויסע גרופּעס: איטאַליענער און אימיגראַנטן. די צווייטע גרופּע איז זיך צעפּאַלן אויף עטלעכע קלענערע — לויט די לענדער, פון וואַנען זיי האָבן געשטאַמט: „אשכנזים", „צרפתים", „קסטילים", אאז"וו. יעדע גרופּע האָט געהאַט אַ באַזונדערע שול, און די גאַנצע געמיינדע איז געפירט גע־וואָרן דורך דעם געמיינדע־ראַט, וועלכער האָט אין זיך פאַראייניקט די אַלע פאַרשידנאַרטיקע גרופּעס. דער ראַט איז באַשטאַנען פון זעכציק מיט־גלידער, וועלכע פלעגן אויסגעוויילט ווערן יערלעך. די וואַלן זיינען פאָר־געקומען אין דער צייט פון שבעה עשר בתמוז ביז תשעה באב. דער ראַט האָט פון זיך אויסגעקליבן אַ קאָמיסיע פון דריי פּערזאָן, וועלכע זיינען געווען די אָפיציעלע פאָרשטייער פון דער קהלה און דירעקט פאַרוואַלטעט

מיט איר. די איבעריקע מיטגלידער פון ראַט האָבן צווישן זיך פונאַנדער־געטיילט די פאַרשידענע אַרבעטן: אַכטיק געבן אויף דער ריינקייט אין די גאַסן פון געטאָ, השגחה אויף די שולן און אויף די צדקה־אַנשטאַלטן, קאָנ־טראָלירן די הכנסות פון דער געמיינדע, אַכטיק געבן אויפֿי דעם פאַרקויף פון כשר פלייש אדג"ל. דער ראַט פלעגט זיך פאַרזאַמלען נאָר אין עקס־טרע צופאַלן. פאַרן עובר זיין אויף די תקנות פון דער געמיינדע פלעגט דער ראַט אַריינלייגן אין חרם. ביי ערנסטערע פאַרברעכנס האָט דער ראַט געמוזט איבערגעבן דעם שולדיקן אין די הענט פון דער פּויפּסטלעכער אַד־מיניסטראַציע. בכלל האָט דאָס יידישע געטאָ אין רוים זיך געפונען אונ־טער דער הערשאַפט פון אַ קאַרדינאַל און איבער דעם אַלעמען האָט געקוקט און געגעבן זיין שטרענגע השגחה די הייליקע אינקוויזיציע. די מיטגלידער פון געמיינדע־ראַט זיינען געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די „חטאים" פון גאַנצן קהל און אויף אַזאַ אופן איז די שטעל פון אַ מיטגליד אין ראַט געווען נישט קיין כבוד, נאָר אַ שווערע פליכט, וועלכע פיל האָבן אַנגענו־מען מיט אַ שווער האַרץ.

אין שפּאַניע און אין פּאָרטוגאַל האָט ווייטער זיך געצויגן די טראַ־געדיע פון מאַראַנענטום. פיל פון די מאַראַנען זיינען שוין געווען אויס־געשטאָרבן, פיל זיינען פאַרברענט געוואָרן אויף די שייטערהויפנס פון דער אינקוויזיציע און פיל אַנדערע זיינען אַנטלאָפן, אָבער דאָך איז נאָך פאַר־בליבן אַ גרויסע צאָל מאַראַנען, וואָס האָט נישט געקענט אַנטלויפן, און אין האַרצן געהיט די צוואה פון זייערע עלטערן, אַז זיי זאָלן ביזן טויט נישט אויפהערן צו זיין יידן און ביי דער ערשטער געלעגנהייט — זיך אַרויסרייסן פון די נעגל פון שונא. די מאַראַנען האָבן זיך איינגעגעסן אין אָרגאַניזם פון דעם הערשנדיקן פאָלק, צווישן זיי זיינען געווען פיל אָנגעזעענע מענטשן אין לאַנד, אַפילו בישאָפן און אינקוויזיטאָרן, וואָס האָבן נישט געקענט און נישט געוואָלט צעררייסן דעם בונד מיט דער אמונה פון זייערע עלטערן און נאָר אויסערלעך געטראָגן אויף זיך די מאַסקע פון קריסטנטום. נאַטירלעך איז אַזאַ לאַגע פאַר דער קריסטלעכער געזעלשאַפט געווען אי אַן אומגליק, אי אַ ווייטיק. אָבער אַנשטאָט צו טון דאָס אייג־ציק מעגלעכע: אָדער געבן די מאַראַנען דאָס רעכט אָפן צו ווערן יידן, אָדער זיי דערלויבן צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד, האָט די אינקוויזיציע נישט אויפגעהערט זיי צו פּייניקן און שפּיאָנירן און אַלץ נישט פאַרלוירן די

האָפענונג, אַז די מאַראַנען וועלן „תשובה״ טון. עס האָבן ווייטער גע־פלאַקערט די שייטערהויפנס, און די אויטאָ־דע־פעס זיינען געוואָרן אַזאַ אָפטע דערשיינונג, אַז דאָס פאָלק האָט געקוקט אויף זיי מיטן גרעסטן פאַרגעניגן — ווי אויף אַ יום־טוב.

איינער פון אַזעלכע נאַציאָנאַלע ימים טובים איז פאָרגעקומען אין מאַדריד, אין 1680. דער שפּאַנישער קעניג, דער יונגער קאַרלאָס דער צווייטער, האָט, לויט דער אידייע פון די גייסטלעכע, באַשלאָסן, לכבוד זיין חתונה מיט דער פראַנצויזישער פרינצעסן מאַריאַ לואיזאַ פון אָרלעאַן, צו געבן דעם פאָלק אַ גראַנדיעזע „פאָרשטעלונג״. לויט דער פאַראָרדע־נונג פון גרויס־אינקוויזיטאָר האָט מען פון טאָלעדאָ און פון די תפיסות אין אַנדערע שטעט געבראַכט קיין מאַדריד 118 מאַן, וואָס זיינען געווען פאַרמשפט דורכן געריכט צום טויט. צווישן די פאַרמשפטע האָט מען אויך געבראַכט אַן ערך 70 מאַראַנען. מיט אַ מאָנאַט פאַר דער „פייערונג״ האָבן די העראָלדן מודיע געווען איבער די גאַסן, אַז אין דעם און דעם טאָג זאָל דאָס פאָלק זיך צונויפקומען אויף דעם פּלאַץ אין מיטן שטאָט, וואו עס וועט פאָרקומען אַן אויטאָ־דע־פע. אַ גאַנצן חודש האָט מען געבויט עסט־ראַדעס, פּאַוויליאָנען און אַן אַמפיטעאַטער פאַר דער קעניגלעכער פאַמי־ליע. אין באַשטימטן טאָג, דעם 30־טן יוני, זעקס אין דער פרי, האָט פון הויף פון דער אינקוויזיציע אָנגעהויבן אַרויסגיין די פּראָצעסיע. צווישן די געדיכטע רייען פון המון, וואָס האָט געשריען „ס׳זאָל לעבן די אמונה!״, זיי־נען געגאַנגען די פאַרמשפטע — באָרוועס, אין אַרעסטאַנטן־העמדלעך און פּאַפּירענע היטלען, אויף וועלכע עס זיינען געווען אויסגעמאָלט רויטע פי־גורן פון טייוואָלים, מיט אָנגעצונדענע שטורקאַצן אין די הענט, אין דער באַגלייטונג פון פיל גלחים, וואָס האָבן געטראָגן צלמים און פענער.

ווען די שרעקלעכע פּראָצעסיע איז צוגעקומען צום פּלאַץ, האָט זי שוין דאָרט אָפּגעוואַרט דער קעניג, די קעניגן, די הויפלייט, די הויכע דאַ־מען און פאַרשידענע הויכגעשטעלטע פּערזאָנען. ביי התלהבותדיקע אויס־רופן פון המון האָט מען די פאַרמשפטע צוגעפירט צום שייטער־הויפן, וואָס האָט זיך געפונען נישט ווייט פון דער קעניגלעכער לאָזשע. פּלוצים האָט זיך דערהערט אַ האַרצרייסנדיקע שטים; דאָס האָט גערעדט די 17־יעריקע מאַראַנין, די שיינקייט פראַנציסקאַ נעגעיראַ: „האָט רחמנות, קעניגן! קען איך דען זיך אָפּזאָגן פון דער רעליגיע, וועלכע איך האָב אין זיך איינגע־

זויגן צוזאַמען מיט דער מילך פון מיין מוטערס ברוסט ?". די יונגע קע־ניגן האָט שטיל אָפּגעווישט אַ טרער פון די אויגן. באַלד איז צוגעקומען צום קעניג דער גרויס־אינקוויזיטאָר, מיט אַ קרייץ און אַן עוואַנגעליום אין האַנט און פאָרגעלייגט דעם קעניג צו שווערן, אַז ער, ווי אַ גלויביקער הערשער, וועט אָן רחמנות אויסרוימען די שונאים פון דער קירך און שטיצן די הייליקע אינקוויזיציע. דער קעניג האָט געשוואוירן און נאָך אים האָבן אויף אַ הויכן קול געשוואוירן די איבעריקע הויכגעשטעלטע לייט און דער המון האָט פייערלעך געשריען: „אמן !". נאָך לאַנגע רעליגיעזע צערעמאָניעס, וואָס האָבן פאַרנומען דעם גאַנצן טאָג, האָט זיך אָנגעהויבן די טויט־שטראָף גופא. דעם קעניג האָט מען דערלאַנגט אַ שטורקאָץ, מיט וועלכן ער האָט אַליין אָנגעצונדן דעם שייטערהויפן. איינע פון די פראַנ־צויזישע הויף־דאַמען, וואָס איז געווען בעת מעשה, דערציילט אין אירע מעמוארן: „די ענערגיע, מיט וועלכער די יידן זיינען געגאַנגען צום טויט, האָט אַרויסגערופן אַן אַלגעמיינע פאַרוואונדערונג: אייניקע האָבן אַליין זיך געוואָרפן אין פייער, אַנדערע האָבן זיך געלאָזט פריער אָפּברענען די הענט, דערנאָך די פיס און דאָס אַלץ איבערגעטראָגן מיט אַזאַ העלדיש־קייט, וואָס האָט געמאַכט דערשטוינען אַפילו דעם קעניג, וועלכער האָט נאָר באַדויערט, וואָס אַזעלכע העלדישע נשמות ווילן נישט זיין אין שיין פון דער אמתער אמונה"...

אין פּאָרטוגאַל איז די מאַראַנען־פראַגע געווען נאָך מער פאַרשאַרפט. ראָרט האָט די אַלטע אָפּאָזיציע קעגן דעם בלוטיקן אינקוויזיציע־געריכט נישט אויפגעהערט. ווען פּאָרטוגאַל האָט זיך באַפרייט פון דער שפּאַנישער אויבער־מאַכט (אין 1640), האָט דער פּאָרטוגעזישער קעניג געהאַט בדעה מבטל צו מאַכן דעם טריבונאַל פון דער אינקוויזיציע. אומדערוואַרט האָבן אין דער דאָזיקער אַגיטאַציע קעגן דער אינקוויזיציע זיך באַטייליקט די יעזואיטן, וועלכע האָבן זיך איבערצייגט, אַז פון די רדיפות אויף די מאַ־ראַנען קומט קיין גוטס נישט אַרויס און אַז די אינקוויזיציע רואינירט נאָר דאָס לאַנד, אין וועלכן די מאַראַנען שפּילן אַ גרויסע עקאָנאָמישע ראָלע. דער פּויפּסט האָט דערלויבט די מאַראַנען שיקן אַ פאָרשטייער קיין רוים, וואו זיי זאָלן דערקלערן זייערע טענות. די מאַראַנען האָבן אַוועקגעשיקט אַ דעפּוטאַציע קיין רוים, וועלכע האָט דאָרט באַוויזן מיט פאַקטן, אַז די אינקוויזיציע אַרעסטירט און פייניקט ביי דעם מינדסטן חשד, צווינגט די

אַרעסטירטע דורך ענויים זיך מודה זיין אין דער באַשולדיקונג און פאַר־מאַטערט צום טויט דורך הונגער. דאַן האָט דער פויפסט (אָקטאָבער 1674) אַרויסגעגעבן אַ באַפעל וועגן אָפּשטעלן אויף אַ צייט דיי טעטיקייט פון די טריבונאַלן און איבערשיקן קיין רוים אין דעם הויפּט־געריכט פון דער אינקוויזיציע די קאָפּיעס פון אַלע פּראָצעסן וועגן די מאַראַנען, וואָס זיינען שוין פאַרמשפּט געוואָרן. די אָנהענגער פון דער אינקוויזיציע אין פּאָרטו־גאַל האָבן געמאַכט אַ ליאַרעם און איינגעאָרדנט פאָלקס־פּראָטעסטן. אין צוויי יאָר אַרום האָט דער נייער פּויפּסט ווידער דערלויבט די טריבונאַלן אין פּאָרטוגאַל, אָבער מיט דעם תּנאַי, אַז די טויט־אורטיילן, פאַרשיקונ־גען און קאָנפיסקאַציעס זאָלן קאָנטראָלירט ווערן דורך אים, דעם פויפּסט אַליין. די אינקוויזיטאָרן האָבן אָבער זיך אָפּגעזאָגט פון דער פאָדערונג און דער פויפּסט האָט ענדלעך געמוזט נאָכגעבן און ווידער שיקן די טריבונאַלן אָן אומבאַגרענעצטע מאַכט אָן שום קאָנטראָל.

שוין אין אַ יאָר אַרום נאָך דער לעצטער פויפּסטלעכער בולע (1682) האָבן די שייטערהויפנס אין פּאָרטוגאַל ווידער אויפגעפלאַקערט און איינ־געשלונגען פיל נייע קרבנות. מערקווירדיק שיין און העלדיש איז געווען דער טויט פון מאַראַנישן פּאָעט אַנטאָניאָ יוסף, איינער פון די בעסטע פאַרשטייער פון דער פּאָרטוגעזישער ליטעראַטור. זיינע דראַמען אין דער פּאָרטוגעזישער שפּראַך האָבן אויף דער בינע געהאט אַ גרויסן דערפאָלג. אַזוי ווי ער איז געווען אין האַרצן אַ ייד, האָט אַנטאָניאָ פריער זייער פאַרזיכטיק אויסבאהאלטן זיינע רעליגיעזע איבערצייגונגען און כדי צו פאַרבלענדן די אויגן פון די קריסטן איז ער געוואָרן אַ מאָנאַך. דאַן האָט ער פאַרבראַכט עטלעכע יאָר אין בראַזיל און דערנאָך זיך אומגעקערט קיין ליסאַבאָן. דאָ האָבן די שפּיאָנען אַנטדעקט, אַז נאָך אויפן 37־טן יאָר האָט אַנטאָניאָ געהיים זיך מל געווען און איז איבערגעגאַנגען צום יידנטום. מען האָט אים באַלד איבערגעגעבן צום אינקוויזיציע־געריכט און דאָ האָט ער פאָר די ריכטער געהאלטן אַ מערקווירדיקע פייערדיקע רעדע.

„איך בין זיך מודה — האָט ער געזאָגט — אַז איך גלויב מיטן גאַנצן האַרצן אין משהס תּורה. איר אַליין זענט מודה, אַז די דאָזיקע רע־ליגיע איז געגעבן געוואָרן דורך גאָט און אַז אַמאָל האָט גאָט זי ליב געהאט. איך ווידער גלייב, אַז נאָך איצט איז זי געליבט ביי גאָט. איר, וואָס רעכנט, אַז גאָט האָט געביטן זיין מיינונג און האָסט איצט דאָס,

וואָס ער האָט אַמאָל ליב געהאַט, פאַרמשפּט צום טויט יענע, וועלכע רעכענען, אַז גאָט קען זיין מיינונג נישט בייטן. איר באַקלאָגט זיך אויף די מאַכמעדאַנער, אַז זיי האָבן מיטן שווערד פאַרשפּרייט זייער רעליגיע, אָבער מיט וואָס־זשע זענט איר בעסער, קריסטן, וועלכע פאַרשפּרייטן זייער רעליגיע דורך שייטערהויפנס? די רדיפות פון די אַלטע געצנדינער קעגן די גרינדער פון אייער רעליגיע דינען פאַר אייך ווי אַ באַווייז, אַז אייער רעליגיע איז די אמתע. פאַרוואָס־זשע טוט איר אַליין דאָס, וואָס עס האָט אַמאָל געטון אייער באַדריקער דיאָקלעסיאַן, און איר באַגייט זיך מיט אונדז אַזוי, ווי מען איז אַמאָל זיך מיט אייך באַגאַנגען? איר פאָדערט, אַז מיר זאָלן ווערן קריסטן, אָבער פאַרוואָס־זשע זענט איר אַליין נישט מקיים דאָס וואָס איר פאָדערט פון אונדז? אויב איר באַזיצט נישט די אייגנשאַפטן, וואָס פּאַסן פאַרן קריסטנטום, טאָ זייט לכל הפּחות סתם מענטשן, וועלכע אַנערקענען פּשוט, אָן שום רעליגיע, מיט זייער נאַטירלעכן מענטשלעכן געפיל, אַז מענטשן דאַרפן זיך נישט באַגיין מיט אַנדערע מענטשן, ווי ווילדע חיות. אויב איר האַלט זיך פאַר באַליבטע קינדער פון גאָט וועלכע ער האָט געשאָנקען אַ רייכע ירושה, צו רודפן זייערע אָרעמע ברידער, וואָס האָבן קיין ירושה נישט באַקומען? דער אמת איז מנצח מיט זיין אייגענער קראַפט. אויב איר ווידער פאַרשפּרייט אייער תורה דורך שווערד און פייער, דורך עינויים, דאַן באַווייזט איר נאָר איר שוואַכקייט. טוט אַ טראַכט וועגן די קינפטיקע דורות. אויב עמיצער וועט וואָגן אין דער צוקונפט צו זאָגן, אַז אין אונדזער צייט זיינען די פעלקער פון אייראָפּע שוין ציוויליזירט געווען, וועלן אַלע אָנווייזן אויף אייך, ווי אויף אַ באַווייז, אַז זיי זיינען נאָר געווען באַרבאַרן און פּראים".

די רעדע פון דאָזיקן גרויסן מענטשן, וועלכער האָט זיך שוין אין יענער צייט אַרומגעטראָגן מיט די גרויסע אידייען פון 18־טן יאָרהונדערט וועגן פרייהייט און מענטשלעכקייט, האָבן, נאַטירלעך, געפונען פאַר זיך נאָר פאַרשטאָפּטע אויערן, און אַנטאָניאָ איז פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט. ער איז שוין דעמאָלט געווען אַלט 60 יאָר און זיין מערקווירדיקע עקשנות האָט אַרויסגערופן פאַרוואונדערונג און אַנטציקונג. מען האָט אים געפירט צום טויט מיט גרויס פּאַראַד, אין אָנוועזנהייט פון קעניג אַליין, וועלכער האָט זיך ביי אים געבעטן, ער זאָל תשובה טון, און אים צוגעזאָגט אַ לעבנסלענגלעכע פּענסיע. אַנטאָניאָ איז אָבער געבליבן שטום. זיין טויט

איז געווען אַ שרעקלעכער. פריער האָט מען פון אים אָפּגעשונדן די הויט און די נעגל פון די פינגער און דערנאָך ערשט אַריינגעוואָרפן אין פייער. און נאָך אויפן שייטערהויפן, ווען דאָס פייער האָט אים אַרומגעכאַפּט פון אַלע זייטן, האָט ער נישט אויפגעהערט צו שרייען איינס: אַז עס איז מיאוס און העסלעך צו באַגיין זיך אַזוי מיט אַ מענטשן, וואָס גלויבט אין זיין רעליגיע...

די שטים פון אַנטאָניאָ יוסף איז אָבער דאָך נישט געבליבן אָן אַן אָפּקלאַנג. אין גיכן האָבן אין אייראָפּע אָנגעהויבן זיך הערן נייע שטימען וועגן מענטשלעכקייט און פרייהייט און עס איז פאָרט געקומען אַ סוף צום פינצטערן קלעריקאַליזם און דער אכזריותדיקער אינקוויזיציע. אין פּאָרטוגאַל גופא האָבן אין גיכן אָנגעהויבן צו בלאָזן נייע ווינטן און דער מיניסטער־רעפאָרמאַטאָר פּאַמבאַל האָט אָפּגעשאַפט דעם יעזואיטן־אָרדן און אָפּגעשטעלט אַלע פּראָצעסן פון דער אינקוויזיציע קעגן די מאַ־ראַנען. שפּעטער, אין יאָר 1774, האָט ער בכלל שטאַרק באַגרענעצט די טעטיקייט פון די אינקוויזיציע־געריכטן. אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט: אין פּאָרטוגאַל זיינען שוין קיין מאַראַנען כמעט ווי נישט געווען, ווייל די אַלע, וואָס האָבן אין גאַנצן זיך נישט אַסימילירט מיט דער אַרו־מיקער באַפעלקערונג, זיינען זיך צעלאָפן איבער אַלע עקן וועלט.

---

אין 17טן יאָרהונדערט האָט זיך פאַר יידן געעפנט אַ ניי לאַנד, פון וועלכן זיי זיינען צוריק מיט פערטהאלבן הונדערט יאָר פאַרטריבן גע־וואָרן — דאָס גרויסע ענגלאַנד, וואָס איז צו יענער צייט געווען שוין אַן ערשטקלאַסיקע מלוכה. פאַר דעם לאַנגן פּעריאָד, וואָס די טירן פון דעם לאַנד זיינען פאַר יידן געווען געשלאָסן, פלעגן דאָך פון צייט צו צייט אריינדרינגען אַהין איינצלנע יידן, אָבער יענע האָבן געמוזט טראָגן אויף זיך די מאַסקע פון קריסטנטום. דאָרט האָבן נאָר געקענט וואוינען די מאַ־ראַנען, וועלכע זיינען אָפיציעל גערעכנט געוואָרן פאַר שפּאַניער, האָבן באַזוכט די קאַטוילישע קירך און נאָר געהיים געהיט די יידישע רעליגיע. די יידן האָבן אָבער נישט אויפגעהערט צו וואַרפן אַן אויג אויף דער ריי־כער מלוכה און געהאָפט, אַז סוף כל סוף וועלן זיי דאָרט געפינען אַ מקום מנוחה. די הויפּט־צענטרען פון דעם וועלט־האַנדל זיינען דעמאָלט געווען האָלאַנד און ענגלאַנד, וועלכע האָבן שטאַרק קאָנקורירט צווישן זיך. עס

איז דעריבער געווען גאַנץ נאַטירלעך, וואָס די יידן אין האָלאַנד, וועלכע זיינען געשטאַנען אין נאָענטע פאַרבינדונגען מיט די סוחרים און שיפּס־לייט פון ענגלאַנד, האָבן נישט אויפגעהערט ארויסצוקוקן אויף אַ גוטער געלעגנהייט, צו קענען פריי אַריבערשווימען צום ענגלישן ברעג, וואָס איז אַזוי נאָענט געווען פון האָלענדישן.

די רעוואָלוציע פון 1649, ווען די מאַכט איז איבערגעגאַנגען צו דער פּאַרטיי פון דעם מעכטיקן קראָמוועל, האָט געעפנט פאַר די יידן אַ ברייטע פּערספּעקטיווע. צווישן דער פּאַרטיי פּוריטאַנער, וועלכע האָבן באַקומען די איבערהאַנט אין פּאַרלאַמענט און אין דער אַרמיי, זיינען געווען זייער שטאַרק די טראַדיציעס פון דער ביבל; די אידעאַלן פון די נביאים און די העלדן פון דער ביבל זיינען געווען די הויפּט־יסודות פון זייער אמונה און דאָס אַלץ האָט זיי געדאַרפט נאָענט מאַכן צום יידישן פאָלק. פיל פון די פּוריטאַנער האָבן געחלומט וועגן דעם, אַז דאָס „אויסדערוויילטע פאָלק" וועט ענדלעך מיטן גוטן ווילן איבערגיין צו דער רעפאָרמירטער קירך, און צווישן זיי איז אַפילו געווען אַ סעקטע, וואָס האָט געגלויבט, ווי די יידי־שע מיסטיקער, אין אַ נאָענטער וועלט־איבערקערעניש, ווען עס וועט קומען משיח און די יידן וועלן זיך פאַראייניקן מיט די קריסטן. ביי אַזאַ פריינט־לעכער שטימונג צום יידישן פאָלק איז ביי דער העכערער ענגלישער גע־זעלשאַפט אנטשטאַנען אַ געדאַנק, אַז מען דאַרף מיט עפּעס פאַרגלעטן יענע פילע חטאים, וועלכע די קריסטלעכע וועלט איז באַגאַנגען קעגן יידן. שוין אין 1649 האָט די מאַראַנישע קאָלאָניע אין לאָנדאָן פאַרשטאַנען, אַז דער מאָמענט איז גינסטיק פאַר יידן, און דערלאַנגט דעם מיליטערישן ראַט אַ פּעטיציע וועגן אָפּשאַפן דאָס געזעץ, וואָס פאַרבאָט יידן צו וואוי־נען אין ענגלאַנד. דער ראַט האָט אָפּגעלייגט די דאָזיקע פראַגע אויף אַ געוויסער צייט, ווייל דעמאָלט זיינען אויף דעם טאָג־אָרדענונג געשטאַנען וויכטיקערע פראַגן. עס איז אָבער געווען קלאָר, אַז ווען מען זאָל אנטוויק־לען אַ שטאַרקע אַגיטאַציע און מיט פאַרשטאַנד אויסנוצן דעם מאָמענט, וואָלט מען געקענט אויפטון עפּעס וויכטיקעס פאַר יידן. עס זיינען נייטיק געווען טעטיקע און פּעאיקע מענטשן, וואָס זאָלן וויסן, ווי אַזוי צו פירן די דאָזיקע אַגיטאַציע, און אַזאַ מענטש האָט זיך ענדלעך באַוויזן. דאָס איז געווען ר' מנשה בן ישראל, וועלכער איז אַליין געווען נישט פון די גרויסע

גייסט־מענטשן, האָט אָבער דערפאַר באַזעסן יענע אַלע אייגנשאַפטן, וועל־כע זיינען נייטיק געווען פאַר זיין ראָלע ווי אַן אַגיטאַטאָר און שתדלן.

נאָך אין 1650, ווען ר׳ מנשה האָט פאַרעפנטלעכט זיין ווערק „די יידישע האָפענונג״, וואו ער האָט גערעדט וועגן דעם, וואָס אין אַמעריקע האָט מען כלומרשט געפונען די רעשטן פון די עשרת השבטים, האָט ער מיט אַ טעאָלאָגישן פשטל געוואָלט באַווייזן, אַז ענגלאַנד דאַרף אַריינלאָזן צו זיך יידן: די יידן זיינען שוין צעזייט און צעשפּרייט איבער אַלע לענ־דער, אויסער ענגלאַנד. כדי עס זאָל קומען משיח, וועלכער דאַרף צונויפ־זאַמלען די יידן „פון אַלע עקן וועלט״, איז נייטיק, אַז זיי זאָלן זיין אור־מעטום. בכן, אויב די יידן וועלן אַריינגעלאָזט ווערן קיין ענגלאַנד, וועט קומען משיח, ווי עס האָבן פאָרגעזאָגט די נביאים. דאָ, אין די מיסטישע חקירות, איז ר׳ מנשה זיך צונויפגעגאַנגען מיט די קריסטלעכע מיסטי־קער, וועלכע האָבן אויך, אויף זייער שטייגער, געחלומט וועגן דעם נאָענטן קומען פון משיח. די טעאָלאָגישע חקירות פון ר׳ מנשהן זיינען געווען צו־געפּאַסט צום געשמאַק פון יענער עפּאָכע און האָבן געדאַרפט מאַכן אַן איינדרוק אויף די גוטע הערצער פון יענע ענגלענדער, וואָס זיינען געווען פריינטלעך געשטימט צו יידן, האָבן אויך געדאַרפט ווירקן די דערציילונ־גען וועגן יענע שרעקלעכע ענויים, וואָס עס זיינען אויסגעשטאַנען די מאַ־ראַנען אין שפּאַניע און אין פּאָרטוגאַל. אָבער נאָך מער, ווי די בלויזע סימפּאַטיעס, האָבן דאָ געשפּילט אַ ראָלע די עקאָנאָמישע אינטערעסן פון ענגלאַנד.

קראָמוועל האָט פון לאַנג זיך ארומגעטראָגן מיט אַ געדאַנק וועגן דער נייטיקייט אָפּצוציען די גרויסע יידישע סוחרים פון אַמסטערדאַם קיין לאָנדאָן און דערמיט באַקומען די אויבערהאַנט איבער דעם שפּאַנישן מאַרק. קראָמוועל איז דעריבער אַריינגעטראָטן אין אונטערהאַנדלונגען מיט ר׳ מנשה בן ישראל, ווי אַ פאָרשטייער פון דער אַמסטערדאַמער קהלה. אים האָט מען אַפילו ארויסגעשיקט אַ פּאַספּאָרט, כדי ער זאָל קענען קומען קיין לאָנדאָן, נאָר די צוויי־יעריקע מלחמה צווישן ענגלאַנד און האָלאַנד (1652—1654) האָט געשטערט די דאָזיקע רייזע. ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט, איז קיין לאָנדאָן געקומען דער שוואָגער פון ר׳ מנשה, אַבאָר־באַנעל־דאָרמידאָ, און פאָרגעשטעלט דעם פּראָטעקטאָר קראָמוועל אַ פּע־טיציע וועגן אַריינלאָזן יידן קיין ענגלאַנד. די פּעטיציע איז איבערגעגעבן

געוואָרן דעם רייכס־ראַט, וועלכער האָט זי אָפּגעוואָרפן. דאָן איז קיין לאָנ־דאָן געקומען ר׳ מנשה אַליין אין באַגלייטונג פון נאָך אַ רב. ר׳ מנשה איז פּריינטלעך אויפגענומען געוואָרן פון קראָמוועלן, וועלכן ער האָט ווידער פאַרגעשטעלט אַ פּעטיציע אין נאָמען פון דער „יידישער נאַציע״ וועגן אַריינלאָזן יידן קיין ענגלאַנד און זיי געבן רעליגיעזע און בירגערלעכע פרייהייט. קראָמוועל האָט די דאָזיקע פּעטיציע איבערגעגעבן אויף דער באַראָטונג פון אַ ספּעציעלער „נאַציאָנאַלער קאָנפערענץ״, אין וועלכער עס זיינען אריינגעגאַנגען סוחרים, טעאָלאָגן און יוריסטן. די יוריסטן האָבן זיך אַרויסגעזאָגט, אַז די ענגלישע געזעצן האָבן גאָרנישט קעגן דער יידי־שער איינוואַנדערונג; די סוחרים און טעאָלאָגן זיינען אָבער ס׳רוב געווען קעגן יידן. איבער אַן אומבאַשטימטער סיבה האָט קראָמוועל, נאָך איידער די קאָנפערענץ האָט ארויסגעטראָגן אַ באַשטימטן באַשלוס, איבערגעריסן אירע זיצונגען. אין גיכן האָט זיך אָבער אין דער ליטעראַטור און אין דער געזעלשאַפט אָנגעהויבן אַ שאַרפע אַגיטאַציע קעגן יידן; עס זיינען ווידער ארויפגעשוואומען די אַלטע אבערגלויבנס פון מיטלאַלטער, און קראָמוועל האָט פאַרשטאַנען, אַז די מערהייט פון פון דער ענגלישער געזעלשאַפט איז נאָך נישט צוגעגרייט דערצו, אַז מען זאָל אַריינלאָזן יידן קיין ענגלאַנד. דעמאָלט האָט ער אויפגעהערט זיך פאַרנעמען מיט דער יידנפראַגע און נאָר אין איינצלנע פאַלן געגעבן יידן געוויסע הנחות און קאָנצעסיעס.

אונטער דער צייט האָט אויסגעבראָכן די מלחמה צווישן ענגלאַנד און שפּאַניע (אין יאָר 1656), און די לאָנדאָנער מאַראַנען זיינען אַוועק־געשטעלט געוואָרן אין אַ קריטישער לאַגע. ווי אָפיציעלע שפּאַניער האָבן זיי געדאַרפט אַרויסגעשיקט ווערן פון ענגלאַנד און זייער פאַרמעגן האָט געדאַרפט ווערן קאָנפיסקירט; זיי האָבן דעריבער בשתיקה אנטדעקט פאַר קראָמוועלן דעם סוד, אַז זיי טראָגן אויף זיך נאָר אַ מאַסקע און זיינען נישט קיין שפּאַניער, נאָר יידן. קראָמוועל האָט זיי דערלויבט צו בלייבן אין ענגלאַנד און ווייטער האַנדלען, נאָר מיט דעם תנאי, אַז זיי זאָלן זיך האַלטן שטיל און נישט ארויפציען אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון די קריסטן. אַזוי ווי די פּרינציפּיעלע פראַגע וועגן אַריינלאָזן יידן קיין ענג־לאַנד איז דערווייל געבליבן נישט באַשלאָסן, האָט ר׳ מנשה אין דעם זעל־ביקן יאָר 1656 אַרויסגעלאָזן אין ענגליש אַ ווערק „די פאַרטיידיקונג פון יידן״, וואו ער האָט זייער אויספירלעך אָפּגעלייקנט אַלע מיטלאַלטערלעכע

באַשולדיקונגען קעגן יידן און מיט הייסע ווערטער זיך געווענדעט צו די געפילן פון די ענגלענדער. אים איז אָבער אין גיכן אויסגעקומען זיך צו איבערצייגן, אַז זיין אַגיטאַציע האָט נישט געבראַכט דעם געוואונטשטן רעזולטאַט. קראָמוועל אַליין האָט נישט אויפגעהערט זיך באַציען פריינט־לעך צו ר' מנשהן און אים אַפילו באַשטימט אַ יערלעכע פּענסיע פון 100 פונט שטערלינג. מיט סימפּאַטיע און מיטגעפיל האָבן זיך צו אים באַ־צויגן אויך פיל ענגלישע געלערטע און שריפטשטעלער. אָבער די געזעל־שאַפט אין אַלגעמיין איז נאָך נישט געווען אויף אַזוי וויט פריי און לי־בעראַל, אַז זי זאָל איינשטימען אויף דער איינוואַנדערונג פון יידן, און מיט אַ צעבראָכן האַרץ האָט ר' מנשה געמוזט פאַרלאָזן ענגלאַנד און אָפּ־פאָרן צוריק קיין אַמסטערדאַם. ער איז אַפילו נישט דערפאָרן ביז אַהיים און איז אויפן וועג געשטאָרבן אין שטעטל מידעלבורג (1657).

די אַכט־יאָריקע ענערגישע אַגיטאַציע, וואָס ר' מנשה האָט געפירט, איז דאָך געבליבן נישט אָן אַ געוויסער ווירקונג. די פאָדערשטע פּאַראַד־טירן זיינען, ווי פריער, געבליבן פאַרמאַכט פאַר יידן, דערפאַר האָט מען זיי אָבער אַריינגעלאָזט דורך דער הינטער־טיר. די פראַגע וועגן דער יידי־שער איינוואַנדערונג איז געבליבן אָפן, אָבער דאָך איז אין לאָנדאָן אין אַ האַלב־לעגאַלער פאָרעם פאַרבליבן אַ קליינע יידישע געמיינדע. ביסלעכווייז האָבן די יידן דאָרט בשתיקה זיך איינגעאָרדנט. זיי האָבן שוין געהאַט אַ שטיקל ערד אויף אַ בית־עלמין און אַ פּריוואַטע שול. ווען קאַרל דער צוויי־טער איז ווידער געוואָרן קעניג, איז די יידישע לאַגע אין ענגלאַנד, קעגן אַלע דערוואַרטונגען, געוואָרן פעסטער. ווען ער איז נאָך געווען אין גלות האָט קאַרל צוגעזאָגט אַ פאַרשטייער פון יידן, אַז ווי נאָר ער וועט ווידער באַקומען די קעניגלעכע קרוין, וועט ער טון טובות יידן און פאַרלייכטערן זייער לאַגע. דערפאַר האָט קאַרל געפאָדערט פון די יידן אַ געלט־שטיצע, און אייניקע יידישע פינאַנציסטן האָבן אים געגעבן בתורת מתנה אַ גרויסע סומע געלט. דער קעניג האָט זיין וואָרט געהאַלטן. אין די ערשטע יאָרן פון זיין קעניגן האָט די צאָל יידן זיך פאַרגרעסערט, די יידישע קהלה האָט שוין געוואַגט אויסצובויען אַ שול, וואו מען האָט געדאַוונט עפנטלעך, און איינגעלאַדן צו זיך אַ רב. די ענגלישע קאָנסערוואַטאָרן זיינען געוואָרן אומ־רואיק און די לאָרדן און קויפלייט האָבן אָנגעהויבן שיקן צום קעניג פּע־טיציעס, אַז מען זאָל פאַרמאַכן פאַר יידן די טירן פון לאַנד „לטובת דער

רעליגיע און דעם פֿאָטערלאַנד״. יידן פֿון זייער זייט ווידער האָבן אויך געשיקט פּעטיציעס צום קעניג און געבעטן זיי צו שיצן, ווי טרייע אונ־טערטאַנען. דער קעניג האָט זיי געענטפֿערט ,אַז זיי קענען ווי פֿריער בלייבן וואוינען אין ענגלאַנד, אָבער מיט דעם תּנאַי, אַז זיי זאָלן זיך פֿירן פֿרידלעך און רואיק. די אַגיטאַציע קעגן יידן האָט אָבער נישט אויפֿגע־הערט און אין 1673 האָט דער רייכס־פּראָקוראָר געזאָלט פֿאַרפֿירן אַ פּראָ־צעס קעגן דער יידישער קהלה דערפֿאַר, וואָס זי האָט זיך אַליין גענומען דאָס רעכט פֿון עפֿנטלעכן גאָט־דינסט, בשעת לויט די ענגלישע געזעצן האָט נאָר די אַנגליקאַנישע קירך אַליין פֿולע פֿרייהייט; דער קעניג האָט אָבער באַפֿוילן דעם פּראָקוראָר אָפּצושטעלן דעם פּראָצעס און יידן לאָזן צורו.

ביי דער זעלביקער פּאָליטיק האָט זיך אויך געהאַלטן דער קעניג יאָקוב דער צווייטער און נאָך פֿעסטער איז געוואָרן די יידישע לאַגע אין דער צייט פֿון ווילהעלם דעם דריטן (1688—1702). בעת זיין קעניגן איז די האַנדלס־פֿאַרבינדונג צווישן האָלאַנד און ענגלאַנד געוואָרן אַזוי פֿעסט, אַז די יידן פֿון אַמסטערדאַם און לאָנדאָן זיינען געווען ווי צוויי גרופּעס פֿון איין קהלה. די רעגירונג האָט געמוזט זיך רעכענען מיט דעם פֿאַקט, וואָס די יידישע גרויסע באַנקירן האָבן אַרומגענומען מיט זייערע פֿינאַנ־ציעלע אָפּעראַציעס גאַנץ ענגלאַנד, האָלאַנד און די אַמעריקאַנישע קאָלאָ־ניעס, אַזוי אַז אָן דעם יידישן קאַפּיטאַל וואָלט די ענגלישע אינדוסטריע שטאַרק געפֿאַלן. ביסלעכווייז האָט די ענגלישע געזעצגעבונג געמוזט אָפּ־שאַפֿן די שטרענגע געזעצן קעגן יידן, הגם נאַטוראַליזירט זיינען געוואָרן נאָר איינצלנע פֿון זיי און אין אַלגעמיין האָבן די יידן נאָך אַלץ זיך גע־רעכנט פֿאַר „אויסלענדער״. אין 1723 האָט דער ענגלישער פּאַרלאַמענט דערלויבט יידן צו נעמען אין אַרענדע ערד און דערביי זיינען פֿון דער שבועה־פֿאָרמול, וואָס פֿלעגט צוגעגעבן ווערן צום נאַטאַרעלן אַקט, גע־וואָרן אַרויסגעלאָזט די ווערטער: „לויט דער קריסטלעכער רעליגיע״. אין 1740 האָבן באַקומען דאָס רעכט צו נאַטוראַליזירן זיך אין די ענגלישע קאָלאָניעס פֿון אַמעריקע יענע יידן, וואָס האָבן דאָרט געוואוינט מער ווי זיבן יאָר.

אין עטלעכע יאָר אַרום איז אין פּאַרלאַמענט אַריינגעטראָגן געוואָרן אַ געזעץ וועגן דער נאַטוראַליזאַציע פֿון יידן אין ענגלאַנד אַליין. עס

האָט זיך אָנגעהויבן אַ הייסער פּאַרטיי־קאַמף. צווערשט איז אין יאָר 1753 דורכגעגאַנגען אין דער אויבערשטער פּאַלאַטע דער פּראָיעקט פון דער רעגירונג וועגן געבן דאָס רעכט צו נאַטוראַליזירן זיך אַלע יידן, וואָס וואוינען שוין אין ענגלאַנד איבער דריי יאָר. די נאַטוראַליזירטע האָבן באַקומען אַלע רעכטן, אויסער דאָס רעכט זיך צו באַטייליקן אין די וואַלן און צו פּאַרנעמען מלוכה־שטעלעס. ווען דער פּראָיעקט איז געקומען אין דער אונטערשטער פּאַלאַטע, האָט ער באַגעגנט אַ שטאַרקע אָפּאָזיציע מצד די טאָריס (קאָנסערוואַטאָרן). ווי אָנהענגער פון דעם געזעץ־פּראָיעקט האָבן זיך אַרויסגעשטעלט די וויגען (ליבעראַלן), וועלכע האָבן אָנגעוויזן אויף דער וויכטיקער ראָלע פון יידן אין עקאָנאָמישן לעבן און אויסגערעכנט, אַז די יידן שטעלן־צו אַ צוועלפטל חלק פון אַלע מלוכה־הכנסות און האָבן אין זייערע הענט אַ צוואַנציקסטל פונעם גאַנצן אויסלענדישן האַנדל. נאָך אַ לאַנגן קאַמף האָבן די וויגען מנצח געווען. דער געזעץ־פּראָיעקט איז דורכגעגאַנגען און באַשטעטיקט געוואָרן דורכן קעניג. אָבער דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטאַרקע אַגיטאַציע מחוץ דעם פּאַרלאַמענט: די קריסטלעכע סוחרים פון לאָנדאָן האָבן אָנגעהויבן שיקן פּעטיציעס צום קעניג, אין די קירכעס און אין אַלע עפנטלעכע ערטער האָבן אַגיטאַטאָרן געהאַלטן רעדעס קעגן יידן, אין די גאַסן האָט מען געמאַכט פּראָצעסיעס און דעמאָנסטראַציעס קעגן דעם יידנפריינטלעכן געזעץ־פּראָיעקט. די רעגירונג האָט זיך דערשראָקן פאַר דעם דאָזיקן אויפגעבלאָזענעם פּראָטעסט פון „פאָלק" און געמוזט נאָכגעבן: אין 1754 איז דאָס געזעץ וועגן דער נאַטוראַליזאַציע פון די יידן בטל געוואָרן. די באַשרענקונגען פאַר די ענגלישע יידן זיינען בכן פאַרבליבן אין זייער קראַפט, און דאָס האָט געהאַט אַ דעמאָראַליזירנדיקע ווירקונג אויף אַ טייל פון דער ספרדישער אַריסטאָקראַטיע אין לאָנדאָן. אייניקע פון די ספרדים האָבן אָנגענומען די קריסטלעכע אמונה, כדי אַריינצוטרעטן אין דער העכערער געזעלשאַפט און ווערן פולבאַרעכטיקטע בירגער. אַזוי האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון יידנטום די מיטגלידער פון יענע פאַמיליעס, וואָס זיינען דערנאָך באַוואוסט געוואָרן אין דער גאַנצער וועלט: דיזראַעלי, ריקאַרדאָ, אַגוליאַר. אַנדערע ספרדישע פאַמיליעס זיינען ביסלעכווייז אַסימילירט געוואָרן אין דער ענגלישער געזעלשאַפט. פאַרבליבן ביי זייער רעכטלאָזיקייט און ביי זייער יידישקייט זיינען נאָר די אַשכנזים. זיי זיינען געווען פּשוטע קליינע הענדלער, זיך נישט געריסן אין

די הויכע פענצטער און זיך באַנוגנט מיט דעם ביסל רעכט, וואָס זיי האָבן געהאַט. ווי אין האָלאַנד, האָבן אויך דאָ די אשכנזים געהאַט זייערע באַזונדערע שולן, געמיינדעס, רבנים און זיך אָפּגעטיילט פון די ספרדים, וועלכע האָבן אויף זיי געקוקט פון אויבן אַראָפּ.

---

אין פ ר אַ נ ק ר יי ך זיינען נאָך דעם דעקרעט פון 1394 וועגן גירוש פון יידן, געבליבן נאָר קליינע יידישע גרופּעס אין פּראָוואַנס (מאַר־סעל) און אין די פּויפּסטלעכע פּראָווינצן (אַווינאָן). אין דעם אויטאָנאָמישן מאַרסעל האָבן יידן געלעבט רואיק, ביז די שטאָט איז נישט פאַראייניקט געוואָרן מיט די פּראָווינצן פון דער קעניגלעכער קרוין, וועלכע האָט אויך פון דאָרטן אַרויסגעטריבן די יידן (1501) דאָך האָבן די זין פון דער אייביק־געפּלאָגטער אומה באַוויזן אַריינצודרינגען אויף אַהינצו און אין 17־טן יאָרהונדערט זעען מיר אין מאַרסעל אַרויסוואַקסן, ווי פון אונטער דער ערד, אַ גאַנץ באַדייטנדיקע יידישע געמיינדע. די קריסטלעכע סוחרים שיקן אָנקלאָגן קיין פּאַריז, די רעגירונג שיקט פאַראָרדענונגען וועגן אַרויס־טרייבן די יידן. אָבער די יידישע קאָלאָניע פאַרבלייבט דאָך. די רעגירונג האָט פאַרשטאַנען, מיט וואָס די אָנקלאָגן פון די קריסטלעכע סוחרים שמעקן און וואָס איז זייער אמתע כוונה; אין יאָר 1681 האָט דער באַרימ־טער פינאַנץ־מיניסטער קאָלבער געשריבן: „די קאָמערץ־קנאה וועט שטענ־דיק העצן די קריסטלעכע סוחרים צו רודפן די יידן, אָבער מיר דאַרפן שטיין העכער פון די דאָזיקע געפילן, וואָס שטאַמען פון פּערזענלעכע אינטערעסן, און לאָגיש באַטראַכטן, אויף וויפל נוצלעך עס איז פאַר דער מלוכה די האַנדלס־טעטיקייט פון די יידן, וועלכע נעמט אַרום, אַ דאַנק זייערע פאַרבינדונגען מיט זייערע ברידער, אַלע טיילן פון ערד־קיילעך. דערזעלבער מיניסטער האָט געמוזט גיין קעגן זיך אליין און שפּעטער מיט אַ יאָר אונטערשרייבן אַ באַפעל וועגן אַרויסטרייבן די יידן, וואָס האָבן זיך אומגעזעצלעך באַזעצט אין מאַרסעל, אָבער דאָס לעבן איז געווען שטאַרקער פון יעדן געזעץ און אויך נאָך דעם באַפעל זיינען יידן פאַר־בליבן אין מאַרסעל.

פון די טויזנטער מאַראַנען, וואָס די שרעקלעכע אינקוויזיציע האָט אַרויסגעוואָרפן און צעשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט, איז אַ הייפל וואַנדערער אַריינגעדרונגען אויך קיין דרום־פראַנקרייך. נאָך אין 16־טן

יאָרהונדערט האָבן זיי זיך באַזעצט אין באָרדאָ, באַיאָן און אַנדערע שטעט, וואו זיי האָבן זיך אַרויסגעגעבן פאַר קאַטאָליקן. געהיים האָבן זיי אָפּגע־היט די געבאָטן פון דער יידישער רעליגיע, נאָר צווישן פאָלק זיינען זיי געווען באַוואוסט אונטערן נאָמען „ניי־קריסטן" און ווי פּאָרטוגעזישע סוחרים זיינען זיי געוואָרן שטאַרק געאַכט. אין 1550 האָט דער קעניג האַנרי דער צווייטער אַרויסגעגעבן די „ניי־קריסטן" א קאָנצעסיע, אַז זיי מעגן וואוינען און פריי האַנדלען אין באָרדאָ און אין אַנדערע שטעט פון דרום. ווען די באַפעלקערונג האָט אָנגעהויבן זיך באַציען פיינדלעך צו די געהיימע יידן און מסרן זיי פאַר דער מאַכט, איז די דאָזיקע דערלויבעניש פון קעניג געווען אַ גוטע שמירה פאַר די מאַראַנען. ערשטע אין יאָר 1615, ביי לודוויק דעם דרייצנטן, איז אַרויס אַ קעניגלעכער באַפעל, אַז די קריסטן טאָרן נישט אויסבאַהאַלטן ביי זיך די געהיימע יידן און האָבן מיט זיי באַציאונגען. פיל מאַראַנען האָבן דעמאָלט פאַרלאָזט פראַנקרייך און די איבערגעבליבענע האָבן אָנגעהויבן נאָך קונציקער זיך פאַרמאַס־קירן; אַזוי איז פון דעם קליינעם הייפעלע איבערגעבליבענע מאַראַנען מיט דער צייט אויסגעוואקסן אַ גרויסע יידישע געמיינדע. אין 1636 זיינען אין באָרדאָ געווען זעקס און דרייסיק מאַראַנישע פאַמיליעס פון 167 נפשות, וואָס זיינען אָפיציעל אַנערקענט געוואָרן פאַר „טרייע קאַטאָליקן". יענע פון זיי, וואָס זיינען געבוירן געוואָרן אין פראַנקרייך, זיינען מיט דער צייט נאַטוראַליזירט געוואָרן און באַקומען אַלע רעכטן. פון זיי האָבן זיך אויסיגעצייכנט די פאַמיליעס מענדעס, סאַספּאָרטאַס, אַלוואַרעס, פור־טאַדאָ, אָליווייראַ, וועלכע האָבן זיך פאַרנומען מיט גרויס־אינדוסטריע. ביסלעכווייז וואַרפן זיי פון זיך אַראָפּ די מאַסקע און אין אָנהויב 18־טן יאָרהונדערט טרעטן זיי שוין אָפּט אַרויס ווי אָפענע יידן, טויפן נישט זייערע קינדער און היטן עפנטלעך די יידישע געזעצן. פונעם יאָר 1730 ווערט די יידישע געמיינדע אנערקענט דורך דער רעגירונג און פון דע־מאָלט אָן ווערט די צאָל יידן אין באָרדאָ אַלץ גרעסער. אין מיטן 18־טן יאָרהונדערט געפינען זיך שוין אין באָרדאָ 2000 יידן, וועלכע האָבן 7 שולן. אַהין עמיגרירן שפּעטער די יידן פון אַוויניאָן און פון די דייטשע פּראָווינצן עלזאַס און לאָטאַרינגען, וועלכע ווערן זייער נישט פריינד־לעך אויפגענומען פון די „אַלט־איינגעזעסענע" ספרדים, וואָס קוקן אויף די אַנגעקומענע, ווי אויף פּרעמדע. אין 1776 ווערט די יידן אין באָרדאָ

אַרויסגעגעבן אַ קעניגלעכע דערלויבעניש צו באַזעצן זיך און פירן אַ פרייען האַנדל נישט בלויז אין דרום־פראַנקרייך, נאָר אין דער גאַנצער מלוכה, פאַריז אויך אין כלל. אַן אָנגעזעענער פאַרטיידיקער פון די יידי־שע אינטערעסן אין פאַריז איז דעמאָלט געווען דער רייכער און געביל־דעטער ספרדי יעקב ראָדריגעז פעריירא, דער גרינדער פון באַרימטן אינסטיטוט פאַר טויב־שטומע, אַ פרייגד פון פיל־באַרימטן פראַנצויזישע מענער. אַלע יידן, וואָס פלעגן קומען קיין פאַריז, האָבן געדאַרפט באַווייזן זייערע דאָקומענטן פאַר פעריירא, וועלכער האָט געמאָלדן וועגן דעם דער פּאָליציי און נאָר דאַן האָט מען דעם אָנגעקומענעם אַרויסגעגעבן אַ דער־לויבעניש צו וואוינען אין פאַריז.

נאָך פיל באַדייטנדיקער האָט זיך פאַרגרעסערט די צאָל פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פראַנקרייך, נאָך דעם, ווי די פראַנצויזן זיי־נען אריינגעדרונגען אין די דייטשע פראָווינצן עלזאַס און לאָטאַרינגען. ווען לודוויק דער פערצנטער האָט צוזאַמען מיט עלזאַס באַקומען אויך אַ גרויסע יידישע באַפעלקערונג, וואָס האָט דאָרט שוין פון אַלטע צייטן געוואוינט אין די דערפער און אין די שטעט, האָט ער פריער געוואָלט זיך אָפּזאָגן פון דער דאָזיקער נישט־געבעטענער „מתנה" און געהאַט בדעה אַרויסצוטרייבן פון דאָרטן די יידן. דאָס וואָלט שוין אָבער געווען צו־פיל אוממענטשלעך אפילו פאַר דעם קעניג פון דער דעמאָלטיקער דעספּאָ־טישער מאָנאַרכיע און מיט אַ שווער געמיט האָט ער געמוזט איבערגע־מען די יידן אונטער זיין „שוץ" (1657). די דאָזיקע „שוץ" האָט געקאָסט די יידן זייער טייער; דאָס קען מען זען דערפון, וואָס אין 1672 איז אויף יעדער יידישער פאַמיליע אַרויפגעלייגט געוואָרן אַ יערלעכער „קעניגלע־כער" שטייער פון 10 מיט אַ האַלבן פלאָרין, אויסער יענע שטייערן, וועל־כע זיי האָבן געצאָלט די פּריצים, אויף וועמענס ערד זיי האָבן געוואוינט. שפּעטער זיינען די דאָזיקע ספּעציעלע שטייערן פאַר דער „אפּוטרופּסות" פון קעניג נאָך פאַרגרעסערט געוואָרן. אין מעץ האָט יעדע יידישע פאַ־מיליע געדאַרפט צאָלן יערלעך אַ שטייער פון 40 ליווער. אין 1718 האָט דער רעגענט פיליפּ פון אָרלעאַן אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז די צאָל פון די יידישע פאַמיליעס אין מעץ טאָר נישט זיין העכער פון 480, וועלכע דאַרפן וואוינען אין אַ באַזונדערן קוואַרטאַל און צאָלן, אויסער דער אַלגע־מיינער יערלעכער סומע פון 20.000 ליווער פאַר דעם וואוינרעכט, אויך

פאַרשידענע שטייערן לטובת די שטאַטישע און קירכלעכע אנשטאלטן. דאָס רעכט פון האַנדל איז צוליב דער שתדלנות פון די קריסטלעכע סוח־רים נאָך מער געוואָרן באַגרענעצט און פאַר די יידן איז נאָך פאַרבליבן דאָס באָרגן אויף פּראָצענט. אין עלזאַס, וואו פיל יידן האָבן געוואוינט אין די דערפער, פלעגן זיי באָרגן געלט די פויערים אויף משכנות פון דער תבואה און אַנדערע דאָרפס־פּראָדוקטן און דעריבער זיינען זיי פאַר־האַסט געוואָרן ביי דער קריסטלעכער באַפעלקערונג. דער גרויס־האַנדל פון די יידן אין עלזאַס איז באַשטאַנען נאָר פון האַנדל מיט יובעליר־אויסאַרבעטונגען און מיט פי, אָבער אויך דאָ האָבן זיי ווינציק פאַרדינט און לויט דער באַשטעטיקונג פון אַ קריסטלעכן שריפטשטעלער זיינען צווישן די יידן אין עלזאַס געווען זייער ווינציק רייכע מענטשן.

דער ערד־באַזיצער האָט געדריקט דעם יידן, פונקט ווי ער האָט גע־דריקט דעם פויער, וואָס איז געווען זיין לייב־אייגענער. פאַר דעם רעכט צו וואוינען האָט דער ייד געמוזט צאָלן דעם ערד־באַזיצער אַ ספּעציעלן שטייער. אָבער אויך מיט דעם שטייער האָט דער פריץ געקענט צו יעדע צייט אַראָפּטרייבן דעם יידן פון זיין ערד פונקט ווי אַ פרעמדן. ווען אַ ייד איז געשטאָרבן, האָבן זיינע קינדער געדאַרפט אויפסנייַ זיך משתדל זיין פאַרן „פריץ" און בעטן ביי אים אַ חסד, ער זאָל זיי דערלויבן צו בלייבן וואוינען. האָט אַ ייד געוואָלט אַריבערפאָרן פון איין אָרט אין אַ צווייטן, האָט ער געהאט צו טאָן מיט פּאַספּאָרט־באַגרענעצונגען און מיט שענדלעכע ספּעציעלע שטייערן. אַזוי, צום ביישפּיל, פאַר אַריינפאָרן קיין שטראַסבורג און אין אַנדערע שטעט האָט יעדער ייד געמוזט צאָלן פונקט אַזאַ „לייב־שטייער", ווי מען האָט געצאָלט פאַר אריינפירן פי. אין דער־זעלבער צייט האָט די אַדמיניסטראַציע געזאָרגט, אַז די יידישע באַפעל־קערונג זאָל זיך נישט פאַרגרעסערן און צו דעם צוועק באַגרענעצט די צאָל חתונות. די אַדמיניסטראַציע האָט זיך אויך אריינגעמישט אין אי־נערלעכן יידישע לעבן און געפאָדערט, אַז די אויסגעקליבענע רבנים זאָלן פריער באַשטעטיקט ווערן דורכן קעניג.

אין דער צווייטער העלפט פון 18־טן יאָרהונדערט האָט די געזעל־שאַפט אָנגעהויבן זיך אינטערעסירן מיט יידן און וועגן דער יידנפראַגע איז געפירט געוואָרן אין דער פראַנצויזישער ליטעראַטור אַ הייסע פּאָ־לעמיק. דער באַרימטער פראַנצויזישער שריפטשטעלער וואָלטער, דער

טאָגגעבער פון יענער עפּאָכע, וועלכער האָט געהאַט געוויסע פּריוואַטע חשבונות מיט אייניקע יידן, איז אַרויסגעטראָטן אין „פילאָזאָפישן לעק־סיקאָן" מיט אַ שאַרפן אַרטיקל קעגן גאַנצן יידנטום. ווי אַ פריידענקער, האָט וואָלטער נישט געקענט שטעלן זיך אויף דעם שטאַנדפּונקט פון די קלעריקאַלן, און באַמערקט, אַז ברענען יידן אויפן פייער עצהט ער נישט, אָבער קעמפן קעגן זיי איז נייטיק, ווייל די היינטיקע יידן זיינען נישט מער, ווי קרעמער, געלט־פּרעסער און באַרבאַרן, וואָס טראָגן אין האַרצן אַ שנאה צו אַלע פעלקער. קעגן די אָנפאַלן פון וואָלטערן איז אַרויסגע־טראָטן מיט אַ שיינער פאַרטיידיקונג פון דער יידישער אומה דער געביל־דעטער ספרדי פון באָרדאָ יצחק פּינטאָ, וועלכער האָט געוואוינט אין האָ־לאַנד און איז באַרימט געוואָרן מיט זיין ווערק „וועגן לוקסוס". „וואָלטער —האָט פּינטאָ געשריבן אין ווערק— וויל נישט זען די יידן אויף די שיי־טערהויפנס; אָבער צי איז דען די פעדער ווינציקער שעדלעך, איידער די ווירקונג פון פייער? די ווירקונג פון דער פעדער איז נאָך שעדלעכער דערמיט, וואָס זי גייט איבער צו די שפּעטערדיקע דורות. און וואָס קען מען דערוואַרטן פאַר דער דאָזיקער אומגליקלעכער נאַציע פון דעם ווילדן און פינסטערן המון, ווען אפילו דער גרעסטער געניע פון אונדזער עפּאָ־כע האַלט זיך ביי אַזעלכע באַרבאַרישע פאָראורטיילן?" זיין אַפּאָלאָגיע האָט פּינטאָ פאַרענדיקט מיט די ווייטערדיקע ווערטער, וועלכע וואָלטער אליין האָט אַמאָל געזאָגט אין אַן אַנדער אָרט, איידער ער איז געוואָרן אַ קעגנער פון יידן: „זאָלן די קריסטן אויפהערן רודפן און האַסן יענע, וואָס זיינען ווי מענטשן — אונדזערע ברידער, און ווי יידן — אונדזערע פאָטערס!" דער ענטפער פון פּינטאָ האָט אַרויסגערופן אין דער ליטע־ראַטור און אין דער געזעלשאַפט אַ שטאַרקן מיטגעפיל. וואָלטער אַליין האָט אין אַ בריוו צו פּינטאָ געמוזט זיך מודה זיין, אַז אין זיינע מיינונגען וועגן יידן איז ער באַגאַנגען אַ פעלער און אַז ער איז געווען אומגערעכט, ווען ער האָט באַשולדיקט אַ גאַנצע נאַציע צוליב די חסרונות פון אייב־צעלנע יידן. פּינטאָס שיינער ענטפער דעם פראַנצויזישן פילאָזאָף האָט אָבער געהאַט איין גרויסן פעלער: ער האָט איינגעטיילט די יידישע נאַציע אויף צוויי טיילן: ספרדים און אשכנזים. די ערשטע זיינען די סמעטענע פון פאָלק, שטאַמען פון אַן אַלטן יידישן שבט און זיינען די יידישע אַריסטאָקראַטיע; מיט זייער הלבשה, מיט זייערע מאַנירן און

דערציאונג אונטערשיידן זיי זיך שטאַרק פון די אשכנזים, מיט וועלכע זיי זיינען זיך זעלטן אַפילו מתחתן. און אין דער צייט, ווען די אשכנזים, ווי אַ „נידעריקערע ראַסע", פאַרדינען אַ טייל פון די פאָרוואורפן, וואָס מען מאַכט זיי, זיינען די פּאָרטוגעזישע יידן ריין פון יעדן חטא, ווייל זיי זיינען לויט זייער האַלטן זיך און קולטור עכטע אייראָפּעער, וועלכע אַסי־מילירן זיך אומעטום מיט דער באַפעלקערונג, צווישן וועלכער זיי וואוי־נען. דער דאָזיקער שטאַנדפּונקט, לויט וועלכן די ספרדישע יידן זיינען דער אויסגעוויילטער טייל פון פאָלק און שטייען פיל העכער פון די „אָרעמע" פּויליש־דייטשע יידן, איז אויף אַ לאַנגע צייט שפּעטער גע־בליבן פאַרשפּרייט צווישן דער פּראָגרעסיווער קריסטלעכער באַפעלקע־רונג, וואָס האָט וועגן יידן ווייניק געוואוסט און באמת געגלויבט, אַז די אַלע מיאוסע חסרונות, וואָס מען זעט אין יידן, געהערן נאָר צו די אשכנ־זים וועלכע האַלטן זיך מיט אַ זעלטענער עקשנות ביי זייער „אַלטער" יידישקייט. אגב, איז שפּעטער אין יאָר 1769 פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַ גרויס אַנאָנים ווערק, „אַ בריוו פון אייניקע פּאָרטוגעזישע און דייטשע יידן צום הערן וואָלטער", און דאָ איז שוין פאַרטיידיקט געוואָרן די גאַנצע יידישע נאַציע. וואָלטער אליין האָט אויף די עלטערע יאָרן אָנגע־שריבן אַן אַרטיקל וועגן דעם בוך און מודה געווען, אַז יידן פאַרדינען אַכ־טונג פאַר זייער גייסטיקער העלדישקייט און פאַר יענע אומגעוויינלעכע ליידן, וואָס זיי האָבן אַריבערגעטראָגן אין משך פון טויזנטער יאָרן.

# קאַפּיטל פיר

## מענדעלסאָן און זיין עפּאָכע

אין יאָר 1743 איז פון שטעטל דעסוי געקומען קיין בערלין, דעם גייסטיקן צענטער פון דייטשלאַנד, אַן אָרעם יידיש אינגל, וואָס איז שטיל געגאַנגען זוכן תורה און חכמה, און אָט דעם אָרעמען אינגל איז באַשערט געווען צו לייגן אַ פונדאַמענט פאַר דער קולטורעלער באַנייאונג פון דער יידישער אומה. דאָס איז געווען דער קינפטיקער באַרימטער פילאָזאָף מ ש ה  מ ע נ ד ע ל ס אָ ן!

ווען ער איז געקומען קיין בערלין איז בן־מנחם אַלט געווען 14 יאָר (געבוירן איז ער דעם זעקסטן סעפּטעמבער 1729), און אין דער גרויסער שטאָט האָט ער מיטגעבראַכט מיט זיך נאָר איין פאַרמעגן: זיין ביסל קענטעניש אין תורה און תלמוד, וואָס ער האָט באַקומען פון זיין פאָטער, אַ סופר סת״ם, און זיין שטאַרקער רצון ווייטער צו לערנען און זיך צו פאַרפולקאָמען. ער האָט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר פון זיין בן־עיר, דעם בערלינער רב ר׳ דוב פרענקעל, וועלכער האָט פריער געוואוינט אין דעסוי און דאָרט געלערנט תלמוד מיט סופרס פּעאיקן יינגל. ר׳ דוב פרענקעל האָט זיין געוועזענעם תלמיד אויפגענומען פריינדלעך און דער קומענדי־קער דענקער האָט זיך גענומען צום לערנען מיט אַן אומגעוויינלעכן ברען. געלעבט האָט דער פערצן־יאָריקער מענדעלסאָן, נאַטירלעך, אין דחקות און נויט און געוואוינט ערגעץ אין אַ קעלער־שטוב; געלערנט האָט ער אָבער פלייסיק, און פון דער אומאויפהערלעכער אָנשטרענגונג, ווי פונעם זיצן שטענדיק אויף איין אָרט, האָט ער אַזש באַקומען אַ הויקער.

אויסער די תלמודישע למודים, האָט מענדעלסאָן געשמאַק געלערנט אויך דעם „מורה נבוכים״, וועלכער האָט אים געעפנט די אויגן און אַרויס־גערופן ביי אים אַן אינטערעס צו דער פילאָזאָפיע, און שפּעטער, ווען אים האָט אָנגעהויבן ציען צו פּאָזיטיווער וויסנשאַפט און צו ברייטע אידעאַלן, האָט ער אָנגעהויבן לערנען די דייטשע שפּראַך ווי אַ מיטל, צו באַקענען

זיך מיט דער אויסערלעכער ברייטער וועלט. געטאָן האָט ער דאָס בסוד סודות, ווייל אין יענער צייט איז אַזאַ זאַך גערעכנט געוואָרן ביי יידן פאַר אפיקורסות, נאָר אין גיכן האָט אים דער גורל צונויפגעפירט מיט אייניקע מענטשן, וועלכע האָבן אים אַרויסגעוויזן אַ שטאַרקע שטיצע אויף זיין שווערן וועג. אין בערלין האָט דעמאָלט געוואוינט ישראל זאַמאָשץ, אַ פוילישער געבילדעטער און באַגאַבטער יונגערמאַן, וועלכער האָט ביי זיך אין דערהיים געליטן רדיפות פאַר זיין נייגונג צו וויסנשאַפט און פילאָזאָפיע. דער דאָזיקער זאַמאָשץ האָט מענדעלסאָנען באַקענט מיט דער עלעמענטאַרער מאַטעמאַטיק. אַ צווייטער באַקאַנטער, דער דאָקטאָר אברהם קיש פון פראַג, האָט מענדעלסאָנען געלערנט לאַטייניש און אין גיכן איז ער שוין אימשטאַנד געווען צו לייענען אויף לאַטיין דאָס ווערק פון ענגלישן פילאָזאָף לאָק „אַן עקספערימענט וועגן דעם מענטשלעכן פאַרשטאַנד". דער יונגער דאָקטאָר אהרן גאָמפּערץ האָט מענדעלסאָנען אריינגעפירט אין די אוצרות פון דער שיינער ליטעראַטור און אים באַקאַנט געמאַכט מיט די נייע שפּראַכן. אין גיכן האָט מענדעלסאָן שוין געהאָט דערוואָרבן אַזעלכע גרויסע ידיעות, אַז דער רייכער בערלינער פאַבריקאַנט בערנאַרד האָט אים צוגענומען פאַר אַ דערציער פון זיינע קינדער. אין עטלעכע יאָר אַרום איז ער געוואָרן בוכהאַלטער אין דער קאַנטאָר פון דעמזעלביקן פאַבריקאַנט און נאָך שפּעטער איז ער געוואָרן אַ שותף אין דער דאָזיקער פירמע. מענדעלסאָן איז איצט מאַטעריעל שוין געווען פאַרזיכערט און געקענט רואיק זיך אָפּגעבן מיט זיין וויסנשאַפטלעכער אַרבעט. אין די פרייע צייטן האָט ער זיך פאַרטיפט אין דער פילאָזאָפיע, זיך באַקענט מיט די ווערק פון די גרעסטער דענקער און אליין אויך געשאַפן און געשריבן.

אין 1754 האָט דער דאָקטאָר גאָמפּערץ באַקענט מענדעלסאָנען מיט דעם גרויסן דייטשן שריפטשטעלער לעסינג און דעם אָנהייב פון דער דאָזיקער באַקאַנטשאַפט קען מען רעכענען פאַר אַ היסטאָרישן מאָמענט. דאָ האָבן אויסגעשטרעקט די הענט איינער דעם צווייטן פאַרשטייער פון צוויי באַזונדערע באַציִעס, פון צוויי באַזונדערע וועלטן, וועלכע האָבן זיך פאַראייניקט אויפן באָדן פון אַלגעמיינע מענטשלעכע אינטערעסן, און די דאָזיקע באַגעגעניש איז געווען ווי אַ סימבאָל פון דער אַלגעמיינער באַ־

פרייאונגס־באַוועגונג, וועלכע האָט געדאַרפט זיך אָנהייבן סיי אין דער קריסטלעכער, סיי אין דער יידישער וועלט.

לעסינג, אַ זון פון אַ לוטעראַנישן גלח, איז געווען אַן אמתער דע־מאָקראַט און ליב געהאַט אַלע געפאַלענע, געדריקטע און גערודפטע. האַר־ציק צוגעבונדן צו די אָרעמע דייטשע מאַסן, האָט ער ליב געהאַט אויך די גערודפטע יידן און נאָך אין איינער פון זיינע ערשטע דראַמען „די יידן", האָט ער אַרויסגעשטעלט אַ טיפּ פון אַן איידעלן און אידעאַלן יידן, וואָס פאַרשטייט די גרויסע עוולה, וועלכע די קריסטלעכע וועלט באַגייט קעגן יידישן פאָלק, און איז דאָך מוחל די קריסטן. ווי אַן אמתער פרייער מענטש, וואָס האָט ליב די פרייהייט נישט בלויז מיטן שכל, נאָר מיט זיין גאַנצן וועזן, איז לעסינג געווען אַ גרויסע מאָראַלישע פערזענלעכקייט, אַ מענטש, וואָס האָט מיט זיך געטראָגן נייע אידעאַלן און זיך געשטעלט פאַר זיין לעבנס־אויפגאַבע צו באַפרייען דאָס דייטשע פאָלק פון די אַלע פאַראורטיילן און נאַרישע סאָפיזמען, וואָס בינדן דעם לעבעדיקן מענטש־לעכן גייסט און דערשטיקן זיין פרייהייטס־געפיל. אין מענדעלסאָנען האָט לעסינג געפונען די פאַרקערפּערונג פון יענעם אידעאַלן יידן, וועלכן ער האָט אַרויסגעפירט אין זיין דראַמע, און ער האָט אים אַ נאָמען געגעבן „דער צווייטער שפּינאָזאַ אָן די טעותים פון ערשטן". אים איז געפעלן געוואָרן אין מענדעלסאָנען זיין שטילער גייסט, זיין זוכן דעם אמת, זיין מאָראַלישע גלייכגעוויכט און אויך דאָס, וואָס ער איז אַ זון פון אַ גערו־דפטער נאַציע. מענדעלסאָן ווידער איז נתפּעל געוואָרן פון לעסינגס ברייטער בילדונג, פון זיין פרייען גייסט און עסטעטישן געשמאַק. די דאָזיקע פריינדשאַפט איז געווען זייער נוצלעך און פרוכטבאַר פאַר ביידע. מענ־דעלסאָן האָט געווירקט אויף לעסינגען מיט זיין מאָראַלישער פערזענלעכ־קייט, מיט זיינע פילאָזאָפישע און עטישע ידיעות, און לעסינג האָט אים אריינגעפירט אין דעם קרייז פון זיינע געבילדעטע פריינד און אים אויך געקרוינט פאַר אַ שריפטשטעלער. ווען מענדעלסאָן האָט איין מאָל אים געגעבן איבערצוקוקן זיין כתב־יד מיטן טיטול „פילאָזאָפישע געשפּרעכן", האָט לעסינג אָן דער ידיעה פון זיין פריינד אָפּגעדרוקט דאָס דאָזיקע ווערק און דערמיט אריינגעפירט דעם שטילן און עניוותדי'ק מענדעלסאָן אין דער ליטעראַרישער וועלט. די „פילאָזאָפישע געשפּרעכן" זיינען גע־

פעלן געוואָרן דעם פּובליקום דורך זייער שיינער שפּראַך און קלאָרן סטיל און מענדעלסאָן איז געוואָרן פּאָפּולער.

אין עטלעכע יאָר אַרום האָט מענדעלסאָן אָפּגעהאַלטן נאָך אַ גרויסן נצחון: די בערלינער אַקאַדעמיע האָט באַשטימט אַ פּרעמיע פאַר אַ ווערק, וואָס וועט ענטפערן אויף דער פראַגע: צי קענען פיליאָזאָפישע רעגלען ווערן דערקלערט דורך מאַטעמאַטישע כללים. אין דעם קאָנקורס האָבן זיך באַטייליקט פיל דייטשע באַרימטע געלערנטע, צווישן זיי אויך דער גרויסער פילאָזאָף קאַנט. מענדעלסאָן האָט אויך זיך גענומען, מיט אַ ביסל שרעק און שעמעוודיקייט צו דער אַרבעט און זיין ווערק האָט באַקומען די פּרעמיע, בשעת קאַנטס ווערק האָט נאָר זוכה געווען צו אַ גוטער רע־צענזיע (1763). דאָס האָט צוגעגעבן מוט דעם יונגן פילאָזאָף און אין גיכן איז דערשינען מענדעלסאָנס באַרימט ווערק „פעדאָן", אין דער פאָרם פון שמועסן צווישן פילאָזאָף סאָקראַטעס מיט זיינע שילער וועגן דער פראַגע פון השארת הנפש. דאָס ווערק האָט איצט שוין נישט קיין לי־טעראַרישן ווערט, אָבער אין יענער צייט האָט „פעדאָן" געמאַכט אַ גע־וואַלדיקן רושם. דער האַרציקער טאָן, די טיפע אינערלעכע איבערצייגונג, אַז די מענטשלעכע נשמה קאָן נישט פאַרשוואונדן ווערן נאָכן טויט, די קלאָרע און שיינע שפּראַך פון דעם בוך — דאָס אַלץ האָט באַרימט און באַ־ליבט געמאַכט מענדעלסאָנס ווערק. דאָס ווערק פלעגט מען לייענען און נאָך אַמאָל איבערלייענען אין אַלע קרייזן פון דער געזעלשאַפט, עס איז־בערזעצט אויף פאַרשידענע שפּראַכן און דער אויטאָר איז געוואָרן אַ מפורסם. מענדעלסאָנען האָט מען אַוועקגעשטעלט אין דער ריי פון די בעסטע דייטשע שריפטשטעלער און אים געקרוינט מיטן נאָמען „דער צווייטער סאָקראַטעס".

אין גיכן האָט מענדעלסאָן, אַ דאַנק לעסינגס השפעה, דערוואָרבן אויך אַ פיינעם געשמאַק אין דער שיינער ליטעראַטור און אָנגעשריבן אַ ריי אַרטיקלען וועגן דער ליטעראַרישער קריטיק. ער האָט זיך אַפילו דערלויבט אין אַ פאַרשטעלטער פאָרם צו קריטיקירן די לידער פון „קעניג־פילאָזאָף" פרידריך דעם צווייטן, וואָס האָט נישט געהאַט קיין פּאָעטישן טאַלאַנט און איז געווען נישט מער, ווי אַ ליידנשאַפטלעכער גראַמען־מאַכער. אין הויף האָט מען מענדעלסאָנען געמסרט און מען האָט אים אַרויסגערופן אויף אַ דערקלערונג. צום גליק האָט מען דאָרט זיך באַנוגנט

מיט זיין דערקלערונג און נאָר אָפּגעשטעלט דעם זשורנאַל, וואו ס'איז געדרוקט געווען מענדעלסאָנס רעצענזיע אויף דעם קעניגס שאַפונגען. אין די ליטעראַרישע קרייזן פון דייטשלאַנד איז מענדעלסאָנס נאָמען געוואָרן אַלץ מער און מער באַוואוסט. די גרעסטע מענער פון יענער צייט האָבן געזוכט זיין באַקאַנטשאַפט, זיין הויז איז געוואָרן אַ צענטער פאַר די געבילדעטסטע מענטשן פון בערלין און דאָרט פלעגן פאָרקומען לעבהאַפטע שמועסן און דיסקוסיעס וועגן הויכע פילאָזאָפישע און עסטעטישע פּראָבלעמען. אין דערזעלבער צייט איז דער מענטש, וואָס איז געשטאַנען אין צענטער פון דעמאָלטיקן גייסטיקן לעבן, אַלץ פאַרבליבן דער זון פון דער פאַרהאַסטער נאַציע, און מיט גרויס מי האָט זיך איינגעגעבן אויסצופּועלן ביים קעניג פרידריך פאַר מענדעלסאָנען אַ פּריווילעגיע פון אַ „שוץ־יוד", ד"ה דאָס רעכט צו וואוינען אין בערלין. ווען עס איז שוין פאַרעפנטלעכט געוואָרן מענדעלסאָנס „פעדאָן" און ער איז געוואָרן אַזוי באַרימט אין דער וועלט, אַז די בערלינער אַקאַדעמיע האָט געוואָלט אַריינגעמען דעם אויטאָר פון „פעדאָן" אין דער צאָל פון אירע מיטגלידער, האָט דער קעניג פרידריך נישט מסכים געווען דערויף און אויסגעשטראָכן מענדעלסאָנס נאָמען פון דער ליסטע קאַנדידיאַטן, צווישן וועלכע עס איז אויך געווען די רוסישע קייסערין יעקאַטערינע די צווייטע. מענדעלסאָנען האָט מען אויך אויף דער גאַס דערמאָנט, אַז ער איז אַ ייד, און אים נישט פאַרגונען קיין מנוחה. „איך שפּאַציר אַמאָל מיט מיין פרוי און קינדער — דערציילט ער — פּאָפּאָ! — פרעגט דאָס נאָאיווע קינד — וואָס שרייט אונדז דאָרט נאָך יענער שילער? פאַרוואָס וואַרפן זיי אויף אונדז שטיינער? וואָס האָבן מיר זיי אַזוינס געטאָן? — יאָ, טייערער פּאָפּאָ! — זאָגט אַ צווייט קינד—: זיי יאָגן אונדז שטענדיק נאָך אויף די גאַסן און שרייען אויף אונדז: יודע, יודע! איז דען אַ חרפּה צו זיין אַ ייד און וואָס שטערט דאָס זיי? אַך! איך לאָז אַראָפּ די אויגן און זיפץ שטיל: מענטשן, מענטשן! צו וואָס פאַר אַ מדרגה איר זענט געקומען!".

האָט אָבער מענדעלסאָן זיך גענייטיקט, אַז מען זאָל אים דערמאָנען, אַז ער איז אַ ייד? ווען מען האָט זיך משתדל געווען פאַרן קעניג, אַז ער זאָל מענדעלסאָנען אַרויסגעבן אַ פּריווילעגיע צו וואוינען אין בערלין, האָט איינער פון די הויף־וויצלינגען, דער פראַנצויזישער מאַרקיז ד'אַרזשאַן, אָנגעשריבן אויף מענדעלסאָנס ביטע צום קעניג: „דער פילאָ־

זאָף און שלעכטער קאַטאָליק (דער מאַרקיז) בעט דעם פילאָזאָף און שלעכטן פּראָטעסטאַנט (פרידריך), אַז ער זאָל געבן אַ פּריווילעגיע דעם פילאָזאָף און שלעכטן ייד (מענדעלסאָן)״. דאָס איז אָבער געווען נישט מער, ווי אַ וויץ, אין גייסט פון די שאַרפזיניקע בדחנים פון יענער צייט. אין דער אמתן האָט מענדעלסאָן נישט פאַרדינט דעם טיטל „שלעכטער ייד״ און אין דער צייט, ווען ער האָט זיך געדרייט אין די קריסטלעכע קרייזן, גע־שריבן אויף פילאָזאָפישע טעמעס און אויסערלעך מיט קיין זאַך זיך נישט אונטערשיידט פון אַ קריסט, איז ער אין דער היים געבליבן אַ כשרער ייד, וואָס פירט אַ יידיש הויז אין פולן זין פון וואָרט און איז מדקדק אין דער קלענסטער מצוה. ער האָט קיין מאָל נישט פאַרגעסן אַז ער איז אַ זון פון דעם יידישן פאָלק, און אין האַרצן שטענדיק געווען אַן אמתער רעלי־גיעזער ייד, אפילו אַ שטרענגער אָרטאָדאָקס. עס איז אָבער זייער מעגלעך, אַז מענדעלסאָן וואָלט נישט געוואָרן דאָס, וואָס ער איז געווען פאַר יידן, ווען נישט די אומשטענדן אליין זאָלן אים געווען צווינגען דערצו. ער איז בטבע געווען אַ רואיקער ,שטילער מענטש, וואָס איז נישט געווען גערופן צו זיין אַ רעפאָרמאַטאָר און אַוועקלייגן אַ יסוד פאַר זיינע אידעאַלן. ער וואָלט געקענט אָפּלעבן אַלע זיינע יאָרן און אפילו נישט פרואוון פאָרמו־לירן פאַר זיך אליין זיין באַציאונג צום יידנטום. פאַר דער וועלט איז ער טאַקע די ערשטע צייט געווען נאָר אַ פילאָזאָף, אַ שטילער פּרעדיקער פון מענטשן־ליבע, וואָס די אינטערעסן פון זיין פאָלק גייען אים נישט אָן, פונקט ווי עס גייט אים אויך נישט אָן דאָס קריסטנטום. אים איז אָבער באַשערט געווען צו שפילן אַ גרויסע היסטאָרישע ראָלע און באַלד איז געקומען אַ צופאַל, וואָס האָט מיט געוואַלט אַרויסגעשלעפּט מענדעלסאָנען פון זיין רואיקייט און שטילקייט און אים אַוועקגעשטעלט אויפן קאַמפּס־פּלאַץ.

דורך לעסינגען האָט זיך מיט מענדעלסאָנען באַקאַנט דער באַוואוס־טער שריפטשטעלער, לאַפאַטער, דער דערפינדער פון „חכמת הפרצוף״, ד״ה פון דער לערע, ווי אַזוי צו דערקענען די אייגנשאַפטן פון אַ מענטשן דורך די שטריכן פון זיין געזיכט. ווי פיל אַנדערע קריסטן ,איז אויך לאַ־פאַטער געווען אַנטציקט פון מענדעלסאָנס פּערזענלעכקייט און לויט די שטריכן פון זיין געזיכט האָט ער אין אים אַנטדעקט „סאָקראַטעסעס נשמה״. די דאָזיקע שיינע נשמה האָט לאַפאַטער זייער געוואָלט אַריבערציען צום

קריסטנטום. אין יאָר 1769 האָט לאַפאַטער אַרויסגעגעבן אין אַ דייטשער איבערזעצונג אַ בוך פון זשענעווער פּראָפעסאָר בינעט, וועגן אמת פון קריסטנטום און צו דער איבערזעצונג האָט לאַפאַטער אָנגעשריבן אַ הייסע הקדמה, אין וועלכער ער האָט זיך געווענדעט צו מענדעלסאָנען מיט אַ פאָרשלאַג, וואָס האָט געקלונגען, ווי אַ פּראָוואָקאַציע: „אָדער עפנטלעך אָפּלייקענען די ראיות פון דעם בוך, אָדער, אויב ער וועט זיי אַנערקענען פאַר ריכטיק, טאָן דאָס, וואָס עס פאָדערן די חכמה, ליבע, אמת און ערע, און וואָס עס וואָלט געטאָן סאָקראַטעס, ווען ער זאָל אַנערקענען די באַווייזן פון דעם בוך פאַר ריכטיקע" — דאָס הייסט: שמדן זיך. עס איז שווער צו זאָגן, אַז לאַפאַטער זאָל האָבן בכיוון געוואָלט מענדעלסאָנען אונטערשטעלן אַ פוס, נאָר ווי עס זאָל נישט זיין, דערווייל איז מענדעלסאָן אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין זייער אַ קריטישע לאַגע. נישט ענטפערן אויף דער פראַגע, וואָס לאַפאַטער האָט אים אַוועקגעשטעלט, האָט ער נישט געקענט, ווייל אַנדערע וואָלט דאָס גערעכנט פאַר ווינציק קוראַזש און פחדנות פון זיין זייט. יאָ ענטפערן איז אויך געווען שווער, ווייל ווען מ'רעדט וועגן יידנטום איז אוממעגלעך נישט אָנצורירן דאָס קריסטנטום און אַרויסזאָגן וועגן דעם עטלעכע פרייע ווערטער, וואָס האָבן געדאַרפט אויפרייצן די פרומע קריסטן. מען האָט געדאַרפט האָבן גענוג טאַקט און פאַרשטאַנד, אַז מען זאָל קענען זיך אַרויסדרייען פון אַזאַ לאַגע און, צו ריידן ווי אַן איבערצייגטער ייד גאַנץ אָפנהערציק וועגן דער קריסטלעכער רעליגיע און דאָך נישט באַליידיקן די רעליגיעזע געפילן פון די קריסטן. מענדעלסאָן האָט אַזאַ טאַקט באַוויזן אין אַ גרויסער מאָס. זיין ענטפער אויף דעם אַרויסרוף פון לאַפאַטער איז אָנגעשריבן זייער פאָרזיכטיק, אָבער דאָך מיט געפיל פון הויכער זעלבסטווירדע. מענדעלסאָן האָט דערקלערט, אַז ער צווייפלט נישט אין דער געטלעכקייט פון דער יידישער תורה און איז שטענדיק געווען און וועט פאַרבלייבן אַ טרייער ייד. „איך וועל נישט לייקענען — שרייבט ער, — אַז איך האָב געפונען אין מיין רעליגיע איייניקע שלעכטע מנהגים, וואָס פאַרשוואַרצן ליידער איר שיין — פונקט ווי עס ווערן מיט דער צייט צוגעטשעפּעט פרעמדע עלעמענטן צו יעדער אַנדערער רעליגיע, — אָבער אינם „עצם יסוד פון מיין רעליגיע בין איך אויף אַזוי פיל זיכער לויט באַווייזן, וואָס קענען נישט אָפּגעלייקנט ווערן, אַז איך שווער ביי גאָט, דאָס איך וועל נישט אויפהערן צו

האַלטן זיך ביי דעם יסוד, כל זמן איך וועל בלייבן ביי מיין נשמה". וואָס אנבאלאנגט דעם קריסטנטום, האָט מענדעלסאָן פאַרזיכטיק דערמאָנט, אַז ער קען נישט אָנערקענען אַזאַ רעליגיע', וואָס דער גרינדער פון איר האָט זיך דערקלערט פאַר אַ גאָט. קריסטנטום אין אַלגעמיין האַלט ער פאַר אַ טעות, נאָר צוליב פאַרשידענע סיבות קען ער וועגן דעם נישט מאריך זיין.

מענדעלסאָנס טאַקטישער און פאַרזיכטיקער ענטפער, פאַר וועלכן ער וואָלט דאַן אין אַן אַנדער צייט געברענט געוואָרן אויפן פייער, האָט געמאַכט אַ גרויסן איינדרוק. די פרייגעזינטע קריסטן האָבן זיך זייער גע־פרייט, וואָס עס האָט זיך געפונען אַ מענטש, וואָס האָט אַרויסגע־זאָגט אַ פריי וואָרט וועגן קריסטנטום. פּראָפ. בינעט אליין האָט געגעבן מענדעלסאָנען רעכט און אויסגעדריקט זיין באַדויערן, וואָס לאַפאַטער האָט אומזיסט אים אַוועקגעשטעלט אין אַן אומאַנגענעמער לאַגע. אויך לאַפאַטער איז געווען געצוואונגען צו בעטן אין אַן אָפענעם בריוו אַנט־שולדיקונג ביי מענדעלסאָנען פאַר די אומאַנגענעמלעכקייטן, וואָס ער האָט אים פאַרשאַפט. דער גאַנצער אינצידענט האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן אינטערעס נישט בלויז אין בערלין, נאָר אויך אין אַנדערע שטעט פון אייראָפּע. עס האָבן אויך נישט געפעלט קיין פּאַסקווילן און בייזע אַרטיק־לען פון קריסטן, וואָס זיינען געווען אויפגעברויזט אויף דער חוצפּה פונעם ייד מענדעלסאָן, אָבער אין אַלגעמיין האָט עס אויסגעזען, אַז דאָס יידנטום האָט דאָ אָפּגעהאלטן אַ נצחון.

נאָך מער באַדייטונג האָט געהאט דער דאָזיקער אינצידענט פאַר מענדעלסאָנען אליין. ער האָט זיך איבערצייגט, אַז עס איז געקומען די צייט איבערצייגיין פון די אַלגעמיין־פילאָזאָפישע פראַגן צו דערקלערן די יסודות פון יידנטום, פון וועלכן אפילו די געבילדעטע קריסטן האָבן נישט געהאט קיין ריכטיקן באַגריף. נאָך וויכטיקער איז געווען אין זיינע אויגן דער געדאַנק צו טאָן עפּעס, כדי אויפצוהייבן דעם קולטורעלן צושטאַנד פון זיינע אייגענע ברידער, און מענדעלסאָן האָט זיך גענומען צו אַ פּלאַן, וואָס האָט אין פלוג אויסגעזען נישט באַדייטנדיק, וועלכער האָט אָבער געהאט אומגעהויערע רעזולטאַטן פאַר דער קינפטיקער קולטורעלער אויפ־לעבונג פון די יידן אין דייטשלאַנד און אין אַנדערע לענדער: — ער האָט זיך גענומען איבערזעצן דעם תנ"ך אויף אַ ריינער דייטשער שפּראַך, שטרענג לויט דעם גייסט און ריכטיקן פשט פונעם אָריגינאַל, און דערנאָך

האָט ער צום טעקסט פון דער איבערזעצונג צוגעגעבן אַ פּירוש אויף העב־רעאיש („ביאור"), וואָס איז געווען געגרינדעט אויף דעם גראַמאַטיקאַלישן און לאָגישן פּשט פון די ווערטער און וואָס האָט באַדאַרפט אומקערן די ביבל צו איר פּריערדיקער ריינקייט, אָן די פּאַרדרייטע פּשטים, אָן די אַלע נאַרישע און פאַלשע טייטשן, צו וועלכע די יידן זיינען ביז אַהער צוגע־וואוינט געווען. מענדעלסאָן האָט אויסגערעכנט, אַז מיט דער דאָזיקער רעפאָרם וועט ער פיל אויפטאָן אויך פאַר דער קולטור בכלל, — וואָס ס'איז אויך ווירקלעך געשען. אין דער אַרבעט פון „ביאור" האָבן מענ־דעלסאָנען צוגעהאָלפן: שלמה דובנאָ, אַ געבוירענער פון פּוילן, אַ קענער פון דער יידישער גראַמאַטיק; דער באַוואוסטער שריפטשטעלער נפתלי הירץ וויזעל; דער לערער הערץ האָמבערג און אהרן יאַראָסלאַוו. אַ דאַנק זייער מיטווירקונג איז די אַרבעט אַוועק זייער ווייט, אַזוי אַז אין יאָר 1783 איז שוין געווען פאַרענדיקט די איבערזעצונג פון אַלע 5 חומשים (געווען געדרוקט אויף דייטש, נאָר מיט יידישע אותיות), צוזאַמען מיט דעם פּירוש צו דער איבערזעצונג אויף העברעאיש.

אַז מענדעלסאָן האָט זיך נישט גענאַרט אין זיין רעכענונג, האָט געוויזן דער ערשטער טייל פון זיין איבערזעצונג, וואָס איז דערשינען אין יאָר 1778. עס איז שווער זיך פאָרצושטעלן, וואָס פאַר אַ אויפרעגונג ער האָט אַרויסגערופן אין דער יידישער געזעלשאַפט; די ליבהאָבער פון בילדונג האָבן אין „מענדעלסאָנס תורה" געזען אַ שטאַרק מיטל אומצו־קערן זיך צום ריכטיקן פּשט פון דעם תנ"ך, וואָס איז שטאַרק פאַרטונקלט געוואָרן אין דער עפּאָכע פון רבניזם, אָפּצורייניקן די העברעאישע שפּראַך, וואָס איז געוואָרן שרעקלעך צעקאַליעטשעט און פאַרדאָרבן דורך דעם סטיל פון די רבנים, און, ענדלעך, אויך אַ מיטל פאַר די יידישע יונגעלייט ,וואָס קענען קיין זאַך נישט אויסער דעם תלמוד, אויסצולערנען זיך דורך דער איבערזעצונג די דייטשע שפּראַך. אויף מענדעלסאָנס אי־בערזעצונג זיינען אָנגעקומען באַשטעלונגען פון אַלע שטעט פון דייטש־לאַנד, האָלאַנד, ענגלאַנד, פראַנקרייך, פּוילן, באַזונדערס פון ווילנע, וואָס איז שוין צו יענער צייט געווען אַ האַלב־פרייע שטאָט. קריסטן אפילו האָבן זיך אָבאָנירט אויף דער נייער ביבל־אויסגאַבע ,צווישן זיי אויך מלכים. דערפאַר האָט „מענדעלסאָנס תורה" אָבער אַרויסגערופן אַ גרויסן צאָרן אין לאַגער פון די אָרטאָדאָקסן, וועלכע האָבן אינסטינקטיוו גע־

שפירט, אַז פון דער דאָזיקער ביבל־איבערזעצונג הויבט זיך אָן אַ נייע עפּאָכע, וואָס איז אַ געפאַר פאַרן אַלטן יידנטום. די גרעסטע רבנים פון יענער צייט, ווי: רפאל הכהן פון האַמבורג, ר׳ יחזקאל לאַנדוי פון פראָג, ר׳ הירש חריף פון פויזן און ר׳ פנחס הורוויץ פון פראַנקפורט זיינען אַרויסגעטראָטן קעגן דער „דייטשער תורה", וואָס האָט אויסגעזען ביי זיי ווי אַ חלול הקודש. מענדעלסאָנס איבערזעצונג איז דערקלערט געוואָרן פאַר אפיקורסות און די פרומע יידן איז שטרענג פאַרבאָטן געוואָרן צו באַנוצן זיך מיט איר. אין אייניקע ערטער האָט מען די תורה מיטן ביאור אפילו געברענט אויפן פייער. ר׳ רפאל הכהן האָט געוואָלט זיך באַמיען פאַר דער מאַכט, אַז מען זאָל די גאַנצע אויסגאַבע קאָנפיסקירן און פאַרניכטן, נאָר ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דעם פּלאַן נאָך דעם, ווי דער קעניג פון דענעמאַרק האָט זיך, צווישן אַנדערע, אַבאָנירט אויף דער איבערזעצונג. פיל יידישע בחורים האָבן אָנגעהויבן געהיים „לערנען" די איבערזעצונג מיט דעם ביאור, וואָס האָט זיי געגעבן אַ שליסל צו דער דייטשער שפּראַך און דערנאָך צו דער דייטשער ליטעראַטור. עס זיינען אויפגעשטאַנען אין פאַרשידענע ערטער פיל קליינע מענדעלסאָנס: יידישע יונגעלייט, וואָס האָבן זיך גענומען צו בילדונג און קולטור. נאָך דער איבערזעצונג פון דער תורה איז אַרויס אַן איבערזעצונג פון תהלים מיט אַ גרויסער פאָררעדע פון ר׳ יואל בריל. די איבעריקע ספרים זיינען איבערזעצט, פאַרטייטשט און אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך מענדעלסאָנס תלמידים.

פונקט אַזוי ווי דעם קאַמף פאַר דער אינערלעכער אויפלעבונג פון יידנטום, וועלכן מ׳האָט אָנגעהויבן נישט־געערן און איז נאָר אריינגעצויגן געוואָרן אין אים נישט־ווילנדיק, דורך די אומשטענדן, וואָס האָבן אים געצוואונגען דערצו, — אַזוי אויך האָט דער דאָזיקער שטילער דענקער נישט־ווילנדיק געמוזט אַרויסטרעטן אויך ווי אַ קעמפער קעגן דער יידישער רעכטלאָזיקייט און אויך דאָ אויספירן אַ וויכטיקע מיסיע. צו יענער צייט האָבן די יידן אין עלזאַס געוואָלט אָנגעבן אַ ביטע צום פראַנצויזישן קעניג וועגן שענקען זיי בירגערלעכע רעכט און זיי האָבן זיך געווענדעט צו מענדעלסאָנען, אַז ער זאָל צוזאַמענשטעלן פאַר זייערטוועגן די ביטע מיט אַ לענגערן מעמאָראַנדום. מענדעלסאָן, וואָס האָט געוואָלט שטיין אויסערהאלב יעדן קאַמף, האָט אַרויפגעלייגט די דאָזיקע אויפגאַבע אויף זיין פריינד און פאַרערער, דעם פּרייסישן ליבעראַלן באַאַמטן און שריפט־

שטעלער דאָהם. ביי יענעם איז געבוירן געוואָרן אַ פּלאַן אַרויסצוטרעטן אין איין וועגס מיט אַ פאַרטיידיקונג נישט בלויז פון די עלזאַסער יידן, נאָר פון גאַנצן יידישן פאָלק, און ער האָט אַרויסגעגעבן אַ גאַנץ ווערק „וועגן דער פאַרבעסערונג פון דער יידישער לאַגע". דאָס דאָזיקע ווערק, אין וועלכן דער אויטאָר האָט זיך געשטעלט העכער פון יעדן רעליגיעזן שטאַנדפּונקט און געפאָדערט גלייכבאַרעכטיקונג פאַר יידן נאָר אין נאָמען פון מענטשלעכן יושר און פּאָליטישן פאַרשטאַנד, האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן טומל אין דער דייטשער געזעלשאַפט. עס איז באַשאַפן געוואָרן אַ גאַנצע ליטעראַרישע פּאָלעמיק וועגן דעם בוך. אייניקע האָבן זיך גע־פרייט און באַגריסט דעם אויטאָר פאַר זיין מוט און פאַר זיין פרייער מיינונג וועגן יידן, וואָס איז אין יענער צייט געווען נאָך ניי. אַנדערע ווי־דער זיינען אַרויסגעטרעטן קעגן יידן און דערביי האָבן אויך נישט גע־פעלט קיין רכילותן און שקרים (מ'האָט געזאָגט, אַז דאָהם איז איבער־געקויפט געוואָרן פון די יידן). מענדעלסאָן איז די גאַנצע צייט געשטאַ־נען פון דערווייטנס, נאָר מיט דאָהמס ווערק איז ער געווען נישט אינגאַנצן צופרידן. ערשטנס ,האָט דאָהם אין זיין בוך מודה געווען, אַז יידן האָבן געוויסע פעלערן, נאָר דאָס איז אַ רעזולטאַט פון די רדיפות. מענדעלסאָן, וואָס האָט בעסער געקענט יידן, האָט צו אַזאַ שטאַנדפּונקט נישט געקענט מסכים זיין, און יעדנפאַלס האָט ער נישט געקענט דערלאָזן דעם גע־דאַנק, אַז יידן שטייען אין מאָראַלישער הינזיכט נידעריקער פון די קריסטן. צווייטנס, האָט דאָהם אין זיין פּראָיעקט אויסצובעסערן די יידישע לאַגע געפאָדערט פאַר יידן אינערלעכע אויטאָנאָמיע בתנאי, אַז די יידישע גייסט־לעכע און פאָרשטייער פון דער געזעלשאַפט זאָלן האָבן די פולע מאַכט פון אַ רעגירונג, און מענדעלסאָן, ווי אַן איבערצייגטער אָנהענגער פון פול־קאָמער רעליגיעזער פרייהייט, האָט דאָס נישט געקענט דערלאָזן. ער האָט דעריבער צוגערעדט זיין פריינד און תלמיד ד"ר מאַרקוס הערץ, אַז ער זאָל אַרויסגעבן אין דייטשער איבערזעצונג דאָס ווערק פון ר' מנשה בן־ישראל „די רעטונג פון יידן", און צו דער איבערזעצונג האָט מענדעלסאָן צוגעגעבן אַ גרויס אריינפירוואָרט. אין דער הקדמה האָט מענדעלסאָן מיט זיין שטענדיקן קלאָרן סטיל און לאָגישער אַרגומענטאַציע גרינדלעך אָפּ־געוואָרפן די סיסטעמאַטישע באַשולדיקונג, אַז יידן זיינען פּאַראַזיטן, אַז זיי פּראָדוצירן נישט, נאָר לעבן פון יענעמס מי און אַרבעט, ווי פאַרמיטלער

צווישן פּראָדוצירער און פאַרברויכער. מענדעלסאָן איז געווען איבערצייגט, אַז די שנאה צו יידן איז נישט מער, ווי אַ רעליגיעזע, און ער האָט דערי־בער אַרויסגעזאָגט זיין זיכערקייט, אַז ווי נאָר דער פּרינציפּ פון פריי־הייט פון געוויסן וועט מנצח זיין, וועט די קריסטלעכע וועלט אויפהערן רודפן יידן. אויך ער פאָדערט אַן אינערלעכע יידישע אויטאָנאָמיע, נאָר אַזוי ווי יידן האָבן נישט קיין אַנדער מאַכט אויסער דעם חרם, טרעט ער הייס אַרויס קעגן דעם דאָזיקן מיטל און דאָ ווענדעט ער זיך שוין צו די אייגענע, צו די יידן אַליין, וועלכע ער בעט רחמים, זיך אָפּצוזאָגן פון דער געוואוינהייט צו באַשטראָפן און רודפן פאַר אַ פרייען געדאַנק. „איר, ברידער מיינע, האָט צו־פיל געשפּירט איבער זיך אַליין דעם דרוק פון אומטאָלעראַנץ. אַלע פעלקער פון דער וועלט זיינען ביז איצט געווען דורכ־געדרונגען מיט דעם געדאנק, אַז די רעליגיע קען מען איינהיטן דורך גראָ־בער מאַכט. און איר האָט, וואַרשיינלעך, איבערגענומען דעם דאָזיקן טעות. אָ, ברידער מיינע! טוט־זשע איצט נאָך דעם ביישפּיל פון ליבע, ווי איר האָט פריער נאָכגעטאָן דעם ביישפּיל פון שנאה! אויב איר ווילט, אַז אַנדערע זאָלן אייך דולדן און לאָזן צו־רו, זייט־זשע טאָלעראַנט און גנעדיק פריער ביי זיך אַליין!".

דערווייל איז נאָך אָבער די דייטשע געזעלשאַפט אַליין געווען זייער וויים פון מענדעלסאָנס אידעאַל וועגן פרייהייט פון געוויסן, און ער האָט געקענט זיך איבערצייגן, אַז נישט בלויז דער רעליגיעזער האַס ברענגט צו די יידישע רדיפות. די אַגיטאַציע קעגן יידן אין דער ליטעראַטור איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער, יעדעס גוטע וואָרט פאַר יידן האָט אַרויסגערופן הונדערטער יידנפיינדלעכע פאַמפלעטן און זידלערייען. דאָס האָט אַרויפ־געפירט מענדעלסאָנען אויפן געדאַנק גענויער און ברייטער צו אַנטוויקלען אין אַ גרויס ווערק זיינע מיינונגען וועגן די יסודות פון יידנטום און באַ־קענען די קריסטלעכע וועלט מיט דער מאָראַלישער שיינקייט פון דער יידישער רעליגיע. ער האָט דאָס געטאָן אין זיין בעסטן ווערק „ירושלים, אָדער וועגן דער רעליגיעזער מאַכט פון יידנטום", וואָס איז אַרויס אין יאָר 1783.

פון קינדווייז אָן ביז די לעצטע טעג פון זיין לעבן האָט מענדעל־סאָן זיך געהאַלטן ביי דעם איינעם געדאַנק, וואָס איז געווען דער יסוד פון זיין גאַנצער וועלט־אַנשויאונג, — וואָס קיין פילאָזאָפיע אין דער

וועלט וואָלט אים נישט געקענט אויסוואָרצלען. מענדעלסאָן האָט נישט בלויז מיטן שכל, נאָר מיטן גאַנצן האַרצן שטענדיק געגלויבט, אַז עס עקזיסטירט אַ לעבעדיקער גאָט, וואָס גיט השגחה אויף דער וועלט און פירט זי, און אַז די מענטשלעכע נשמה לעבט אייביק און קען נישט ווערן פאַרניכטעט. נאָר ביי אַזאַ אמונה, ביי אַזעלכע אידעען קען אַ מענטש, לויט מענדעלסאָנס מיינונג, געפינען זיין גליק אויף דער און יענער וועלט. ער האָט זיך נישט געקענט פאָרשטעלן אַ קלוג און אַן ערלעך לעבן אָן דער אמונה אין אַ לעבעדיקן גאָט. „אָן גאָט, אָן אַ העכערער השגחה און אָן עולם הבא איז די גאַנצע מענטשנליבע נישט מער, ווי אַ נאַרישע געבוירענע נייגונג, און דאָס זוכן דעם אמת און גערעכטיקייט שטייט נישט פיל העכער פון דער פאַלשקייט". און ווייל מענדעלסאָן איז לויט זיין נאָטור געווען גענייגט צו שלום און ליבע, צו אמת און גוטסקייט, האָט ער געגלויבט אין גאָט. ער האָט אויך פעסט געגלויבט, אַז אַ מענטש מוז טראָגן אַ רעליגיעזן יאָך אויף זיך, און איז פאַרציטערט געוואָרן, ווען ער האָט זיך דערמאָנט, אַז עס זיינען דאָ מענטשן, וואָס אנערקענען נישט קיין שום רעליגיע. לעבן אָן אַ רעליגיע הייסט, לויט זיין מיינונג, לעבן אָן אַ גאָט. די פילאָזאָפיע איז אים געווען טייער נאָר אויף אַזויפיל, אויף וויפיל זי פאַרשטאַרקט זיינע רעליגיעז־עטישע איבערצייגונגען, זי האָט אָבער פאַר אים נישט עקזיסטירט ווי אַ זאַך און אן און פאַר זיך. „די פילאָזאָפיע דאַרף פאַרגרעסערן מיין גליק מער, ווי איך האָב געהאט אָן איר, און די דאָזיקע אויפגאַבע דאַרף זי טריי דערפילן. כל זמן די פילאָזאָפיע וועט זיין מיינע אַ גוטע פריינדין און פריינדלעך מיט מיר שמועסן, וועל איך זי נישט פאַרלאָזן; ווי נאָר אָבער זי וועט אָנהייבן אַרויסווייזן מיר אַ שטאָלץ, קאַלט אָדער צאָרנדיק פּנים, וועל איך פון איר אַוועקגיין און בעסער גיין שפּילן זיך מיט מיינע קינדער... פון אַלע סיסטעמען קלייב איך שטענדיק אויס יענע, וואָס קענען פאַרגרעסערן מיין גליק און אויסבעסערן מיין לעבן. אַ פילאָזאָפיע, וואָס איז מסוגל אריינצוברענגען מיך אין אַ טרויער, אָפּצורייסן מיך פון מיינע נאָענטע אָדער פון מיר זעלבסט, אָפּצוטויטן אין מיר די געפילן פון שיינקייט און גוטס און קאַלט מאַכן מיין האַרץ, — אַזאַ פילאָזאָפיע איז נישט מיינע". די דאָזיקע מאָראַלישע און רעליגיעזע באַגריפן זיינען נאַטירלעכע און ווערן באַשאַפן צוזאַמען מיטן מענטשן ביי יעדער קולטורעלער שטופע. זיי זיינען נייטיק פאַרן

מענטשן ,ווי לופט פאַרן אָטעם, זיי זייַנען אייביק און פּינקטלעך, ווי מאַ־טעמאַטישע כללים. דעריבער איז דאָס יידנטום אַזוי טייער געווען אין זייַנע אויגן, ווייל ער האָט געגלויבט, אַז די יידישע רעליגיע אַנטהאַלט אין זיך די דאָזיקע מאָראַלישע יסודות, וואָס זייַנען נייטיק דעם מענטשן, אין זייער גאַנצער ריינקייט און אמתדיקייט.

אויף דער דאָזיקער אַנשויאונג, וואָס איז ביי אים געווען אַן אינער־לעכע איבערצייגונג, מער ווי אַ לאָגישער געדאַנק, האָט מענדעלסאָן גע־בויט אויך זיין פּאָליטישן סיסטעם. ווי אַ באַזע פון ווערק „ירושלים", נעמט מענדעלסאָן יענע פראַגע, וועלכע עס האָט מיט הונדערט יאָר צוריק שוין באַהאַנדלט שפּינאָזאַ אין זיין „טעאָלאָגיש־פּאָליטישן טראַקטאַט". אָבער פון דעם אַלגעמיינעם פּרינציפּ פון געוויסנס־פרייהייט קומט ער, מענדעלסאָן, צו גאָר אַן אַנדערן אויספיר. אויך ער האַלט זיך ביי דער מיינונג, אַז די מלוכה־מאַכט קען נאָר קאָנטראָלירן די מעשים פון יחיד, אָבער נישט זיין אינערלעכע איבערצייגונג. די קירך האָט נאָך ווינצי־קער רעכט, איידער די מלוכה, און ווען זי נעמט זיך צו קאָנטראָלירן דאָס געוויסן פון מענטשן, איז דאָס אַ געוואַלט־טאַט, אַ פאַרברעכן, ווייל איר זאַך איז נאָר צו לערנען און טרייסטן דעם יחיד. וואָס אַנבאַלאַנגט דער יידישער רעליגיע, איז זי באַוואָרנט פון אַזעלכע געוואַלט־טאַטן, ווייל דאָס יידנטום איז בעצם גרינטלעך אַנדערש פון אַלע איבעריקע רעליגיעס.

און דאָ אנטוויקלט מענדעלסאָן זייַנע הויפּט־אידייען וועגן יידנטום, דאָס יידנטום נעמט אָן אין גאַנצן דעם פּרינציפּ פון געוויסנס־פרייהייט. אין דעם אמתן ערשטן יידנטום זייַנען נישטאָ קיין רעליגיעזע פּרינציפּן און נישט קיין עיקרים, וואָס מען זאָל מוזן גלייבן אין זיי און שווערן אויף זיי, אָפּטמאָל פאַלש, קעגן דער איבערצייגונג (ווי דאָס איז, למשל, דער פאַל מיטן קריסטנטום); דאָס יידנטום הייסט נישט גלייבן, נאָר וויסן און פאַר־שטיין. דאָס איז נישט קיין אמונה, נאָר אַ געזעצגעבונג און איר ערשטער געבאָט איז נישט „גלייב אָדער גלייב נישט", נאָר „דאָס זאָלסטו טון און דאָס נישט טון". די מלוכה און די רעליגיע ווערן אין יידנטום פאַראייניקט. „די באַציאונג פון יחיד צום כלל און זיין באַציאונג צו גאָט האָבן זיך פאַראייניקט אין איין פּונקט און נישט געקענט סותר זיין זיך. דער באַ־שעפער פון דער וועלט און איר מנהיג איז אויך געווען דער קעניג פון פאָלק... די בירגערלעכע ענינים האָבן געהאַט אויך אַ פאָרעם, פון קדושה

און כהונה, די בירגערלעכע פּליכט איז צוזאַמען דערמיט אויך געווען אַ גאָט־דינסט". לויטן יידנטום קען יעדער יחיד טראַכטן און דענקען, ווי ער וויל, און נישט באַטראַכט ווערן פאַר אַ כופר. די מאַכט פון כלל איבערן יחיד הייבט זיך ערשט דאַן אָן, ווען די מחשבה גייט איבער אין אַ מעשה (טאַט), ווען דער יחיד שטערט די אָרדענונג פון כלל. נאָכן חורבן פון בית המקדש, ווען די יידישע מלוכה־אָרדענונג איז געוואָרן צעשטערט, זיי־נען בטל געוואָרן אַלע שטראָפן. „די בירגערלעכע פאַרבינדונג אין פאָלק איז בטל געוואָרן, די רעליגיעזע פאַרברעכנס האָבן אויפגעהערט צו זיין פּאָליטישע פאַרברעכנס, און די אמונה, ווי אַן אמונה, האָט שוין נישט קיין אַנדער שטראָף, אויסער דער, וואָס דער חוטא (זינדיקער) נעמט אויף זיך, ווען ער טוט תשובה".

דער תוך פון יידנטום באַשטייט פון דריי פּונקטן: 1) רעליגיעזע אמתן וועגן גאָט, דעם מנהיג פון דער וועלט. אָן די אמתן וואָלט אַ מענטש נישט געקענט האָבן קיין קלאָרן באַגריף וועגן וועלט און לעבן; דאָס זיינען נישט קיין געבאָטן און קיין רעגעלן, נאָר באַטירלעכע באַגריפן פון אונדזער שכל, וואָס לעבן אין די הערצער פון אַלע מענטשן אָן אונטערשיד פון נאַציע; 2) היסטאָרישע אמתן, אָדער די לעגענדעס וועגן לעבן פון די יידישע אבות, וועגן דער געשיכטע פון דער יידישער נאַציע און וועגן גאָטס רצון, וואָס האָט זיך אין זיי אַנטפּלעקט; די דאָזיקע מסורה איז נייטיק ווי אַ היסטאָרישער מאָמענט, וואָס פאַרבינדט און פאַרפעסטיקט אַלע מיט־גלידער פון דעם פאָלק; 3) די געזעצן, מנהגים און רעגעלן, וואָס זיינען נייטיק צו דערהאַלטן די איינהייט פון יידישן פאָלק. די דאָזיקע געזעצן שטאַמען אין דער ביבל נישט פון גאָט, ווי דער באַשעפער פון דער וועלט, נאָר פון גאָט דעם פירער און קעניג פון דער יידישער אומה און זיי בילדן די אינערלעכע קאָנסטיטוציע פון פאָלק. יעדער ייד האָט דאָס רעכט צו קריטיקירן די אַבסטראַקטע אמתן פון דער יידישער רעליגיע, אָבער ער טאָר נישט אָפּטרעטן פון אירע פּראַקטישע געבאָטן. קוים איז ער געבוירן אַ ייד, מוז ער דערפילן אַלע מצוות פון דער יידישער רעליגיע. דאָס יידנ־טום איז אויף אַזאַ אופן דער אידעאַל פון אַ רעליגיע, וואָס האַרמאָנירט פולקאָם מיט דער אמתער אידייע פון אַ מלוכה־מאַכט. די יידישע רעליגיע פאַרדינט אַלזאָ, אַז זי זאָל געשטיצט ווערן פון דער מלוכה. און מענדעלסאָן פאַרענדיקט זיין „ירושלים" מיט אַן אויפרוף צו פרייהייט און גלייכהייט:

„טרעט לכל הפחות אויס אַ וועג פאַר די קינפטיקע דורות צו יענער הוי־כער מדרגה פון קולטור, צו יענער מענטשלעכער טאָלעראַנץ, צו וועלכער עס בענקט נאָך איצט אומזיסט דער פאַרשטאַנד !... ווער עס שטערט נישט די געזעלשאַפטלעכע רו און איז נישט עובר אויף די געזעצן פון זיינע מיטבירגער — דעם גיט די פרייהייט צו זאָגן דאָס, וואָס ער דענקט, רופן צו גאָט לויט זיין איבערצייגונג אָדער לויט דעם מנהג פון זיינע עלטערן און זוכן די רעטונג פון זיין נשמה דאָרט, וואו ער געפינט זי. זאָל קיינער פון אונדזערע מלוכות נישט נעמען זיך דאָס רעכט צו לייענען אין פרעמדע הערצער, צו משפטן פאַרן געדאַנק... ליבט דעם אמת, ליבט דעם שלום !"

„ירושלים" האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק אַפילו אויף די קעג־נער פון „יידישן סאָקראַט". דער גרויסער פילאָזאָף קאַנט האָט וועגן דעם ווערק געשריבן: „איך האַלט דאָס בוך פאַר אַ בשורה־צייכן פון אַ גרוי־סער רעפאָרם, וואָס דאַרף פאַרקומען נישט בלויז צווישן אייער פאָלק, נאָר אויך צווישן אַנדערע פעלקער. אייך האָט זיך איינגעגעבן צו פאַראיי־ניקן אייער אמונה מיט אַזאַ גרויסער שטופּע פון אמתער אינערלעכער פריידענקערישקייט, אַז קיינער וואָלט דאָס זיך נישט געקענט פאָרשטעלן, און קיין אַנדער רעליגיע וואָלט מיט איר אין דעם פּרט נישט געקענט קאָנקורירן. צוזאַמען דערמיט האָט איר באַוויזן די נייטיקייט פון פולקאָ־מער פרייהייט פאַר יעדער רעליגיע אין אַזעלכע קלאָרע און איבערצייגנ־דיקע ווערטער, אַז אויך אונדזער קירך וועט זיין געצוואונגען אַ טראַכט צו טון און באַזייטיקן פון איר רעליגיע אַלץ, וואָס קען אונטערדריקן דעם מענטשלעכן יושר, און דאָס וועט פאַראייניקן אַלע מענטשן אויף דעם אַלגעמיינעם יסוד פון יעדער רעליגיע". די יידישע פריידענקער זיינען געווען צופרידן מיט דעם ווערק, וואָס האָט געפאָדערט די פרייהייט פון געדאַנק. די יידישע אָרטאָדאָקסן האָבן אָבער אויך געקענט בלייבן צופרידן, ווייל מענדעלסאָן איז סוף כל סוף דאָך געווען אַ טרייער ייד, האָט געפאָ־דערט פון יעדן ייד אָפּצוהיטן די יידישע מצוות און געגלויבט אין דער געטלעכקייט פון דער תורה און אַפילו פון תלמוד. די שפּעטערדיקע קריטיק האָט געפונען פיל חסרונות אין מענדעלסאָנס ווערק; פיל מיינונגען זיינע וועגן תוך פון יידנטום זיינען שפּעטער אָפּגעלייקנט געוואָרן, אָבער יעדנ־פאַלס זיינען די אידייען פון „ירושלים" פאַר יענער צייט געווען ניי, און מיט דעם זעלטענעם קלאָרן סטיל פון דעם ווערק, מיט דער אינערלעכער

איבערצייגונג, וואָס שפּירט זיך אין יעדן וואָרט פון דעם בוך. האָט מענ־דעלסאָן געהאט אַ גרויסע ווירקונג אויף דעם גאַנצן געדאַנקען־גאַנג פון יענער עפּאָכע.

אַזוי איז מענדעלסאָנס פּאָפּולאַריטעט כסדר געוואַקסן. די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן איז ער געווען כמעט דער פּאָפּולערסטער מענטש אין גאַנץ דייטשלאַנד. זיין אַלטער גוטער פריינד לעסינג האָט פאַראייביקט מענדעלסאָנס פּערזאָן אין דער וואונדערבאַרער דראַמע „נתן דער חכם", וואו מענדעלסאָן ווערט געשילדערט ווי אַ מוסטער פון גוטסקייט, ריינ־קייט און מענטשלעכער ליבע, צו וועלכע עס זיינען נאָך נישט דערוואַקסן די קריסטן, די יידישע באַדריקער. דער טויט פון לעסינגן (1781) האָט געמאַכט אויף מענדעלסאָנען זייער אַ טיפן איינדרוק. לעסינג איז געווען פאַר מענדעלסאָנען דאָס זעלביקע, וואָס ער פאַר לעסינגען: זיין אידעאַל, זיין טרייסט און זיין גלויבן אין דער קינפטיקער מענטשהייט. די וועלט האָט פאַרשטאַנען, ווי זעלטן פריינטלעך און פאַרבונדן עס זיינען געווען צווישן זיך די דאָזיקע צוויי גרויסע מענטשן, און ווען לעסינג איז גע־שטאָרבן, האָבן זיינע פריינד און קרובים געשיקט מיטלייד־דעפּעשן פריער פון אַלץ צו זיין פריינד — מענדעלסאָן. נישט ווינציק יסורים האָט מענ־דעלסאָנען פאַרשאַפט די ידיעה, אַז זיין אַלטער פריינד לעסינג איז פאַרן טויט געוואָרן אַן אָנהענגער פון שפּינאָזאָס שיטה; דאָס איז פאַר מענ־דעלסאָנען געווען אַ גרויסער קלאַפּ, ווייל קיין זאַך האָט ער אַזוי נישט געהאַסט, ווי שפּינאָזאָס פּאַנטעאיזם, וואָס לייקנט אין דער באַזונדערער עקזיסטענץ פון גאָט, אין דער העכערער השגחה און אין השארת הנפש.

מענדעלסאָן איז פון דעמאָלט אָן געוואָרן זייער קפּדניש און נער־וועז. אין זיין לעצטן פילאָזאָפישן ווערק „מאָרגן־שעהן" (אַ ריי לעקציעס, וואָס ער האָט געלייענט פאַר זיינע קינדער און אַ גרופּע צוהערער) איז נאָך דער טאָן רואיק און געלאַסן, נאָר ווען עס איז אַרויס דאָס בוך פון פילאָזאָף יאַקאָבי „וועגן דער לערע פון שפּינאָזאַ, אין בריוו צו מענדעל־סאָנען", איז ער געוואָרן זייער צערודערט, ווייל אין דעם ווערק איז אָנ־געריר̈ט געוואָרן זיין פּערזענלעכקייט. ער האָט זיך גענומען שרייבן אַן ענטפער אויף דעם בוך אונטערן נאָמען „צו לעסינגס פריינד", און דאָס איז געווען זיין לעצט ווערק. נאָכן אָפּשרייבן דעם ענטפער איז ער זייער דענערווירט געוואָרן און געשטאָרבן (4 יאַנואַר 1786). ער האָט איבער־

געלאָזט נאָך זיך אַ ליכטיקן אָנדענק פון אַ מענטש אַ דענקער, אַ גרויסע מאָראַלישע פּערזענלעכקייט, וואָס האָט אין זיין צייט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף פיל קריסטן און ווי אַ ייד געלייגט אַ פונדאַמענט צו דער קולטורעלער אויפלעבונג פון זיין פאָלק. זיינע באַגייסטערטע יידישע אָנהענגער האָבן אויף אים געשריבן: „ממשה עד משה לא קם כמשה“, ד"ה פון ר׳ משה מיימון ביז ר׳ משה מענדעלסאָן איז נאָך נישט געווען אַזאַ מענטש. אָבער אויך די קריסטלעכע וועלט האָט געוואוסט, ווי צו שעצן דעם יידישן דענקער. זיין טויט האָט געמאַכט אין בערלין אַ גרויסן איינדרוק און די אָנגעזעענע שריפטשטעלער פון יענער צייט האָבן זיך געאיילט מודיע צו זיין איינער דעם צווייטן די טרויעריקע ידיעה. „זיינע קריסטלעכע פאַרערער האָבן זיך אויך משתדל געווען, אַז מען זאָל זיין דענקמאָל אַוועקשטעלן אויף איינער פון די בערלינער גאַסן; אַזוי ווייט האָבן אָבער אין יענער צייט געקענט אַוועקגיין נאָר געציילטע מענטשן און די מאַכט האָט דאָס נישט דערלויבט.

מענדעלסאָן איז נישט נאָר אַליין געווען אַ גרויסער מענטש — אים איז באַשערט געווען צו שאַפן אַ נייע שול, אַ נייע ריכטונג אין יידנטום. ער האָט געקענט באַגייסטערן זיינע פריינד און תלמידים און אַרויסרופן אין זיי אַן אינערלעכן דראַנג צו אידעאַלן און מסירת־נפש. ער איז געווען דער שעפער פון יענער עפּאָכע, וואָס איז באַוואוסט מיטן נאָמען „השכלה“. די אַפּאָסטאָלן פון דער השכלה־באַוועגונג זיינען געווען מענדעלסאָנס תלמידים און פריינד. אייניקע פון זיי, ווי פרידלענדער, וויזעל, אייכעל, האָבן דערנאָך באַקומען אַ נאָמען אין דער ליטעראַטור, אַנדערע האָבן גע־אַרבעט ווי געוויינלעכע „סאָלדאַטן“, ווי פּשוטע איבער־געגעבענע און ענער־גישע טוער. די אַלע פריינד פון דער השכלה האָבן זיך אָרגאַניזירט אין אַ באַזונדערער גרופּע, אונטערן נאָמען „מענדעלסאָנס קרייזל“, און דאָס דאָזיקע קרייזל האָט געאַרבעט נישט אַזוי פאַר זיך, ווי פאַרן כלל, פאַרן גאַנצן פאָלק. זיי האָבן פאַר זיך אַוועקגעשטעלט צוויי גרויסע אויפגאַבן: רעפאָרמירן די יידישע שול־דערציאונג און אויפלעבן די יידישע ליטעראַ־טור. די אַרבעט האָט זיך אָנגעהויבן נאָך פאַר מענדעלסאָנס לעבן, נאָר די תלמידים מענדעלסאָנס זיינען שפּעטער אַוועק פיל ווייטער פון זייער רבין, וועלכער האָט אייגנטלעך געהאַט קליינע פאַרלאַנגען און קיין מאָל נישט געטראַכט וועגן ראַדיקאַלע רעפאָרמען אין יידנטום. לויטן פּלאַן פון מענ־

דעלסאָנס פריינד און תלמיד דוד פרידלענדער (1750—1834) איז אין 1778 געגרינדעט געוואָרן אין בערלין די ערשטע „יידישע פרייע שול“, וואו מען האָט געלערנט אויף דער דייטשער שפּראַך אלגעמיינע עלעמענטאַר בילדונג, ווי אויך די גראַמאַטיק פון דער העברעישער שפּראַך און דעם תנ״ך. נאָך דער שול אין בערלין זיינען אַזעלכע שולן געגרינדעט געוואָרן אין נאָך פיל שטעט און די תלמידים פון די שולן זיינען געווען די ערשטע פּיאָנערן און קעמפער פון דער השכלה. די בערלינער שול אַליין האָט אין משך פון צען יאָר אַרויסגעגעבן העכער פינף הונדערט תלמידים, וואָס זיינען דערנאָך אַריינגעטראָטן אין לעבן מיט נייע באַגריפן און נייע פאָדערונגען און באַשאַפן אַ גאַנץ נייע אַטמאָספערע. אָבער עס איז ווינציק געווען צו דערציען אין נייעם גייסט בלויז דעם יונגן דור; מען האָט געמוזט אריינברענגען נייע באַגריפן אויך צווישן די עלטערע, געבן אַ נייע דערציאונג יענע דערוואַקסענע, וואָס האָבן פאַרבראַכט זייערע קינדער־יאָרן אין דעם וויסטן חדר און האָבן זיך איצט געריסן צו ליכט און פריי־הייט. אויף די דערוואַקסענע האָט מען אַנדערש נישט געקענט ווירקן, ווי דורך דער ליטעראַטור; אָבער דאָ האָט מען גערדאַרפט אָנהייבן פון אלף־בית. מען האָט געמוזט צוגעוואוינען דעם דערוואַקסענעם דור, וואָס איז דערצויגן געוואָרן אויף די אַלטע לעבנס־באַגריפן, צו נייע, מער נאַטיר־לעכע און פשוטע באַגריפן, מען האָט גערדאַרפט איינפירן אין דער ליטע־ראַטור אַ מער ריינע און געשמאַקפולע שפּראַך, אנשטאָט דעם ווילדן סטיל פון דער רבנישער ליטעראַטור.

נאָך פאַר מענדעלסאָנס לעבן האָבן זיינע תלמידים יצחק אייכעל און מענדל ברעסלוי זיך געווענדעט מיט אַן אויפרוף צו אַלע יידן וועגן גרינדן אַ חברה „דורשי שפת עבר“ און אַ ליטעראַרישן זשורנאַל מיטן נאָמען „המאסף“. אין 1783 איז געגרינדעט געוואָרן די חברה „דורשי שפת עבר“ און אין אַ יאָר שפּעטער האָט אָנגעהויבן אַרויסגיין דער „מאסף“. דאָס רוב מיטאַרבעטער פון „מאסף“ זיינען געווען אין בערלין, דעם צענ־טער פון דער השכלה. די ערשטע רעדאַקטאָרן פון דעם זשורנאַל זיינען געווען יצחק אייכעל און מענדל ברעסלוי, און מיטאַרבעטער זיינען דאָרט אַרויסגעטראָטן מענדעלסאָן אַליין, פרידלענדער, ווייזעל, מאַרקוס הערץ און אַ גאַנצע ריי אַנדערע יונגע שריפטשטעלער, וואָס זיינען ערשט נישט לאַנג אַליין געווען תלמידים. צווישן דער חברה „מאספים“ האָבן

זיך אויך געפונען צוויי פוילישע יידן, וואָס זיינען געווען באַרימט מיט זייער העברעישן סטיל: יצחק סאַטאַנאָוו און בן־זאב. סאַטאַנאָוו (1732—1804) איז געווען אַ מייסטער צו שרייבן אין אַלערליי סטילן, אָנהייבנדיק פונעם תהלים־סטיל ביז דעם סטיל פון זוהר, און מיט דעם דאָזיקן טאַ־לענט זיינעם פלעגט ער זיך אָפט באַנוצן צו נישט קיין ערלעכע צוועקן. יהודה ליב בן־זאב (מחבר פון „תלמוד לשון עבר", געבוירן אין ווין 1764 און געשטאָרבן אין יאָר 1811) איז געווען אַ קענער פון דער העברעישער גראַמאַטיק און אויך אַ באַרימטער סטיליסט. אין דעם „המאסף" האָבן זיך אויך באַטייליקט שריפטשטעלער פון האָלאַנד, פראַנקרייך, איטאַליע, ענג־לאַנד, און אויף אַזאַ אופן האָבן די יידישע משכילים און קולטור־טרעגער פון אַלע לענדער געהאַט אַן אָרט, וואו זיי האָבן געקענט זיך צונויפריידן, שטאַרקן איינער דעם צווייטן און ווירקן ווי אַ פאַראייניקטער צענטער. די אַרטיקלען און שיינע ליטעראַטור פון „המאסף" זיינען געווען זייער עלע־מענטאַר פשוטע, און האָבן כמעט נישט געהאַט קיין ליטעראַרישן ווערט, אָבער דוקא דערפאַר האָבן זיי געהאַט אַזאַ גרויסן דערפאָלג צווישן די משכילישע בחורים אין אַלע לענדער און פיל געווירקט צו פאַרפיינערן זייער געשמאַק און אויסצוגלייכן זייער פאַרקרימטן פלפול־שכל.

דער פאַטריאַרך פון די משכילים איז געווען דער עלטסטער פון מענדעלסאָנס תלמידים נפתלי הערץ וויזעל (1726—1805), וועלכער איז געווען מענדעלסאָנס גייסטיקער יורש און אויך געשפילט די אָנגעזעענס־טע ראָלע אין דער רעדאַקציע פון „המאסף". אַ זון פון אַ רייכער יידישער פאַמיליע אין האַמבורג, האָט וויזעל באַקומען אַ דערציאונג, וואָס איז פאַר יענער צייט געווען אַ זעלטנקייט. אויסער תלמוד האָט ער אויך גע־קענט עטלעכע אייראָפּעאישע שפּראַכן. פון קינדוויַיז אָן האָט ער אָבער געפילט אַ טיפע ליבע צו דער העברעישער שפּראַך און זיין גאַנץ לעבן איז ער איר געבליבן טריי. ער איז ווירקלעך געווען דער בעסטער סטי־ליסט פון יענער צייט. נאָך ר' משה חיים לוצאַטאָ איז וויזעל געווען דער ערשטער, וואָס האָט געזונגען לידער ביי יידן אין אַ פיינער ביבלישער שפּראַך מיט קלינגנדיקע און שטאַרקע פערזן, וואָס האָבן זיי אָוועקגע־שטעלט נאָענט צו אמתער פּאָעזיע. קיין אמתער פּאָעט איז וויזעל, אמת, נישט געווען, און זיין פּאָעטיש געפיל קען אויף אַ מענטשן מיט אַ גוטן ליטעראַרישן געשמאַק מאַכן זייער ווינציק איינדרוק. פאַר יענער צייט

זיינען אָבער ווייזעלס „שירי תפארת״, ווי אויך זיינע איבעריקע ספרים („גן נעול״, „ספר המדות״ און איבערזעצונג פון אַפּאָקריפישן ספר „חכמת שלמה״) געווען אַן אוצר פון נייע געדאַנקען און געפילן.

אין 1774 האָט ער זיך באַזעצט אין בערלין און איז געוואָרן איינער פון מענדעלסאָנס אינטימסטע פריינד און מיטהעלפער. פון דעמאָלט אָן האָט ווייזעל, דער מענטש פון מיטעלע פעאיקייטן און מיטעלע קענטע־נישן, אָנגעהויבן שפּילן אַ גרויסן ראָלע — די השכלה האָט אים געמאַכט פאַר אַ העלד. ווי מענדעלסאָן, איז אויך ווייזעל געווען אַ שטילער מענטש און אַן אמת־רעליגיעזער ייד, און אין אַן אַנדער צייט וואָלט אפשר קיי־נער פון אים נישט געוואוסט; אָבער עס איז געווען אַ צייט פון נייע אי־דייען און פאַרלאַנגען, אַ צייט פון נייע לאָזונגען און איבערקערענישן און אין אַזעלכע עפּאָכעס ווערט דער מענטש גרעסער, שטאַרקער. דאַן ווערן אַמאָל פון מענטשן מיט מיטעלע פעאיקייטן העלדן און פירער.

ווייזעלן איז באַשערט געווען צו ווערן אַ קעמפער אין דער צייט, ווען די יידן אין עסטרייך זיינען געשטאַנען ערב אַ גרויסער אינערלעכער איבערקערעניש. דער פריידענקערישער עסטרייכישער מאָנאַרך יאָזעף דער צווייטער, וועלכער האָט פאַרנומען דעם טראָן נאָך דעם שווערן רעזשים פון דער פרומער קייסערין מאַריאַ טערעזאַ, האָט זיך גענומען צו גינט־לעכע רעפאָרמען אין זיין מלוכה: ער האָט אָפּגעשאַפט פיל פעאָדאַלע פּריי־ווילעגיעס, מבטל געווען די שליטה פון די קלעריקאַלן און אַרויסגעגעבן אַ „טאָלעראַנץ־עדיקט״ לטובת די פּראָטעסטאַנטן. אין דער זעלביקער צייט האָט ער זיך גענומען איינפירן רעפאָרמען אויך אין יידישן לעבן. אין יאָר 1781 איז יידן דערלויבט געוואָרן פריי צו פאַרנעמען זיך מיט ערד־אַרבעט, מלאכות, וויסנשאַפט און קונסט. עס זיינען אָפּגעשאַפט געוואָרן אַזעלכע מיטלאַלטערלעכע באַליידיקנדיקע גזעצן וועגן יידן, ווי דער באַזונדערער צייכן אויף די מלבושים און דער ספּעציעלער קאָפּ־שטייער, און יידישע קינדער איז דערלויבט געוואָרן צו באַזוכן די גימנאַזיעס און אוניווערזי־טעטן. אין דער זעלביקער צייט האָט דער קייסער באַפוילן איינצופירן „נאָרמאַלע שולן״ פאַר יידן, ד״ה אַזעלכע שולן, וואו יידן זאָלן לערנען די דייטשע שפּראַך און אַלגעמיינע למודים. ער האָט אפילו פּראָיעקטירט, צום ערשטן מאָל אין אייראָפּע, איינצופירן פאַר יידן מיליטער־דינסט. אין „טאָלעראַנץ־פּאַטענט״ פון 1782 האָט דער קייסער אויסגעדריקט זיין פאַר־

לאַנג, אַז אַלע זיינע אונטערטאַנען, אָן אונטערשיד פון גלויבן און נאַציע, זאָלן באַקומען אַלע בירגערלעכע רעכט.

ביז צו אמתער גלייכבאַרעכטיקונג פון די עסטרייכישע יידן איז נאָך, אמת, געווען גאַנץ ווייט; יידן האָבן נאָך אַלץ געליטן פון דער אַרטיקער אַדמיניסטראַציע און נישט געהאט קיין וואוינרעכט אין נידער־עסטרייך און אין אַנדערע פּראָווינצן; עס איז אַפילו נישט אָפּגעשאַפט געוואָרן דער מיאוסער געזעץ פון מאַריאַ טערעזאַ וועגן די „פאַמיליאַנטן”, לויט וועלכן די צאָל יידן, וואָס האָבן געהאט וואוינרעכט, איז באַגרענעצט געוואָרן דורך אַ באַשטימטער נאָרמע. אָבער אויך דאָס, וואָס איז יאָ געטון גע־וואָרן לטובת יידן, איז פאַר יענער צייט געווען אַ גרויסער חסד און האָט געקלונגען, ווי אַ בשורה וועגן בעסערע צייטן פאַר יידן.

נישט אַלע יידן האָבן זיך אָבער גלייך באַצויגן צו די רעפאָרמעס, וואָס דער ליבעראַלער הערשער האָט מיט געוואָלט געוואָלט איינפירן אין אינערלעכן יידישן לעבן. יידן זיינען שוין אַזוי ווייט געווען געוואוינט מיט זייער אָפּגעשלאָסנקייט, אַז יעדע רעפאָרם האָט זיי אויסגעזען, ווי אַן אָנ־פאַל אויף זייער אינערלעכער פרייהייט און גאַנצקייט. מער פון אַלץ האָבן די יידן זיך געשראָקן פאַר די „נאָרמאַלע שולן” און פאַר דעם פּראָיעקט מכוח צוציען זיי צום אַלגעמיינעם מיליטער־דינסט. זיי האָבן געזען, אַז די רעפאָרמען פון קייסער אין עקאָנאָמישן לעבן פון יידן שמעקן נישט מיט קיין גרויסע ישועות, און אין דער זעלביקער צייט האָבן זיי געזען, ווי פרעמדע מענטשן, רעגירונגס־באַאַמטע, קומען און מישן זיך אין זייער אינערלעכן לעבן און פירן איין מיט געוואַלט רעפאָרמעס. עס איז געווען דעריבער גאַנץ נאַטירלעך, ווען די יידישע מאַסע האָט געקוקט אויף די רע־פאָרמעס, ווי אויף נייע גזירות, און געגלויבט, אַז דאָס אַלץ טוט מען נאָר מיט דעם צוועק, כדי ביסלעכווייז אָפּצוציען זיי פון יידישקייט און פירן זיי צו שמד.

די משכילים האָבן אַנדערש געקוקט אויף דער זאַך. זיי האָבן נאַאיוו געגלויבט, אַז ווען יידן וועלן זיך אָפּזאָגן פון זייער אָפּגעשלאָסנקייט, אָנ־נעמען די אַלגעמיינע מלוכה־שפּראַך און דערווערבן אַלגעמיינע בילדונג, וועט קומען די ישועה און יידן וועלן באַקומען גלייכע רעכט מיט אַלע ביר־גער. דאָס לעבן האָט שפּעטער באַוויזן, אַז גערעכט זיינען געווען די אָר־טאָדאָקסישע יידן, וועלכע האָבן אינסטינקטיוו געשפּירט, מיט וואָס די

געצוואונגענע רעפאָרמעס שמעקן. עס וואָלט אָבער געווען אַ גרויסער טעות צו גלייבן, אַז אַזעלכע משכילים ווי ווייזעל, וועלכע זיינען בטבע געווען זייער קאָנסערוואַטיוו און באמת געגלויבט אין דער גרויסקייט פון יידנטום, האָבן באַוואוסטזיניק געפירט צו אַסימילאַציע. זיי זיינען פשוט געווען פּאָליטיש קורצזיכטיק און נאַאיוו און האָבן זיך הייס איינגעליבט אין דער השכלה. עס איז נאַטירלעך, אַז די ידיעה וועגן די רעפאָרמעס פון עסטרייכישן קייסער האָט אין די משכילישע קרייזן אַרויסגערופן אַן אמתע שמחה. ווייזל האָט אָנגעשריבן אַ לויבליד לכבוד דעם „קייסער־באַפרייער" און ווען ער האָט זיך דערוואוסט, אַז די פרומע יידן זיינען קעגן די רעפאָרמעס, האָט ער זיך צו זיי געווענדעט מיט אַ הייסן אויפרוף: „דברי שלום ואמת". אין דעם דאָזיקן אויפרוף האָט ער אין הייסע ווערטער זיך באַמיט צו באַווייזן, אַז אַפילו פון שטרענג־רעליגיעזן שטאַנדפּונקט קען מען גאָרנישט האָבן קעגן די רעפאָרמעס, ווייל אָן די עלעמענטאַרע ידיעות וועגן היסטאָריע, געאָגראַפיע און נאַטור־וויסנשאַפט קען מען נישט ווי געהעריק פאַרשטיין דעם תלמוד און בכלל דעם גייסט פון יידנטום. דער דאָזיקער אויפרוף, אין וועלכן ווייזעל האָט מיט אַזעלכע הייסע און וואַרעמע ווערטער זיך געווענדעט צו זיינע ברידער מיט אַ בקשה אָנצונעמען די רעפאָרם, האָט אַרויסגערופן אָנהענגערשאַפט נאָר אין דער טריעסטער געמיינדע, וועלכע איז באַשטאַנען ס׳רוב פון איטאַליענישע יידן. אין די איבעריקע יידישע געמיינדעס האָט דער אויפרוף, דאַקעגן, אַרויסגערופן אַ גאַנצן שטורעם און אַ גרויסע אויפרעגונג. די פרומע יידן האָבן מתרעם געווען אויף אייניקע אומפאָרזיכטיקע אויסדריקן פון ווייזעלס אויפרוף און זיינע ווערטער זיינען געוואָרן דערקלערט פאַר אפּיקורסות. אין דער שפּיץ פון די קעגנער פון דער השכלה איז געשטאַנען דער באַרימטער פראַגער רב ר׳ יחזקאל לאַנדא. ער האָט אין די שולן געשאָטן פעך און שוועבל אויף ווייזעלס אפּיקורסישן אויפרוף און געסטראַשעט מיטן חרם יעדן יידן, וואָס וועט צושטיין צו די „שונאים פון דער אמונה". ר׳ יחזקאל לאַנדא איז אריינגעטראָטן אין פאַרבינדונג מיט אַנדערע רבנים פון דייטשלאַנד און פוילן און זיי הייס אויפגערופן אַרויסצוטרעטן אומעטום קעגן די געפערלעכע משכילים. אויף זיינע ווערטער האָבן זיך אָפּגערופן פיל רבנים און די משכילים איז דערקלערט געוואָרן אַ פאַרביטערטער קאַמף. ווייזעל האָט דאַן פאַרעפנטלעכט אַ צווייטן אויפרוף, וואו ער פאַרטיידיקט זיך קעגן די פאָרוואורפן אין אפּיקורסות און

באַוויזט ווידעראַמאָל די נייטיקייט פון רעפאָרמעס. דער גרעסטער טייל קהלות איז אָבער געבליבן טויב צו זיינע ווערטער און די שנאה צו דער השכלה האָט זיך נאָר פאַרשטאַרקט. די רעפאָרמעס פון יאָזעף דעם צווייטן זיינען ממילא נאָך זיין טויט (1790) בטל געוואָרן, ווייל זיינע טראָן־פאַר־טרעטער האָבן זיך אומגעקערט צו דער אַלטער פּאָליטיק בנוגע צו יידן. אָבער דער קאַמף קעגן דער השכלה בכלל האָט נישט אויפגעהערט און פון דער צווייטער זייט האָט נישט אויפגעהערט וואַקסן די צאָל אָנהענגער פון דער השכלה.

אין אַ משך פון אַ קלײנער צייט האָט די השכלה שוין געהאַט אַרויס־געררוקט אַ ריי אָנגעזעענע שריפטשטעלער און דענקער, וואָס האָבן פאַר־נומען אַ וויכטיקן פּלאַץ אויך אין דער קריסטלעכער וועלט. דר. מאַרקוס הערץ (1747—1803), אַ זון פון אַ סופר, אַ געוועזענער תלמיד פון אַ ישיבה, האָט שוין זוכה געווען צו זיין פּאָפּולער און זייער געאַכט צווישן קריסטן און געלייענט אין בערלין אַ ריי לעקציעס וועגן פיזיק, אויף וועלכע עס פלעגן קומען פיל אָנגעזעענע קריסטן, צווישן זיי אויך דער קרוינפּרינץ אליעזר (לאַצאַרוס) בן־דוד (1726—1832), האָט צו יענער צייט געלייענט לעקציעס וועגן קאַנטס פילאָזאָפיע אין ווינער אוניווערזיטעט און דערנאָך געווען אַ געוויסע צייט רעדאַקטאָר פון אַ צייטונג אין בערלין. אויסער זיי זיינען געווען נאָך אַ גאַנצע ריי יידישע יונגעלייט, וואָס זיינען אין אַ קורצער צייט געוואָרן פון געוויינלעכע ישיבה־בחורים פילאָזאָפן און דענ־קער, לכל הפחות פון דער צווייטער מדרגה. צום באַדויערן, האָבן אָבער די אַלע יונגע פרישע כוחות, וואָס האָבן נישט געפונען פאַר זיך קיין גינס־טיקן באָדן צווישן יידן, געמוזט גיין צו פרעמדע און אין דער צייט, ווען אין דער יידישער געשיכטע האָבן זיי כמעט נישט איבערגעלאָזט קיין צייכן, האָבן זיי פיל אויפגעטון פאַר דער אנטוויקלונג פון דער דייטשער ליטע־ראַטור.

יידישע מענער און פרויען זיינען געווען די ערשטע אין דייטשלאַנד, וואָס האָבן איינגעפירט דעם שיינעם מנהג פון גרינדן וויסנשאַפטלעכע סאַלאָנען, וואו עס פלעגן זיך פאַרזאַמלען די בעסטע מענטשן פון דער גייסטיקער אַריסטאָקראַטיע: דיכטער און קריטיקער, געלערטע און קינסט־לער און דאָרט צוזאַמען באַהאַנדלען וויסנשאַפטלעכע פראַגן און פירן שיינע געשפרעכן איבער ליטעראַטור און קונסט. דער ערשטער, וואָס האָט

דאָס איינגעפּירט, איז געווען מענדעלסאָן. זיין הויז איז געווען אַ צענטער פאַר וויסנשאַפטלעכע און פילאָזאָפישע שמועסן און דאָרט האָט מען גע־קענט געפינען מענטשן פון פאַרשידענע לענדער און פאַרשידענע פעלקער. נאָך זיין טויט איז דער צענטער איבערגעגאַנגען צו זיינע נאָענטסטע פריינד פרידלענדער און הערץ, נאָר אַזוי ווי פרידלענדער איז געווען אַ שווערער גייסט און איז נישט פעאיק געווען צוצוציען צו זיך די סימפּאַטיע פון די אַרומיקע, איז דער הויפּט־צענטער געוואָרן דאָס הויז פון מאַרקוס הערץ. ווי אַ גרויסער דאָקטער האָט ער געהאַט פיל באַקאַנטע און פאַרערער צווישן די קריסטן און מיט דער שיינער איראָניע, וועלכע ער האָט זיך באַנוצט אין זיינע געשפּרעכן, האָט ער צו זיך צוגעצויגן פיל פריינד. אָבער נאָך מער האָט דאָ געהאַט צו זאָגן דאָס, וואָס הערץ האָט געהאַט זייער אַ שיינע און קלוגע פרוי, הענריעטאַ, וועלכע פלעגט פאַרכישופן אַלע, וואָס האָבן זי געקענט. עס איז כמעט נישט געווען קיין איין אינטעלעקטואַל אין בערלין, וואָס זאָל נישט זיין באַקענט מיט דער דאָזיקער זעלטענער פרוי. זיין ביי איר אין הויז האָט זיך גערעכנט פאַר אַ גרויסן כבוד, אפשר נישט ווינציקער, ווי האָבן אַ צוטריט אין קעניגלעכן הויף.

הענריעטאַ הערץ (1764—1847), איז געבוירן געוואָרן אין אַ גליק־לעכער שעה. איר פאָטער בנימין דע־לימוס איז געווען אַ פּאָרטוגעזישער ייד, אַ געניטער און באַליבטער מעדיקער, האָט חתונה געהאַט מיט אַ יידיש מיידל פון דייטשלאַנד און אין דעם דאָזיקן שידוך, וואָס איז דעמאָלט געווען אַ זעלטענע דערשיינונג, האָבן זיך פאַראייניקט דער שטאָלץ און אַדל פון די ספרדים מיט דער טיפקייט פון די דייטשע יידן. ביי אירע עלטערן האָט הענריעטאַ געזען נאָר גליק און וואוילשטאַנד. דערצויגן איז זי געוואָרן אין רעליגיעזן גייסט און אַדאַנק אירע געבוירענע פעאיקייטן צו שפּראַכן האָט זי אין גיכן זיך אויסגעלערנט גוט העברעיש. זי איז פרי אויסגעוואַקסן און געוואָרן איינע פון די שענסטע און סימפּאַטישסטע בער־לינער טעכטער. זי האָט שפּעטער באַקומען אַ נאָמען „די טיראַנישע מוזע" און אין איר שיינקייט איז טאַקע געווען עטוואָס טראַגישעס, דערהויבענעס. מענטשן מבינים אויף שיינקייט פלעגן באַוואונדערן איר זעלטן־געפּאַרעמ־טע פיגור און אומגעוויינלעך־שיין געזיכט. נאָך אַלס קינד איז זי שוין אין בערלין באַרימט געווען און פּרינצעסנס פלעגן לויפן קוקן אויף איר. צו 15 יאָר האָט זי חתונה געהאַט מיט מאַרקוס הערץ. דורך אים און דורך

מענדעלסאָנס טעכטער האָט זי זיך פאַרפּולקאָמט אין איר בילדונג„ דער־וואָרבן אַ שיינעם סטיל און דאָס האָט איר נאָך צוגעגעבן מער חן. „שיין ווי אַ מלאך און פול מיט חכמה און גוטסקייט", האָט וועגן איר געשריבן אַ באַרימטע פראַנצויזישע פרוי.

די דאָזיקע שיינע פרוי האָט איר הויז פאַרוואַנדלט אין אַ צענטער פאַר די בעסטע מענטשן פון בערלין, וואָס האָבן געהאלטן פאַר אַ כבוד צו זיין צווישן אירע געסט. דאָרט פלעגן קריסטן אַרומגיין געאָרעמט מיט יידן און מען האָט נישט געשפּירט קיין נאַציאָנאַלן אונטערשייד. לעסינגס פריינד ניקאָליי, דער פּאָעט ראַמלער, דער דערציער פון קרוינפּרינץ ענגעל, דער געניאַלער הומבאָלדט, שלייערמאַכער, פרידריך פאָן שלעגעל און נאָך פיל פון די גרעסטע דייטשע מענער — אַלע זיינען זיי געוועזן איינגייער אין סאַלאָן פון מאַרקוס הערץ. אַרום דער באַלעבאָסטע פון הויז האָבן זיך גרופּירט נאָך פיל יידישע טעכטער, וואָס פלעגן קומען אין סאַלאָן און זיך אויך באַטייליקן אין די געשפּרעכן. צווישן די דאָזיקע פרויען האָבן זיך שפּעטער אויסגעצייכנט: די עלטסטע טאָכטער פון מענדעלסאָן, דאָראָטעאַ, וואָס האָט שפּעטער חתונה געהאט מיט פרידריך שלעגעל, און רחל לעווין, וואָס האָט חתונה געהאט מיט וואַרנהאַגען פאָן־ענזע. אין דער זעלביקער צייט האָט אויך זיך געעפנט אַ סאַלאָן די יידישע פרוי פאַני איטציג, די טאָכטער פון אַ יידישן באַנקיר, צו וועלכער עס פלעגן אויך קומען אָנגע־זעענע לייט, און וועלכע האָט אויך געלייגט אַ פונדאַמענט פאַר דער גייס־טיקער פאַראייניקונג צווישן קריסטן און יידן.

און אָט אין דער צייט, ווען די יידן האָבן שוין געשפּילט אַזאַ ראָלע אין דער פילאָזאָפישער און וויסנשאַפטלעכער וועלט און זיך געחברט מיט קריסטן, זיינען זיי ווי בירגער נאָך געווען זייער ווייט אָפּגעשטאַנען פון זייערע קריסטלעכע חברים. די באַאַמטע האָבן נאָך באַהאַנדלט די יידן, וועלכע זיינען געווען העכער פון זיי אין בילדונג און אין רייכטום, — ווי מען באַהאַנדלט שנאָרער און בעטלער. אפרים פייטעל האָט אָנגעגעבן אַ ביטע, אַז מען זאָל לפּחות דערלויבן יידן צו פאַרנעמען זיך מיט מלאכה, און זיין ביטע איז נישט דערפילט געוואָרן. צווישן די בערלינער איינ־וואוינער זיינען די יידן געווען די ערשטע מיליאָנערן און דאָך זיינען זיי לויטן געזעץ געשטאַנען נידעריקער פון בעטלער. דער „פילאָזאָף" פריד־ריך דער גרויסער האָט נישט אויפגעהערט פיינט צו האָבן יידן ביז זיין

טויט. ווען דעם טראָן האָט פאַרנומען פרידריך־ווילהעלם דער צווייטער, האָבן די יידן אָנגעהויבן האָפן אויף אַ פאַרלייכטערונג און לויט דער עצה פון דוד פרידלענדער האָבן די פאָרשטייער פון דער געמיינדע אָנגעגעבן אַ בקשה צום קעניג, אַז מען זאָל יידן לפּחות דערלויבן פריי צו וואוינען אומעטום און מען זאָל אָפּשאַפן דעם ספּעציעלן יידישן שטייער. אויף דער בקשה האָט מען זיי אָפּגעענטפערט מיט גוטע רייד, אַז די יידן זאָלן אויסוויילן פון זיך „אָרנטלעכע מענטשן", מיט וועלכע די רעגירונג זאָל קענען אַריינטרעטן אין אונטערהאַנדלונגען. עס איז געגרינדעט געוואָרן אַ קאָמיסיע, אָבער די האָפענונג איז נישט דערפילט געוואָרן און די הנחות, וואָס די רעגירונג האָט געוואָלט שענקען די יידן, זיינען געווען אַזוי קליין, אַז די יידישע פאָרשטייער האָבן זיך אָפּגעזאָגט אָנצונעמען די דאָזיקע נדבה.

די דערנידעריקנדיקע בירגערלעכע באַגרענעצונגען האָבן פונדעסטוועגן די משכּילים נישט אָפּגעשראָקן. פאַר זיי איז די השכּלה געוואָרן אַן אָפּגאָט, פאַר וועלכן זיי האָבן מקריב געווען איין קרבן נאָכן צווייטן. יעדער נאַציאָנאַלער אָנדענק, יעדע זאַך, וואָס קען אונטערשיידן דעם יידן פון די קריסטן, — איז פאַר די משכּילים געווען שענדלעך, מיאוס, און זייער אידעאַל איז געוואָרן, אין אַלץ צו זיין געגליכן צו די קריסטן. דאָס יידנטום איז אין זייערע אויגן נישט געווען קיין היסטאָריש־נאַציאָנאַלער פּראָצעס, נאָר אַ רעליגיע, וואָס איז געגרינדעט אויף אייניקע פּרינציפּן און פאַרמאָגט אַ געוויסע מאָראַלישע שיטה, און אַלץ, וואָס שטייט אויסער דער דאָזיקער שמאָלער גרענעץ, איז אין זייערע אויגן געווען נישט מער, ווי אבערגלויבן און נאַרישקייט.

אַזוי זיינען די טרויעריקע רעזולטאַטן פון דער נעגאַטיווער השכּלה באַלד געוואָרן קלאָר פאַר יעדן. ווי אַ רעאַקציע קעגן אַלטן יידנטום, וואָס האָט דערשטיקט די לעבנסלוסט און דעם פרייען געדאַנק, איז איצט אויסגעוואַקסן אַ דור, וואָס האָט נאָר געזוכט תּענוגים און, אַז זיי האָבן זיך באהאלטן אונטער דער מאַסקע פון השכּלה, האָבן זיי פון זיך אַראָפּגעוואָרפן יעדן רעליגיעזן עול און זיינען געוואָרן פּשוטע הפקר־מענטשן. אַזעלכע משכּילים, ווי דוד פרידלענדער און לאַצאַרוס בן־דוד, האָבן געמוזט זיך קלאָגן אויף דער הפקרות און אויסגעלאַסנקייט, וואָס האָבן זיך פאַרשפּרייט צווישן יונגן דור, אָבער זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען, אַז אין אַ געוויסער מאָס זיינען זיי אַליין דערין שולדיק. אין גיכן האָט זיך אָנ־

געהויבן אַ שמד־עפּידעמיע און פון דער צייט פון די פראַנקיסטן האָט די קריסטלעכע קירך נישט געזען פאַר זיך אַזאַ גרויסע צאָל געטויפטע יידן. אין משך פון 30 יאָר זיינען אַן ערך אַ העלפט פון די בערלינער יידן אַריינ־געפאַלן צו די קריסטן. צווישן די פאַררעטער האָט אויך געזאָלט זיין דוד פרידלענדער. ער איז געווען אַ גוטער פאָטער, אַן ערלעכער סוחר און אַ גוטמוטיקער מענטש, דערביי אָבער נישט קיין גרויסער דענקער, נישט קיין גייסט־מענטש און קיין גוטער ייד אודאי נישט. דאָס פּראַקטישע יידנטום האָט ער שוין לאַנג געהאט פאַרלאָזן, פון מצוות און מנהגים האָט ער נישט געהאלטן — וואָס־זשע איז געבליבן פאַר אַזאַ מענטשן פון דער גאַנצער יידישער רעליגיע ? אים איז נאָר געבליבן די אומבאַוואוסטזיניקע ליבע צו זיינע ברידער און דער אינסטינקטיווער נאַציאָנאַלער חוש, וואָס לאָזט נישט צעפאַלן דעם פאָלקס־אָרגאַניזם. ער איז אָבער אויך געווען אַ טרייער פאָטער און אים האָט וויי געטון דאָס האַרץ, וואָס ער און זיין משפחה דאַרפן זיין אָפּגעשיידט פון דער גאַנצער וועלט און ליידן באַליידקונגען. ער האָט אָנגעגעבן אַ ביטע, אַז מען זאָל אים מיט זיין פאַמיליע שענקען גלייכע רעכט. די ביטע איז נישט געוואָרן אָנגענומען, נאָר אנשטאָט דעם, וואָס ער וואָלט אויס שטאָלץ און אייגנליבע געדאַרפט אויף שטענדיק זיך אָפּקערן פון יענע, וואָס ווילן אים און זיין פאָלק נישט אנערקענען פאַר קיין מענטשן, האָט פרידלענדער באַשלאָסן, צוליב פּראַקטישע צילן, זיך צו שמדן. אַליין האָט ער דאָס נישט געוואָלט טון, האָט ער זיך געווענדעט צו אייניקע אָנגעזעענע יידן, וואָס האָבן געדענקט ווי ער, און אין זייער אַלעמענס נאָמען האָט פרידלענדער אָנגעשריבן אַ בריוו צום הויפּט־גייסט־לעכן טעלער, וועלכן ער איז מודיע, אַז זיי זיינען גרייט צו פאַרלאָזן דאָס יידנטום, אָבער נאָר בתנאַי, אַז מען זאָל זיי דערלויבן נישט צו גלייבן אין קריסטוסן און נישט צו באַזוכן די קירך, ווייל זיי קענען נישט גיין קעגן זייער געוויסן און פאַרמאַסקירן זיך ווי גלייביקע, אין דער צייט, ווען זיי האַלטן נישט פון די פּרינציפּן פון דער קירך. טעלער האָט אין אַ העפלעכער פאָרעם אָפּגעענטפערט פרידלענדערן, אַז די קירך נייטיקט זיך נישט אין אַזעלכע מיטגלידער און אויב זיי ווילן אָננעמען דאָס קריסטנטום, מוזן זיי מסכים זיין אויף אַלע פּרינציפּן פון דער דאָזיקער רעליגיע און ערשט דערנאָך וועט אָפּהענגען פון דער רעגירונג, צי מען זאָל זיי שענקען גלייכע

רעכט, צי נישט. פרידלענדער איז געבליבן אַ ייד, אָבער זיינע קינדער האָבן זיך שוין אָפּגעשמדט אָן שום תנאים און אָן שום מליצות.

אין דער זעלביקער צייט האָט זיך אָנגעהויבן אַ מאָדנע באַוועגונג צווישן די יידישע טעכטער. ווען אין בערלין איז געגרינדעט געוואָרן אַ גרופּע „טוגענדבונד", וואָס האָט געפּרעדיקט פרייע ליבע, זיינען מענ־דעלסאָנס טעכטער, די שיינע הענריעטאַ און אַנדערע אַנגעזעענע יידישע טעכטער, געוואָרן די טעטיקסטע מיטגלידערינס פון דער חברה. די שיינע הענריעטאַ האָט זיך געלאָזט פאַרפירן פון פיל קריסטן און געגעבן אַ גרונט צו פאַרשפּרייטן וועגן איר מיאוסע קלאַנגען. מענדעלסאָנס עלטערע טאָכ־טער דאָראָטעאַ האָט פאַרלאָזט איר מאַן מיט אירע צוויי קינדער און אויף אָן אומלעגאַלן אופן חתונה געהאַט מיט דעם פילאָזאָף פרידריך שלעגעל. זי האָט פריער אָנגענומען די פּראָטעסטאַנטישע רעליגיע און דערנאָך די קאַטוילישע, געליטן פיל יסורים, שפּעטער זיך צעשיידט מיט שלעגעלן און דערלעבט דערצו, אַז זי האָט געמוזט נעמען שטיצע פון איר פריערדיקן מאַן. הענריעטאַ מענדעלסאָן, די צווייטע טאָכטער, איז געווען נישט שיין און האָט קיין ראָמאַנען נישט געפירט, נאָר — אַזוי זיך געשמדט. אַזוי האָט אויך געענדיקט די גייסטרייכע און זייער פעאיקע רחל לעווין, וועלכע האָט ערשט ביי דער לעצטער שעה פון איר לעבן, אויפן קראַנקן־בעט, פּלוצים פאַרשטאַנען די גרויסע היסטאָרישע באַדייטונג פון איר פאָלק און דערקלערט: „דאָס, וואָס איך האָב מיין גאַנץ לעבן געהאַלטן פאַר אַ גרויסער חרפּה, וואָלט איך איצט פאַר קיין שום פּרייז נישט פאַרקויפט". מיטן שמד האָט אויך געענדיקט הענריעטאַ הערץ, וועלכע האָט דאָס געטון ערשט נאָכן טויט פון איר מוטער און ערגעץ אין אַ קליין שטעטל, כדי נישט מצער זיין אירע פריינד. פון די הויכע קרייזן האָט זיך די באַוועגונג איבערגעטראָגן אויך אין די ברייטע יידישע מאַסן און באַלד האָט זיך צווישן די צניעותדיקע יידישע טעכטער פאַרשפּרייט אַ מין עפּידעמיע פון שמד און ליבע צו קריסטן. יענע יידישע פרויען, וואָס האָבן דאָס נישט געקענט טון, האָבן אין דער שטיל געזיפצט און באַדויערט, וואָס זיי זענען נישט „גליקלעך", ווי אַנדערע. די אָרטאָדאָקסישע יידן זיינען אויף זייער שטייגער געווען גערעכט, ווען זיי האָבן אַזוי שטאַרק געקעמפט קעגן דער השכלה־באַוועגונג: אינסטינקטיוו האָבן זיי געשפּירט, אַז די השכלה טראָגט אין זיך אַ געוויסן סם פאַר די שיינע יסודות פון יידנטום.

## קאַפּיטל פינף

### דער חסידיזם און די השׂכלה

אין דער צייט, ווען אין דייטשלאַנד האָט זיך אַלץ מער אַנטוויקלט די השׂכלה־באַוועגונג, וועלכע האָט אַרויסגעשטעלט פאַר איר לאָזונג: פרייהייט פון געדאַנק און די ראַציאָנעלע לאָגישע חקירה, איז אין פּוילן אויפגעהויבן געוואָרן אַן אַנדער פאָן, — אַ פאָן, וואָס האָט גערופן צו אינערלעכן גלויבן, צו טיפער אמונה, וואָס שטאַמט פון האַרץ און נישט פון מוח. משה מענדעלסאָן און ר׳ ישׂראל בעל שם טוב (בעש״ט) — צוויי מער קעגנגעזעצטע נאַטורן איז שווער צו געפינען, און דאָך האָבן זיי געהאט אַ געוויסע קרובהשאַפט, ווייל ביידע באַוועגונגען, סיי דער חסי־דיזם, סיי די השׂכלה אין איר בעסערן זינען, האָבן געצויגן זייער יניקה פון איין מקור: פון דער בענקשאַפט נאָך נייע פאָרמען און אַ נייער קולטור־שאַפונג. דאָס אַלטע תלמודישע יידנטום מיט דער צוגעבונדנקייט צום טויטן אות, איז געשטאַנען פאַר אַ באַנקראָט און עס זיינען נייטיק געווען: פון איין זייט נייע מענטשלעכע באַגריפן און פאָרמען, און פון דער צווייטער זייט — אַ נייער קוואַל פאַר דעם ריינעם רעליגיעזן געפיל. אין נייע מענטשלעכע פאָרמען האָט זיך איבערהויפּט געניייטיקט די יידישע אַריס־טאָקראַטיע, די אינטעליגענץ, און די ראָלע האָט באַדאַרפט דערפילן די השׂכלה, וועלכע איז דערביי אַוועק אויף אַ פאַלשן וועג און האָט גע־בראַכט צו שמד. די צווייטע באַדערפעניש, די פאַר די מאַסן, האָט גע־דאַרפט דערפילן דער חסידיזם, וועלכער איז טאַקע געווען אַן אמת־דעמאָ־קראַטישע באַוועגונג. צו־שווער איז געווען דער יאָך פון פאָרמאַליסטישן רבניזם, צו פאַרקרימט און אַרומגעהילט מיט טויזנטער אויסערלעכע שאַ־לעכצן איז געווען דאָס ריינע רעליגיעזע געפיל, צו־גרויס איז געווען דער פּרעסטיזש פון למדן און גביר און צו־קליין און נידעריק איז אַוועקגע־שטעלט געוואָרן דער פשוטער המונישער ייד, דער „עם הארץ״. עס האָט געמוזט קומען אַ רעאַקציע, אַ מין גייסטיקע איבערקערעניש, און דאָס איז געווען דער חסידיזם. די דאָזיקע באַוועגונג האָט גערעדט צום האַרצן

פון המון און אַלע, וואָס האָבן געזוכט צו באַפרייען זיך פון יאָך פון די רבנים און גבירים, אַלע, וואָס האָבן געזוכט אַ פרישן קוואַל, צו דערקוויקן זייער רעליגיעזן געפיל, האָבן זיך אַרונטערגעשטעלט אונטער דער פאָן פון דעמאָקראַטישן חסידיזם.

דער שאַפער פון חסידיזם איז געווען ר׳ ישראל בעל שם טוב (פאַר־קירצט: בעש״ט). ער איז געבוירן געוואָרן אויף דער גרענעץ פון וואָלאַכיע און פאָדאָליע, ביי אַן אָרעמער יידישער פאַמיליע, אין יאָר 1700 בערך. נאָך אין די קינדער־יאָרן איז ער געבליבן אַ יתום און איבערגעגאַנגען אונ־טער דער השגחה פון קהל. מ׳האָט אים אָפּגעגעבן אין אַ חדר, נאָר דער יתום איז פון דער נאַטור געווען באַגאַבט מיט אַ רייכער פאַנטאַזיע און פלעגט אָפט זיצן אַ פאַרחלומטער, אַ פאַרטראַכטער. דאָס לעבן פון חדר מיט זיין מורא און קאַנטשיק האָט ווינציק אויסגענומען ביים פאַרחלומטן יינגל, וואָס פלעגט זיך שלעכט לערנען. נישט זעלטן פלעגט ער פלוצים אַנטלויפן פון חדר און איין מאָל האָט מען אים געפונען אַליין אין וואַלד, וואו ער איז געזעסן פאַרזונקען אין זיינע מחשבות. אַזוי האָט קהל פון דעם יתום קיין נחת נישט געהאַט און אין גיכן אים אין גאַנצן ארויסגע־נומען פון חדר. צו 12 יאָר איז ער געוואָרן אַ באַהעלפער און דערמיט פאַרדינט זיין שטיקל מחיה. שפּעטער איז ער געוואָרן אַ שמש פון שול און דאָ האָט ער זיך געפירט זייער משונהדיק. בייטאָג פלעגט ער שלאָפן אָדער מאַכן זיך שלאָפנדיק, און ביינאַכט, ווען אין שול איז קיינער נישט געווען, האָט ער אַליין מתפלל געווען און געלייענט מוסר־ספרים. מען האָט אים, נאַטירלעך, געהאַלטן פאַר אַ פּרא־אדם, נאָר ישראל איז איינזאַם גע־גאַנגען זיין וועג. ער האָט אָנגעהויבן זיך פאַרטיפן אין דער פּראַקטישער קבלה, געלייענט די „כתבים פון אר״י״, וואָס פלעגן דעמאָלט ארומגיין פון האַנט צו האַנט, און זיך באַקאַנט מיט די פּראַקטישע מיטלען פון דער קבלה, ווי באַשווערונגען, קמיעות אאז״וו. צו צוואַנציק יאָר האָט ער זיך באַזעצט אין בראָד, גאַליציע, און דאָרט חתונה געהאַט מיט דער שוועסטער פון באַוואוסטן רב ר׳ גרשון קיטעווער. זיין שוואָגער האָט אים געוואָלט מאַכן פאַר אַ למדן און געפּרואווט מיט אים לערנען תורה, אָבער ישראל האָט דערצו אַרויסגעוויזן אַ קנאַפּן חשק. ר׳ גרשון האָט זיך גע־שעמט צו האָבן פאַר אַ שוואָגער אַן עם־הארץ און געראָטן ישראלן, ער זאָל אָפּפאָרן פון בראָד. יענער האָט געפאָלגט און איז צוזאַמען מיט זיין פרוי

אָפּגעפּאָרן פון בראָד און זיך באַזעצט אין אַ דאָרף צווישן קיטעוו און קאָסאָוו. דאָרט האָט ער זיך דערנערט דערמיט, וואָס ער פלעגט גראָבן אין די בערג ליים און די פרוי האָט דאָס אָפּגעפירט אויף אַ וועגעלע אין שטאָט אריין. דאָ, אויפן שויס פון דער נאַטור, צווישן די קאַרפּאַטן־בערג, האָט דער בעש"ט געקענט אין גאַנצן זיך אָפּגעבן זיין איינזאַמקייט, און אונ־טערן פרייען הימל פלעגט ער שעהנווייז מתפלל זיין, פאַסטן און זיך פאַרטיפן אין זיינע רעליגיעזע חלומות. אַזוי איינזאַם האָט ער פאַרבראַכט צווישן די בערג גאַנצע זיבן יאָר. נאָכדעם האָט ער געלעבט אַ שטיק צייט אין גאַליציאַנער שטעטל טלוסט, וואו ער איז געווען פריער אַ מלמד און שפּעטער — אַ שוחט און אַ חזן. יענע צייט, לויט דער חסידישער לע־גענדע, איז געווען דער פּעריאָד, ווען דער בעש"ט האָט געדאַרפט מאַכן הכנות צו זיין קינפטיקער מיסיע אויף דער וועלט, נאָר די ארומיקע מענ־טשן האָבן דאָס נישט געוואוסט און אים געהאלטן פאַר אַ פּראָסטן.

ענדלעך איז געקומען די צייט, ווען דעם בעש"ט האָט מען „פון אויבן", ווי די חסידים זאָגן, צעוויסן געגעבן, אַז עס איז געקומען דער מאָמענט, ווען ער דאַרף שוין „נתגלה" ווערן פאַר דער וועלט. ער איז דעמאָלט אַלט געווען זעקס און דרייסיק יאָר. ער האָט אָנגעהויבן דערפון, וואָס ער פלעגט ארומפאָרן איבער די יידישע שטעטלעך און היילן קראַנקע דורך השבעות, קמיעות און גראָזן. אַזעלכע וואַנדערנדיקע טרעפערס־רופאים זיינען דעמאָלט געווען אַ סך און זיי פלעגן זיך רופן „בעלי שם". ר' ישראל האָט פאַר זיין גוטסקייט און פּראַקטקייט באַקומען דעם נאָמען „בעל שם טוב". ער פלעגט ארומפאָרן איבער די שטעט און דערפער פון פּאָדאָליע און וואָלין, און געהיילט דורך זיינע „שפּרוכן" און פאַרשידענע גראָזן נישט בלויז יידן, נאָר אויך פּויערים און אַפילו פּריצים. צו אים פלעגט מען זיך ווענדן מיט בקשות, ער זאָל פאָראויס נביאות זאָגן וועגן דער צו־קונפט פון מענטשן, און דער בעש"ט פלעגט דאָס טון. ער געפינט דעם „זהר" און געטראָפן לויט דעם אָרט, וואָס האָט זיך אויפגעמישט פאַר זיינע אויגן.

אין גיכן איז דער געוועזענער בעל־מלאכה געוואָרן אַ ליבלינג פון דער מאַסע. אַ גוטהאַרציקער און אַ פּשוטער, האָט ער געוואוסט ווי צו באַגיין זיך מיט די פּראָסטע מענטשן און פאַרשטאַנען זייער האַרץ. ביס־לעכווייז איז ער איבערגעגאַנגען פון דער ראָלע פון אַ טרעפער צו דער

ראַלע פון אַ פאָלקס־לערער. ביסלעכווייז האָט ער אויך זיך אָפּגעזאָגט פון די סגופים און אַרויסגעטראָטן מיט אַ זעלבסטשטענדיקער רעליגיעזער לע־רע: דער עיקר פון דער רעליגיע איז די הייסע תפילה און נישט די לומ־דות; אַ פּראָסטער ייד, מיט אַ הייסער אמונה אין האַרצן, וואָס איז האַר־ציק, הייס מתפּלל פאַר גאָט, שטייט העכער פון דעם טרוקענעם למדן, וואָס פאַרברענגט אַלע זיינע יאָרן אין לערנען תלמוד.

אַן ערך אין יאָר 1740 האָט דער בעש״ט אויף שטענדיק זיך באַזעצט אין מעדזשיבאָזש, אַ שטעטל אין פּאָדאָליע. דאָ איז ער שוין אין גאַנצן אַרויסגעטראָטן ווי אַ פאָלקס־מנהיג און געשטאַנען אין דער שפּיץ פון אַ גרויסער צאָל אָנהענגער און תלמידים. זיינע תלמידים פלעגט דער בעש״ט לערנען אויף אַן אָריגינעלן אופן: דורך משלים, צופעליקע שמועסן און קורצע אַפאָריזמען, וועלכע ער פלעגט אַרויסזאָגן בעת אַ שפּאַציר, בעתן עסן און אין אַ נישט־סיסטעמאַטישער פאָרעם. די דאָזיקע משלים און קורצע שפּריכווערטער זיינען פאַרבליבן אין די חבורים פון זיינע תלמידים, ווייל דער בעש״ט אַליין האָט גאָרנישט געשריבן.

דער גאַנצער חסידיזם איז געגרינדעט אויף צוויי הויפּט־אידעען: אויף דער אידעע פון „אין סוף״ און אויף דער אידעע פון קעגנזייטיקער ווירקונג צווישן דער נידעריקער און העכערער וועלט. „אַ מענטש דאַרף שטענדיק טראַכטן וועגן דעם, אַז גאָט איז אומעטום און שטענדיק מיט אים; אַז ער איז ווי די איידלסטע מאַטעריע, וואָס פאַרפלייצט אַלץ אַרום; אַז ער איז דער הערשער פון אַלץ וואָס קומט־פאָר אויף דער וועלט... זאָל אַ מענטש געדענקען אַז בשעת ער קוקט אויף מאַטעריעלע זאַכן קוקט ער זיך אייגנט־לעך איין אין דער געשטאַלט פון גאָט, וואָס איז אומעטום אין יעדער זאַך; ווען ער האָט דאָס אין זכרון, קען אַ מענטש שטענדיק, אַפילו אין קלייני־קייטן „גאָט דינען״. דאָס איז די ערשטע גרונד־אידעע. די צווייטע גרונד־אידעע פון חסידיזם שטאַמט פון דער קבלה, וועלכע לערנט, אַז צווישן דער מאַטעריעלער, מענטשלעכער וועלט און די העכערע געטלעכע וועלטן עק־זיסטירט אַן אומאויפהערלעכע קעגנזייטיקע השפּעה, אַזוי אַז אויך די מענטשלעכע מעשים רופן אַרויס ענדערונגען אין רצון און אין דער שטי־מונג פון דער גאָטהייט. די דאָזיקע צוויי אידעען זיינען דער גאַנצער יסוד פון חסידיזם און פון זיי פאַלגן אַלע וויכטיקע פּונקטן פון בעש״ט׳ס לערע. די הויפּט־שטרעבונג פון יעדן רעליגיעזן מענטשן דאַרף זיין דאָס

באַהעפטן זיך מיט גאָט. דאָס קען מען דערגרייכן דאַן, ווען דער מענטש קאָנצענטרירט אַלע זיינע געדאַנקען אין מעשים אויף גאָט. דער תוך פון דער אמונה איז נישט אין שכל, נאָר אין געפיל, און וואָס פייערדיקער עס איז דאָס געפיל, אַלץ נענטער איז דער מענטש צו גאָט. דאָס וויכטיק־סטע מיטל צו פאַראייניקן זיך מיט גאָט איז די תפילה, אָבער מתפלל זיין דאַרף מען מיט ברען, מיט התלהבות, אַזוי אַז בשעת דער תפילה זאָל די נשמה זיך ווי אָפּטיילן פון גוף. כדי צו דערגרייכן צו אַזאַ ענטוזיאַסטישער שטימונג, קען מען אָנווענדן פאַרשידענע קינסטלעכע מיטלען, ווי מאַכן מיט די הענט, שאָקלען שטאַרק מיטן קאָפּ, שרייען אאַז״וו. לערנען תורה דאַרף זיין ביים רעליגיעזן יידן אַ ביי־זאַך און האָט נאָר דאַן אַ באַדייטונג, ווען מען קומט דורכן לערנען צו אַ רעליגיעזער שטימונג; דעריבער דאַרף מען בעסער לערנען מוסר־ספרים, איידער די טרוקענע רבנישע ספרים. אין קעגנזאַץ דעם „מוסר״, וואָס האָט געלערנט, אַז דער מענטש דאַרף זיך אָפּגעבן מיט תעניתים, סגופים און פאַרשידענע אַסקעטישע מעשים, האָט דער בעש״ט געלערנט, אַז גאָט דינען קען מען נאָר דורך שמחה, און דעריבער דאַרף מען פון זיך דערווייטערן אַלץ, וואָס וואַרפט אַריין אין מרה־שחורה. בכלל איז אין דער רעליגיע וויכטיקער פון אַלץ די שטימונג, די כונה און נישט די אויסערלעכע צערעמאָניע. אַ חסיד דאַרף דינען גאָט נישט בלויז דורך מקיים זיין די מצוות, נאָר אין אַלערליי פאָרמען: דורך תפילה, דורך מעשים טובים און אפילו דורך געוויינלעכע טאָג־מעשים. וואָס מער דער מענטש איז קאָנצענטרירט אין די געדאַנקען וועגן גאָט, אַלץ נענטער ווערט ער צו גאָט און אויב ער איז שטענדיק באַהעפט מיט אים, קען ער דערגרייכן צו דער מדרגה פון נבואה. אַזאַ מענטש איז אַ צדיק און ער שטייט נאָנטער צו גאָט, איידער די געוויינלעכע מענטשן. דער צדיק איז אַ מין פאַרמיטלער צווישן די פּראָסטע מענטשן און גאָט. פאַרן צדיק דאַרף מען מורא האָבן און דורך אים קען מען אָפּרייניקן די נשמה פון זינד.

די לעצטע דאָגמע (וועגן דער גרויסער באַדייטונג פון צדיק) האָט שפּעטער געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער אַנטוויקלונג פון חסידיזם און אַפילו אָפּגערוקט אויפן צווייטן פּלאַן אַלע איבעריקע יסודות פון בעש״ט׳ס לערע. דער צדיק אליין איז געוואָרן אַ קולט, זיין פּערזענלעכקייט האָט אָנ־געהויבן שפּילן מער ראָלע, איידער זיין לערע. „איך בין נישט געקומען צו ר׳ בער מעזעריטשער — האָט אַמאָל געזאָגט איינער פון זיינע תלמידים

— כדי צו הערן פון אים תורה און שאַרפע חידושים, איך בין מער־נישט ווי געקומען זען, ווי אַזוי ער טוט אָן און טוט אויס די שיך — דאָס איז וויכטיקער. וואָס איז דען תורה? אַ מענטש דאַרף אַליין זיין תורה, אין זיינע מעשים, אין זיינע תנועות, אין זיין ריידן, אין זיינע מנהגים מיט מענטשן און אין זיין באַהעפטן זיך אין גאָט". אָבער דער דאָזיקער קולט האָט זיך אָנגעהויבן נישט פון ר' בער, נאָר נאָך אַ סך פריער — פון בעש"ט אַליין.

זיין לערע האָט נאָר געקענט אינטערעסירן איינצלנע חסידימי, יחידי סגולה; די מאַסע ווידער האָט זיך נאָר אינטערעסירט מיט זיין פּערזאָן, וואָס איז ביי זיי געוואָרן זייער מנהיג, זייער בעסטער פריינד, זייער לער־רער. דער בעש"ט אַליין האָט אַלץ מער אָנגעהויבן גלויבן אין זיין גרויסער מיסיע. אַרום 1750, ווען זיין שוואָגער ר' גרשון קיטעווער, וואָס האָט דע־מאָלט שוין מודה געווען אין זיין גרויסקייט, איז געווען אין ארץ ישראל, האָט דער בעש"ט אָוועקגעשיקט אַהין אַ מין נביאישן מאַניפעסט, אין וועלכן ער האָט מודיע געווען וועגן דער נבואה, וואָס ער האָט געזען. אין זיין בריוו האָט דער בעש"ט דערציילט, אַז אין טאָג פון ראש השנה איז זיין נשמה אַרויף אויפן הימל, וואו ער האָט געזען משיחן און פיל נשמות פון געשטאָרבענע. ער האָט געפרעגט משיחן: „זאָג מיר, האַר מיינער, ווען וועסטו שוין אַמאָל אַראָפּקומען אויף דער וועלט?" און משיח האָט אים געענטפערט: „אָט וועסט דו האָבן אַ צייכן: ווען עס וועט באַוואוסט ווערן דיין לערע און עס וועלן זיך פאַרשפּרייטן די קוואַלן פון דיין חכמה, ווען אַלע איבעריקע מענטשן וועלן זיין אימשטאַנד צו מאַכן אַזעלכע מופתים, ווי דו, — דעמאָלט וועלן פאַרשווינדן ווערן אַלע מחנות פון דער קליפּה און עס וועט קומען די צייט פון דער גרויסער ישועה".

דער בעש"ט איז דערביי געווען אויפריכטיק און גאַנץ ווייט פון שווינדל און באַוואוסטזיניקער נאַרעריי; די „סודות" אָבער האָבן דער־ווייל געווירקט אויף די מיסטיש־געשטימטע יידן. די חסידים פלעגן זאָגן, אַז דער בעש"ט האָט באַציאונגען מיט אליהו הנביא און אַז זיין רבי איז אחיה השילוני. די מאַסע האָט אין אים געגלויבט, ווי אין אַ גרויסן בעל־מופת, און זיין קרייז אָנהענגער און תלמידים איז אַלץ מער געוואַקסן. נישט לאַנג פאַר זיין טויט האָט דער בעש"ט איבערגעלעבט די שרעקלעכע ידיעה וועגן דעם מאַסן־שמד פון די פראַנקיסטן. די פרומע יידן האָבן זיך

געפרייט, וואָס מען איז ענדלעך פּטור געוואָרן פון די געפערלעכע אינער־לעכע פיינד, נאָר דער בעש״ט איז טרויעריק געווען. „איך האָב געהערט, ווי גאָט וויינט און זאָגט: כל זמן דער קראַנקער אבר איז פאַראייניקט מיטן קערפּער, איז נאָך פאַראַן כאָטש אַ האָפענונג, אַז ער וועט ווען עס איז זיך אויסהיילן; אָבער אויב מען האָט אים אָפּגעשניטן, איז ער שוין פאַר־פאַלן אויף אייביק״. אין פרילינג 1759 איז דער בעש״ט געשטאָרבן אויף די הענט פון זיינע תלמידים.

נאָך דעם בעש״ט טויט איז די „ממשלה״ איבערגעגאַנגען צו איינעם פון זיינע תלמידים, ר׳ בער פון מעזעריטש. צו יענער צייט איז דער חסי־דיזם שוין געווען שטאַרק פאַרשפּרייט איבער פּאָדאָליע, גאַליציע און וואָ־לין. אָבער די גרעסטע פּראָפּאַגאַנדע פון חסידיזם האָט זיך ערשט אָנגעהויבן נאָכן בעש״ט׳ס טויט. דער צענטער פון דעם חסידיזם איז איצט געוואָרן מעזעריטש. ר׳ בער איז געשטאַנען פיל נידעריקער פון בעש״ט אין טיפ־קייט און אָריגינאַליטעט; ער איז אָבער געווען פיל מער למדן און דעריבער איז אים געלונגען, צו געפינען פיל אָנהענגער אויך צווישן די לומדים און רבנים. ער האָט פון חסידיזם אַראָפּגענומען דעם פאָרוואורף, אַז דאָס איז נאָר אַ באַוועגונג פון עם־הארצים. אין משך פון צוועלף יאָר (1760—1772) האָבן זיך אַרום ר׳ בערן גרופּירט פיל אָנגעזעענע לומדים און באַוואוסטע גדולים, וואָס זיינען געקומען אַפילו פון צענטער פון לומדות — ליטע און ווייס־רוסלאַנד. ר׳ בער האָט קיין נייעס נישט אויפגעטון. ער האָט נאָר פאַרברייטערט און ווייטער אַנטוויקלט די אידעען פון זיין רבי, דעם בעל שם טוב, און נאָך מער פאַרשטאַרקט צווישן די חסידים דאָס בלינדע גלייבן אין צדיק, ווי אַ פאַרמיטלער צווישן די געוויינלעכע מענטשן און גאָט.

אַ צווייטער וויכטיקער אַפּאָסטאָל פון חסידיזם איז געווען ר׳ יעקב יוסף הכהן. ער איז פריער געווען רב אין שאַרגראָד, נאָר פאַר זיין גלויבן אין בעש״ט האָט ער געליטן רדיפות און פאַרלוירן די שטעל. מיט דער הילף פון בעש״ט האָט ער באַקומען אַן אָרט ווי אַ מגיד אין נעמיראָוו און נאָכן טויט פון בעש״ט איז ער געוואָרן מגיד אין פּאָלאָנאָיע. ער האָט אומ־מעטום געפירט אַן ענערגישע פּראָפּאַגאַנדע פאַרן חסידיזם, סיי דורך דרשות, סיי דורך ספרים. אין 1780 האָט ער אַרויסגעגעבן אַ זאַמלונג פון זיינע דרשות, מיטן נאָמען „תולדות יעקב יוסף״, וואו עס ווערן געבראַכט פיל מאמרים און אַפאָריזמען, וואָס ער האָט געהערט פון מויל פון בעש״ט.

מיט דעם דאָזיקן ספר זענען דאָס ערשטע מאָל אין דער ליטעראַטור דער־קלערט געוואָרן די פּרינציפּן פון חסידיזם. דאָס איז געווען דער ערשטער ספר פון דער חסידישער ליטעראַטור, וועלכע האָט מיטגעבראַכט מיט זיך גאָר נייע פאָרמען און אַ נייעם טאָן.

אין די לעצטע יאָרן פון 18־טן יאָרהונדערט איז דער חסידיזם פאַר־שפּרייט געוואָרן צווישן דער יידישער מאַסע אין פּוילן און אַפילו אין ליטע מיט אַן אויסערגעוויינלעכער געשווינדקייט. אין פיל שטעט זיינען געגרינדעט געוואָרן חסידישע קרייזלעך, וועלכע האָבן געהאַט זייערע באַ־זונדערע שילן (שטיבלעך), וואו מען האָ טגעדאַוונט אויפן חסידישן שטיי־גער, מיט ברען, מיט דבקות און התלהבות. די חסידים האָבן איינגעפירט דעם סידור פון אר״י, וואָס אונטערשיידט זיך פון געוויינלעכן סידור דורך פיל ענדערונגען אין טעקסט. זיי האָבן אויך געענדערט דעם ריטואַל פון שחיטה און נישט געהאַלטן זיך ביי דעם געזעצלעכן טערמין פון תפילת שחרית. געלעבט האָבן זיי צווישן זיך אין גרויס אחדות, געשטיצט איינער דעם צווייטן און ליב געהאַט צו פאַרברענגען די צייט צוזאַמען אין שמחות און סעודות, כדי אַרויסצורופן אין זיך אַן התלהבותדיקע שטימונג, ווי עס פאָדערט זיך לויט דער חסידישער תורה. דער קולט פון דעם צדיק איז גע־וואָרן פאַרשפּרייט אַלץ מער און מער; ווי נאָר אַ צדיק איז געקומען אין וועלכער עס איז שטאָט, האָבן צו אים אָנגעהויבן לויפן אָנהענגער פון אַלע זייטן. מענער און פרויען פלעגן קומען צום צדיק נאָך עצות, בעטן ביי אים אַ רפואה צו אַ קרענק, אַ מיטל צו האָבן קינדער אאַז״וו. אויב עס האָט זיך געמאַכט, אַז אין איינעם פון טויזנט פאַלן האָט דער צדיק געהאָלפן אָדער מיט זיין עצה גוט געטראָפן, האָט מען דאָס אָנגענומען פאַר אַ מופת און די צאָל חסידים איז געוואָרן אַלץ גרעסער.

וואָס ווייטער, איז דער קולט פון צדיק אַלץ געוואַקסן און צוזאַמען דערמיט איז געוואַקסן אויך די צאָל פון די צדיקים. די אָנגעזעענסטע פון זיי האָבן געשטאַמט פון ר' בערס קלייזל; יעדער איינציקער פון זיי האָט אָבער אַרויפגעלייגט זיין אייגענעם אינדיווידועלן חותם אויף דער חסי־דישער לערע און דעריבער זיינען מיט דער צייט געוואָרן חסידים פון פאַר־שידענע שיטות. די פאַרשידענע שיטות אין חסידיזם קען מען איינטיילן אויף צוויי הויפּט־ שטרעמונגען: ליטוויש־ווייסרוסישער און פּויליש־אור־קריינער חסידיזם. די פאָרשטייער פון פּוילישן חסידיזם זיינען געווען: ר'

אלימלך ליזענסקער, ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער, ר׳ נחום טשערנאָבאָלער און ר׳ ברוך טולטשינער, אַן אייניקל פון בעש״ט. ר׳ אלימלך פון ליזענסק האָט שטאַרק אַנטוויקלט דעם צדיק־קולט. דאָס ערשטע געבאָט פאַר אַ חסיד — פלעגט ער זאָגן — איז בוקן זיך פאַרן צדיק. דער צדיק איז דער מעקלער צווישן יידן און גאָט. דורך אים שיקט גאָט דעם גלויביקן לעבן, דערנערונג, קינדער, און עס איז געגונג, אַז דער צדיק זאָל וועלן, דאַן פאַרמאַכן זיך אַלע קוואַלן פון גוטס. דעריבער דאַרף דער חסיד בלינד גלייבן אין צדיק, אָפּטיילן אים אַ טייל פון זיין פאַרמעגן און אים דאַנקבאַר זיין. די דאָזיקע טעאָריע האָט געהאַט אַ ווירקונג: די אָרעמע יידן פלעגן אָפּגעבן זייערע לעצטע גראָשנס די צדיקים, און דער צדיק האָט נישט אויפגעהערט שיקן ברכות, אויסהיילן פון קראַנקהייטן, בענטשן מיט קינדער אאַז״וו. די שיינע חסידישע לערע איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ווילדן צדיקיזם, אין אַ פּראַקטישן געשעפט. זיין אַ צדיק איז פּשוט געוואָרן אַ גוטער מסחר און עס האָבן זיך נאַטירלעך געפונען פיל בעלנים דערויף. די שטעל פון אַ צדיק האָט אָנגעהויבן איבערגיין בירושה, פון פאָטער צו די קינדער און צו די אייניקלעך. עס האָט זיך געמאַכט, אַז עס איז געשטאָרבן אַ צדיק, וואָס האָט איבערגעלאָזט עטלעכע זין, און דאַן איז זיין ירושה פאַנאַנדערגעטיילט געוואָרן צווישן דער גאַנצער „דינאַסטיע״, וועלכע האָט צווישן זיך געפירט מיאוסע מחלוקת פאַר דער בכורה.

נישט אומעטום איז אָבער דער צדיקיזם געוואָרן אַ קאַריערע. צווישן די צדיקים זיינען אויך געווען אייניקע אמתע אידעאַליסטן, התלהבותדיקע מענטשן. אַזעלכער איז געווען ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער, וועלכער האָט פריער, אין דער ליטע, געליטן פיל רדיפות פון די רבנים פאַר זיין גלויבן אין חסידות, נאָר דערנאָך איז ער געוואָרן צדיק אין בערדיטשעוו, וואו ער איז געוואָרן זייער פּאָפּולער און איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ ליכטיקן אָנדענקען פון אַן איידעלן גייסט און פון אַ מענטשן מיט אַן אומגעווייגלעכער ליבע צום פּראָסטן פאָלק.

אַנדערש האָט זיך אַנטוויקלט דער חסידיזם אין ליטע און אין ביעלאָרוסיע. דאָרט האָט דער חסידיזם נישט געפונען פאַר זיך אַזאַ גינסטיקן באָדן, ווי אין פּוילן און אין אוקריינע, און האָט זיך פאַרשפּרייט זייער לאַנגזאַם, נאָך לאַנגע רדיפות און ווידערשטאַנדן מצד די רבנים און לומדים. דאָרט איז דער חסידיזם אַריינגעפירט געוואָרן דורך די תלמידים פון

ר׳ בער מעזעריטשער: ר׳ אהרן קאַרלינער, ר׳ מענדל וויטעבסקער און ר׳ זלמן שניאורסאָן (געשטאָרבן אין 1813), דעריבער האָט ער דאָרט אָנ־גענומען אַן אַנדערן כאַראַקטער. דאָ איז ער שוין נישט געווען קיין דעמאָ־קראַטישע באַוועגונג, צוגעפּאַסט צום געשמאַק און צו די באַדערפעּנישן פון דער מאַסע, נאָר אַ שטרעמונג פון געציילטע מענטשן, אַריסטאָקראַטן־קעמפער, און אויך די לערע זייערע האָט דעריבער געהאַט אויף זיך דעם שטעמפּל פון אַריסטאָקראַטיזם און פון קאָפּ־מענטשן. דער אָנגעזעענסטער פון די ליטווישע רבנים, ר׳ שניאור זלמן, האָט געשאַפן אַן אייגענעם סיס־טעם, וואָס איז פילאָזאָפיש געווען פיל מער באַגרינדעט און זיך שטאַרק אונטערשיידט פון פוילישן חסידיזם. זיין דעוויז איז געווען: „חכמה, בינה, דעת״ (פאַרקירצט: חב״ד), ד״ה חכמה, פאַרשטאַנד און וויסן. אין קעגנ־טייל פון בעש״ט האָט ער נישט געפאָדערט קיין נאַאיוון גלויבן אין צדיק, נאָר געראָטן, צו קוקן אויף דעם צדיק ווי אויף אַ וועג־ווייזער. ער האָט אויך נישט געלייקנט אין דער באַדייטונג פון לערנען און טראַכטן, נאָר, פאַר־קערט, געפאָדערט פון יעדן חסיד „צו דענקען און טראַכטן״. ער האָט דעם חסידיזם אָפּגערייניקט פון פיל אַבערגלויבנס און נאַרישע זייטן, אָבער דערפאַר האָט דער חסידיזם אין ליטע נישט געהאַט יענע נאַאיוויטעט און פאָלקטימלעכקייט, וועלכע עס האָט געהאַט דער פוילישער חסידיזם.

אין ליטע האָט זיך אויך אָנגעהויבן דער ענערגישער קאַמף פון די רבנים קעגן חסידיזם. אין דער שפּיץ פון די ליטווישע רבנים איז דעמאָלט געשטאַנען ר׳ אליהו ווילנער, וועלכער האָט באַקומען דעם טיטל „גאון״ (1720—1797). דאָס איז געווען אַ מענטש מיט אַן אייזערנעם ווילן, וואָס האָט פון קינדווייז אַן ארויסגעוויזן אומגעוויינלעכע פעאיקייטן. צו זעקס יאָר האָט ער שוין געלערנט גמרא אָן דער הילף פון אַ רבי. צו צען יאָר האָט ער זיך שוין באַטייליקט אין רבנישע וכוחים און מיט זיין בקיאות און שכל פאַרוואונדערט די אלטע גדולים. זיין תפיסה איז געווען אומגעוויינלעך. ער האָט אויך גיך אויסגעלערנט די קבלה און אזוי גיך אויך דער־וואָרבן אָפּגעריסענע ידיעות אין מאַטעמאַטיק, געאָגראַפיע, אסטראָנאָמיע. אין ווילנע האָט ער געלעבט אייננזאַם, אָפּגעשלאָסן, אינגאַנצן פאַרטיפט אין לערנען. דערנערט האָט ער זיך שלעכט, געשלאָפן בסך הכּל צוויי שעה אין מעת, וויניק זיך באַגעגנט מיט מענטשן, ווייניק גערעדט און נאָר אין געוויסע שעהן געלייענט שעורים וועגן תלמוד פאַר זיינע תלמידים.

פונעם פּלפּול־סיסטעם האָט ער נישט געהאַלטן. אַזוי ווי ער האָט געקענט אויסנווייניק כמעט דעם גאַנצן תלמוד, האָט ער אָן שום מי געקענט פּסק־נען די האַרבסטע שאלה און נישט זעלטן פלעגט ער זיך דערלויבן אויס־צובעסערן דעם טעקסט פון תלמוד אויפן גרונד פון טיפע קריטישע חקי־רות. אין אַזאַ אָפּגעשלאָסנקייט האָט ער געשריבן פירושים און הערות צו די ביבלישע תלמודישע און קבליסטישע ספרים, נאָר געשריבן האָט ער דאָס אַלץ אָן אָרדענונג, מיט רמזים, האַלבע ווערטער, ווייל ער אַליין האָט נישט גערעכנט אַרויסצוגעבן קיין זאַך פון זיינע כתבים און דאָס נאָר איבערגעלאָזט פאַר די קינפטיקע דורות. ר׳ אליהו ווילנער איז געווען די פאַרקערפּערונג פון דער ליטווישער גאונות; די רבנישע וויסנשאַפט איז פאַר אים געווען אַלץ; אין איר האָט ער געזען דעם גאַנצן זין פון יידנ־טום. ער איז געווען דער אָפּגאָט פון די רבנים אין ליטע און אין אַנדערע לענדער; דער המון האָט מורא געהאַט פאַר אים, אָבער אים נישט פאַר־שטאַנען, פונקט ווי ער האָט דעם המון נישט פארשטאַנען. נאַטירלעך, האָט אַזאַ מענטש נישט געקענט סימפּאַטיזירן מיט דער דעמאָקראַטישער חסידישער באַוועגונג. ווי אַן אַסקעט און ווי אַ גרויסער קאָפּ האָט דער חסידיזם אין אים באַליידיקט זיין איינזאַמען שטאָלץ און זיין גאונות, קעגן וועלכער די חסידישע באַוועגונג האָט אויסגעזען קליין און נישטיק.

נאָך אין 1772, ווען אין ליטע האָבן זיך אָנגעהויבן גרינדן געהיימע חסידישע קרייזלעך און אין ווילנע האָט מען אַנטדעקט אייניקע אָנפירער פון די חסידים, האָט דאָס ווילנער קהל, מיט דער דערלויבעניש פון „גאון״, דערקלערט אַ חרם קעגן די חסידים. פון ווילנע האָט מען פונאַנדערגע־שיקט צירקולאַרן צו אַנדערע רבנים מיט אַן אויפרוף, שטרענג אַרויסצו־טרעטן קעגן דער „אַפּיקורסישער סעקטע״. דאַן האָבן זיך אין גאַנץ ליטע אָנגעהויבן רדיפות אויף די חסידים. אויך די גאַליציאַנער רבנים, וועלכע האָבן זיך פאַרזאַמלט בעת א יריד אין בראָד, האָבן אויסגערופן אַ חרם קעגן יעדן, וואָס וועט דאַווענען לויטן חסידישן נוסח, טראָגן ווייסע מלבו־שים שבת (ווי עס פלעגן טון פיל פון די צדיקים און חסידים) און בכלל באַטייליקן זיך אין די חסידישע קרייזלעך. ווען עס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דאָס ווערק פון ר׳ יעקב יוסף הכהן, וואו עס ווערט באַרירט דער כבוד פון די רבנים און לומדים, האָט זיך אין דער רבנישער וועלט ווידער אָנגעהויבן אַ געוואַלד. פון ווילנע האָט מען געגעבן אַ סיגנאַל, אַז מען זאָל

אנהויבן אַ קאַמף קעגן די חסידים. אין 1781 זיינען די ליטווישע רבנים זיך צונויפגעפאָרן בעת דעם יריד אין זעלווע (גראָדנער גוב׳) און פון דאָרט פונאַנדערגעשיקט אויפרופן צו אַלע יידישע געמיינדעס און געפאָדערט די שטרענגסטע שטראָפן פאַר די חסידים. די פרומע יידן האָבן באַקומען אַ באַפעל אומעטום אויסצושליסן די חסידים פון דער געזעלשאַפט, נישט חברן זיך מיט זיי, נישט האָבן מיט זיי קיין שום באַציאונגען, נישט מתחתן זיין זיך מיט זיי, נישט באַגראָבן זייערע מתים און בכלל קוקן אויף זיי, ווי אויף מענטשן פון אַן אנדערער רעליגיע. ווען אין ביעלאָרוסיע זיינען אַנטשטאַנען גרויסע גרופעס ,,חבדניקעס״ (חסידים פון ר׳ זלמן שניאורסאָן), האָט די אַגיטאַציע קעגן די חסידים זיך נאָך מער פאַרשטאַרקט. אויף די רבנים־צוזאַמענפאָרן אין מאָהילעוו און אין שקלאָוו זיינען אָנגענומען געוואָרן א ריי רעפּרעסיעס קעגן די חסידים און זייער מנהיג, ר׳ זלמן, איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַן אפיקורס. ר׳ זלמן האָט געפּרואווט זיך צו פאַרענטפערן אין ספּעציעלע אויפרופן צו די רבנים, וואו ער האָט זיך באַמיט צו באַווייזן, אַז ער איז אַן איבערגעגעבענער טרייער ייד; ער איז אויך ספּעציעל געפאָרן קיין ווילנע, כּדי צו זען זיך מיט דעם אָנפירער פון די מתנגדים, דעם גאון, און איבעררעדן מיט אים פערזענלעך, אָבער דער שטרענגער גאון האָט אפילו נישט געוואָלט אים אויפנעמען. צום סוף פון 18־טן יאָרהונדערט איז דער קאַמף צווישן ביידע פאַרטייען געוואָרן נאָך שאַרפער, עס האָבן זיך אָנגעהויבן פון ביידע זייטן, איבערהויפּט פון די מתנגדים, מיאוסע מסירות און רכילות, אַזוי אַז אין דעם קאַמף האָט זיך געמוזט אַריינמישן די רוסישע רעגירונג, וועלכע האָט גענומען אויף זיך די ראָלע פון אַ פאַרמיטלערין צווישן די קעמפנדיקע פאַרטייען. אָבער אפילו די פיזישע מאַכט האָט דאָ ווייניק אויפגעטון און נאָך אַ לאַנגער צייט זיינען די חסידים און מתנגדים אין דער ליטע פאַרבליבן פאַרביטערטע שונאים איינע די אנדערע.

---

אויפן חשבון פון דער השכלה מיטן חסידיזם צוזאַמען דאַרף מען צורעכענען דעם פילאָזאָף שלמה זלמן מיימון, איינער פון די אָריגינעלסטע גייסטער נישט בלויז ביי יידן, נאָר אויך אין גאַנץ אייראָפּע. דאָס איז געווען אַ מענטש, וואָס איז דערצויגן געוואָרן אין דער חסידישער וועלט, אַנטלאָפן צו דער פילאָזאָפיע און השכלה, נאָר ענדלעך איבערגעוואקסן

ביידע וועלטן און פון ביידע זיך דערווייטערט. אַ מענטש, וואָס האָט זיין גאַנץ לעבן נישט געוואוסט פון קיין רו און קיין פרידן; אַן אומגעוויינלעך־באַגאַבטער אָרעמער, יידישער פילאָזאָף, וואָס האָט שטענדיק געמוזט וואַנ־דערן פון אָרט צו אָרט, פון איין גלויבן צום צווייטן און נישט געפונען אין ערגעץ קיין מקום מנוחה פאַר זיין מידן קערפּער און פאַר זיין קרי־טישן גייסט.

שלמה זלמן מיימון (1750—1800) איז געבוירן געוואָרן ביי אַ פאַ־מיליע פון אַ דאָרפס־אַרענדאַר אין ליטע (נעבן ניעסוויזש, מינסקער גוב׳). נאָך אין די קינדער־יאָרן האָט ער געמוזט וואַנדערן פון דאָרף צו דאָרף צוזאַמען מיט זיינע עלטערן, וועלכע זיינען גערודפט געוואָרן דורך זייערע שכנים קריסטן און געמוזט גיין זוכן פרנסה. אָבער נישט געקוקט אויף דער אָרעמקייט, אין וועלכער ער איז געוואָרן דערצויגן, האָט ער דאָך באַ־קומען אַ גוטע שול לויט יענער צייט און אַרויסגעוויזן זעלטענע פעאי־קייטן. צו 11 יאָר האָט ער שוין געשמט פאַר אַן עילוי און עס האָבן זיך שוין געפונען פיל בעלנים, וואָס האָבן אים געוואָלט נעמען פאַר אַן איי־דעם. זיין אָרעמער פאָטער האָט אָן דעם וויסן פון זיין זון אים צוגעגרייט צוויי כלות מיט אמאָל. דער פאָטער פון איינער פון די צוויי כלות האָט אַרויסגעגנבעט דעם יונגן חתן און אים צוגענומען אַהיים צו זיך, כדי עס זאָל אים נישט אויסכאַפּן דער צווייטער פאָטער, אָבער ער האָט געמוזט אומקערן דעם געגנבטן חתן, וועלכער האָט חתונה געהאַט מיט דער צוויי־טער כלה. צו 12 יאָר איז ער שוין געווען אַ מאַן פון אַ ווייב, געטראָגן אַן עול אויפן קאָפּ און כדי צו דערנערן זיך, איז ער געוואָרן אַ מלמד אין אַ קליין־שטעטל.

דאָס פאַמיליען־לעבן האָט אים אָבער, ווי עס ווייזט אויס, ווינציק אינטערעסירט און דער יונגער מיימון האָט זיך פאַרטיפט אין מחשבות און חלומות. פון תלמוד איז ער איבערגעגאַנגען צו דער קבלה, וועלכע ער האָט אַ געוויסע צייט געליבט ביז שגעון. ער איז געפאָרן צום צדיק ר׳ בער מעזעריטשער, פון וועלכן ער האָט געהאַפט צו זען וואונדער, נאָר די חסידישע סביבה איז אים נישט געפעלן געוואָרן און אין גיכן האָט ער זיך מיאש געווען פון דער גאַנצער קבלה. דאַן איז ער איבערגעשפּרונגען צום „מורה נבוכים" פון רמב"ם און דאָס דאָזיקע ווערק איז אים באַלד געוואָרן אזוי טייער, אַז עס איז געוואָרן ווי אַ טייל פון זיין נשמה. לכבוד

דעם רמב״ם האָט ער זיך אַ נאָמען געגעבן מיימון און ביים נאָמען פון רמב״ם פלעגט ער זיך שווערן יעדעס מאָל, ווען ער האָט געוואָלט צווינגען זיך אַליין צו עפּעס. דער ״מורה נבוכים״ האָט אָבער אויך אין גיכן אויפ־געהערט צו באַפרידיקן דעם קריטישן שכל פון יונגן דענקער, וואָס האָט נישט אויפגעהערט צו זוכן און פאָרשן. ער האָט זיך דערוואוסט, אַז אין דייטשלאנד האָט זיך צווישן די יידן אָנגעהויבן עפּעס א נייע באַוועגונג, אַז דאָרט איז דאָ פּלאַץ פאַר מער פרייער חקירה, און אין 1777 פאַרלאָזט ער זיין פרוי און זיין פאַמיליע און לאָזט זיך אַוועק קיין דייטשלאנד.

ער איז דעמאָלט אלט געווען 25 יאָר, נאָר אויסגעזען משונהדיק, מיט א גרויסער באָרד, זייער אָרעם און קאָמיש געקליידט, מיט אַ זאַפּאַס פון אַ ביסל קענטעניש אין פויליש, און אין אַזאַ פאָרעם האָט דער מאַן פון אַ פרוי מיט קינדער זיך פאַרגעשטעלט פאַר די משכילים אין קעניגס־בערג און זיי דערקלערט, אַז ער וויל זיך אָפּגעבן צו בילדונג. פון קע־ניגסבערג האָט ער געמוזט אָפּפאָרן דורך שטעטין קיין בערלין און די דאָזיקע נסיעה זיינע איז געווען פול מיט יסורים און ליידן. אין בערלין האָבן די פרנסים פון דער געמיינדע אים נישט געוואָלט דערלויבן צו וואוי־נען, ווייל די פוילישע יידן, וואָס האָבן פאַרלאָזן דעם תלמוד, זיינען געווען באַוואוסט ווי אַפּיקורסים און האָבן אומטום דערוועקט אַ חשד אויף זיך. געצוואונגען אויף אַזאַ אופן צו פאַרלאָזן בערלין, האָט מיימון זיך פאַר־בונדן מיט עפּעס א שנאָרער, און מיט אים צוזאַמען געוואנדערט פון שטאָט צו שטאָט, געגאַנגען איבער די הייזער, ביז ער איז געקומען, כמעט אַ נאַקעטער, קיין פּויזן. דאָרט האָט אויף אים רחמנות געהאַט דער יונגער און גוטהאַרציקער רב׳ ר׳ הירש יאַנאָוו, וואָס איז געווען אַ פאַרברענטער קעגנער פון דער השכלה, נאָר ער האָט נישט געפרעגט מיימונען וועגן זיינע איבערצייגונגען און פריער פון אַלץ אים באַקליידט און געגעבן צו עסן.

אויך אין פּויזן האָט אָבער מיימון נישט געפונען קיין רו אויף אַ לאַנ־גער צייט און ער האָט ווייטער אָנגעהויבן וואנדערן, ביז ער איז אין 1779 ווידער געקומען קיין בערלין. דאָרט איז אים צו דער האַנט געקומען עפּעס אַ פילאָזאָפיש ווערק אויף דייטש און הגם מיימון האָט נאָך דעמאָלט וויינ־ציק געקענט די דייטשע שפּראַך, האָט ער דאָך מיט זיין שאַרפן שכל גע־כאַפּט דאָס, וואָס די שפּראַך האָט פון אים פאַרבאָרגן. ער האָט באַלד

באַגריפן דעם אינהאַלט פון בוך, געפונען פיל קשיות קעגן דער פילאָזאָ־
פיע פון דייטשן מחבר און דאָס אַלץ האָט ער אָנגעשריבן אויף אַ פּאַפּיר
אין העברעיש און אַריינגעשיקט מענדעלסאָנען, וועלכער האָט אין אים
דערקענט אַן אָריגינעלן דענקער און אָנגעהויבן אים שטיצן. מיימון האָט
אָנגעהויבן ווערן באַוואוסט, און וואָלט ער געווען אַ פּראַקטישער מענטש,
וואָלט ער געקענט מאַכן אַ גוטע קאַריערע. ער איז אָבער געווען בטבע אַ
סקעפּטיקער, אַ מענטש מיט זייער אַ קריטישן שכל און איז אין קיין זאַך
נישט פעאיק געווען צו גלייבן. דערצו האָט נאָך דער שאַרפער איבערגאַנג
פון דער רבנישער ליטעראַטור צו דער דייטשער פילאָזאָפיע און פון דעם
פּאַטריאַרכאַלן לעבן פון אַ ליטווישן יידן צו אַ לעבן פון אַ געבילדעטן איי־
ראָפּעער — געמוזט מאַכן אַ גרויסע ווירקונג אויף מיימונס נשמה. ער איז
געווען אַ פּריצייטיקער גייסט און איז געווים שוין דעמאָלט געווען איבער־
געוואַקסן די השכלה מיט דער גאַנצער דייטשער פילאָזאָפיע, וועלכע איז
אייגנטלעך אין יענער צייט געווען גאַנץ אויבערפלעכלעך און נישט־טיף.
ער האָט אָנגעהויבן לייקענען אין אַלע יסודות פון דער רעליגיע און פון
יעדער מאָראַל, נישט געגלויבט אין דעם אינערלעכן מענטשלעכן רצון צו
אמת און גערעכטיקייט און אַזוי ווי ער האָט אַליין נישט געקענט אַרויס־
שטעלן קיין נייעם, פּאָזיטיוון אמת קעגן די אַלע אָנגענומענע אמתן, וועלכע
ער האָט געהאַלטן פאַר שקר, איז ער געוואָרן ציניש־ווילד, געפירט אַ לעבן
אָן אָרדענונג און אָן מאָראַל און זיך דערוואָרבן די אַנטיפּאַטיע פון זיינע
פריינד, וואָס זיינען פון אים אָפּגעטרעטן. ער האָט געלייקענט אין אַלע
מאָראַלישע שיטות, וואָס זיינען לויט זיין מיינונג געווען נישט מער ווי
פּוסטע סברות, אָן אַ שום גרונט. מיט זיין שאַרפער לאָגיק האָט ער אויפ־
געוויזן, אַז אויך דער באַגריף וועגן גאָטהייט איז נישט מער, ווי אַ פּוסטער
געדאַנק אָן אַן אינהאַלט. לויט זיין איבערצייגונג איז פאַר דעם מענטשן
נישט געבליבן קיין אַנדערע זאַך, ווי פאָרשן, דענקען, געפינען אידייען,
דערנאָך זיי אַליין צעוואַרפן און אויפשטעלן נייע. ער האָט געהאַט די
דרייסטקייט צו צווייפלען אין דער גרויסקייט פון מענדעלסאָנען, אין וועל־
כער קיינער האָט דעמאָלט נישט געלייקנט, אָבער דאָס אַלץ האָט ער געטון
נישט פון קנאה, נישט פון קיין פּערזענלעכע נטיות, נאָר פון ריינער אי־
בערצייגונג. ביי אַזעלכע איבערצייגונגען איז אים געבליבן נישט קיין אַנ־
דער זאַך, ווי ציניזם און בטלה. ווען מענדעלסאָן האָט אים געמוסרט,

פאַרוואָס ער האָט זיך אַריינגעלאָזט, לויט די קלאַנגען, וואָס גייען וועגן אים, בלויז אין פוסטע תענוגים, אין אַ חברה פון לעב־יונגען — האָט מיימון דאָס נישט אָפּגעלייקנט, נאָר געענטפערט, אַז לויט זיין שיטה זיינען אַלע מענטשן נישט מער ווי עפּיקורעער.

מענדעלסאָן און זיינע פריינד האָבן זיך שוין מיאש געווען צו מאַכן מיימונען פאַר אַ שטיקל „מענטש". מען האָט אים אויפגעהערט שטיצן און ער האָט געמוזט ווייטער וואַנדערן. אין האָלאַנד איז ער פריער אויפגע־נומען געוואָרן מיט גרויס כבוד, נאָר צוליב זיין אויסגעלאַסענעם לעבן, האָבן די פרומע יידן אים אָנגעהויבן רודפן אַזוי ווייט, אַז מען פלעגט אויף אים וואַרפן שטיינער אין גאַס. זיין לאַגע איז געוואָרן אַלץ ערגער און ער האָט שוין געהאַט באַשלאָסן זיך נעמען דאָס לעבן. אין האַמבורג האָט ער זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט אַ גלח און אים פאַרגעלייגט צו שמדן זיך, אָבער נאָר בתנאַי, אַז ער זאָל האָבן די פרייע ברירה, צו גלייבן אין קריסטוסן אָדער נישט. נאַטירלעך, האָט דער גלח נישט מסכים געווען אָנצונעמען אין דער קירך אַזאַ אפּיקורס, וואָס גלייבט אין גאָרנישט. ווען ער איז גע־ווען אַלט דרייסיק יאָר, האָט ער אויך געפּרואווט באַזוכן די גימנאַזיע און זיצן אויף איין באַנק מיט יינגלעך, כדי צו פאַרפולקאָמען זיך אין שפּראַכן. אָבער דאָס האָט נאָר אַרויסגערופן געלעכטער און אויסער דעם איז מיימון נישט געווען געוואוינט צו קיין דיסציפּלין, אַזוי אַז ער האָט געמוזט פאַר־לאָזן די גימנאַזיע. פון האַמבורג איז ער ווידער געקומען קיין בערלין און מענדעלסאָן מיט זיינע פריינד האָבן אים ווידער אָנגעהויבן שטיצן, נאָר כדי פּטור צו ווערן פון אים, האָבן זיי אים געגעבן לפּנים עפּעס אַ ליטע־ראַרישע אַרבעט און אָפּגעשיקט קיין דעסוי. אין גיכן האָט ער זיך צע־קריגט מיט זיינע שטיצער און איז פון דעסוי אָפּגעפאָרן קיין ברעסלוי.

אין 1790 האָט מיימון אַרויסגעגעבן אויף דייטש זיין בוך „אַ פּראָבע־פאָרשונג וועגן דער טראַנסצענדענטאַלער פילאָזאָפיע". נאָך דעם בוך האָט ער פאַרעפנטלעכט אַ ריי אַנדערע ווערק וועגן מעטאַפיזיק און לאָגיק. וועגן זיין ערשטן ווערק האָט דער באַרימטער פילאָזאָף קאַנט זיך אָפּגערופן אַזוי: „קיינער פון מיינע קעגנער האָט אַזוי טיף נישט פאַרשטאַנען דעם תוך פון מיין סיסטעם, ווי מיימון, און בכלל זיינען נישט פיל באַגאַבט מיט אַזאַ איידעלן און טיפזיניקן שכל אין אַזעלכע אַבסטראַקטע און קאָמפּליצירטע פראַגן". אין 1792 איז אַרויס זיין „לעבנסגעשיכטע", וואו עס ווערט בולט

און מיט גרויס טאַלענט אָפּגעשילדערט דאָס לעבן פון די פּויליש־ליטווישע יידן און וואו עס ווערט דערציילט די טרויעריקע ביאָגראַפיע פונעם מחבר. מיימונס אויטאָביאָגראַפיע האָט געמאַכט אַ גרויסן איינדרוק אויף פיל קריסטן, צווישן אַנדערע אויך אויף געטע און שילער. אויף העברעיש איז נאָר אַרויס זיין נישט פאַרענדיקטער פּירוש צום „מורה נבוכים״ פון דעם רמב״ם, „גבעת המורה״.

אין ברעסלוי האָט מיימון זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט דעם פּאָעט אפרים קוה (געבוירן אין ברעסלוי אין יאָר 1731 און געשטאָרבן אין 1790), וועלכער איז גייסטיק אים געווען זייער נאָענט. אויך אפרים קוה איז געווען אַ צעבראָכענער מענטש, אַ צעריסענע טראַגישע נשמה, וואָס איז געשליידערט געוואָרן פון איין וועלט אין דער אַנדערער. ער האָט פאַרלוירן זיין גאַנץ פאַרמעגן דורך דעם, וואָס ער איז נישט געווען צוגעפּאַסט צום פּראַקטישן לעבן, און האָט געליטן דחקות און הונגער. אויך ער איז ווייט אַוועק פונעם יידנטום, נאָר שמדן זיך האָט ער נישט געוואָלט און געענדיקט דערמיט, וואָס ער איז אַראָפּ פון זינען. מיימון און קוה זיינען באַלד זייער באַפריינדעט געוואָרן, נאָר זיינען געווען זייער אָרעם און איינער האָט דעם צווייטן נישט געקענט העלפן. ווען ער האָט זיך אויפגעהאַלטן אין ברעסלוי, איז צו אים פּלוצים געקומען זיין פרוי, וואָס ער האָט פאַרלאָזט נאָך מיט יאָרן צוריק, און אים געבראַכט זיין עלטערן זון, וואָס איז שוין דעמאָלט אַלט געווען 20 יאָר און צו וועלכן דער פאָטער האָט נישט געקענט פילן קיין שום ליבשאַפט. זיין פרוי האָט אים געפאָדערט אָדער גט, אָדער אַז ער זאָל מיט איהר ווידער אָנהייבן לעבן, און מיט מי האָט זיך איינגעגעבן צו פּועלן ביי מיימונען, אַז ער זאָל געבן זיין פרוי אַ גט.

אין 1788 איז מיימון ווידער אָפּגעפאָרן קיין בערלין. דאָרט האָט ער פון אָרעמקייט ווידער געוואָלט זיך שמדן, נאָר זיינע פריינד האָבן אים געגעבן שטיצע און אָפּגעהאַלטן פון שמד. ביז זיין טויט האָט מיימון נישט אויפגעהערט צו פירן זיך אַנדערש און נישט אויפגעהערט נעמען שטיצע. די לעצטע יאָרן האָט ער געוואוינט אין גוט פון זיין פריינד גראַף קאַלקרייט, וועלכער האָט אים מיט אַלץ אויסגעהאַלטן און איז אויסגעשטאַנען זיינע אַלע קאַפּריזן און משוגעתן. אין זיין גוט (אין שלעזיע) איז דער אָרעמער ליידנדיקער פילאָזאָף געשטאָרבן און באַגראָבן געוואָרן אין גלאָגוי, אָן כבוד און איינזאַם .ווי עלנט און אָן כבוד ער האָט געלעבט.

## קאַפּיטל זעקס

### די פראַנצויזישע רעוואָלוציע און די עמאַנציפּאַציע

דאָס ערשטע לאַנד אין אייראָפּע, וואָס האָט אָנערקענט דעם אמתן פּרינציפּ פון פרייהייט, איז געווען פראַנקרייך און איר האָבן די יידן צו דאַנקען פאַר דער גלייכבאַרעכטיקונג, וואָס זיי האָבן שפּעטער באַקומען אויך אין אַנדערע אייראָפּעאישע לענדער. אָבער אויך אין פראַנקרייך איז דאָס נישט אַזוי לייכט אָנגעקומען און שוין נאָך דעם ווי דאָס פראַנצויזישע פאָלק האָט זיך מיט אַמאָל אָפּגעשאָקלט פון אַלע אבערגלויבנס פון דער פאַרגאַנגענהייט און דערקלערט גלייכע מענטשן־רעכט פאַר אַלע, איז בנוגע צו יידן נאָך אויף אַ לאַנגער צייט פאַרבליבן די אַלטע פאַלשע מיינונג און זיי זיינען אין דעם כלל פון „אַלע מענטשן" נישט אַריינגענומען געוואָרן. די פרייהייט־יסודות פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע האָבן סוף כל סוף מנצח געווען אויך די פאַלשע טענות קעגן יידן. נאָר לאַנג האָט געדויערט דער שטרייט פאַר דער יידישער גלייכבאַרעכטיקונג און די געשיכטע פון דער יידישער עמאַנציפּאַציע אין פראַנקרייך איז אין פיל הינזיכטן כאַראַקטעריסטיש און זייער באַלערנדיק.

מליצי יושר און פאַרטיידיקער האָט די יידן אין פראַנקרייך נישט געפעלט. נאָך פאַר דער רעוואָלוציע האָט געפירט אַ דרייסטע אַגיטאַציע פאַר דער יידישער גלייכבאַרעכטיקונג דער ייד סערף בער. דאָס איז געווען אַ רייכער און געלערנטער מענטש, וואָס זיין אייגענע גינסטיקע פּאָזיציע אין דער מלוכה האָט אים נישט געמאַכט פאַרגעסן אין דער טרויעריקער לאַגע פון זיינע ברידער. בער פלעגט צושטעלן אמוניציע פאַר דער פראַנצויזישער אַרמיי און צוליב דעם האָט ער געמוזט וואוינען אין שטראַסבורג, וואו יידן איז נישט דערלויבט געווען צו וואוינען. צוערשט האָט מען אים דאָרט דערלויבט צו וואוינען נאָר איין ווינטער, נאָר אַזוי ווי ער איז געווען זייער נוצלעך און נייטיק פאַר דער רעגירונג, האָט מען די דערלויבעניש יעדעס מאָל ווידער פאַרלענגערט, אַזוי אַז ער איז אין שטראַסבורג געוואָרן אַ שטענדיקער איינוואוינער. ביסלעכווייז האָט ער אַהין

אַריינגעבראַכט נאָך עטלעכע יידישע פאַמיליעס, אָפּגעקויפט הייזער און דער קעניג לודוויק דער זעכצנטער האָט אים געגעבן אַ דערלויבעניש צו קויפן אויך ערד און נחלאות. סערף בער האָט אין שטראַסבורג אויפ־שטעלט פאַבריקן און זיך באַמיט, אַז די אַרבעטער זאָלן זיין אויסשליסלעך יידן, כדי אָראָפּצונעמען די אַלטע באַשולדיקונג, אַז יידן זיינען נישט פעאיק צו קיין פּראָדוקטיווער אַרבעט. בער איז געשטאַנען אין פאַרבינדונגען מיט מענדעלסאָנען און האָט זיך משתדל געווען פיל מאָל פאַרן קעניג, אַז מען זאָל יידן דערלויבן וואוינען אין גאַנץ פראַנקרייך. ער האָט ענדלעך גע־פועלט ביים ווייכהאַרציקן און גוטן לודוויק, אַז עס זאָל צונויפגערופן ווערן אַ קאָמיסיע פון זעכציק אָנגעזעענע יידן, וואָס זאָלן אויסאַרבעטן אַ פּראָ־יעקט, ווי אַזוי צו פאַרבעסערן די יידישע לאַגע, און מסתמא האָט לודוויק נאָר אַדאַנק דער דאָזיקער קאָמיסיע אַנולירט (1784) דעם שענדלעכן געזעץ וועגן אַ ספּעציעלן קאָפּ־שטייער פאַר יידן. דאָס איז געווען דער ערשטער יידישער נצחון; נאָר דער קאָמיסיע איז נישט באַשערט געווען צו פאַרענ־דיקן איר אַרבעט, און אירע פּראָיעקטן זיינען נישט געוואָרן פאַרעפנטלעכט.

פון די אייגענע יידישע פּאַרטיידיקער דאַרף מען אויך דערמאָנען דעם געבילדעטן און גייסטרייכן יונגנמאַן יהושע בערבינג, וועלכער איז אַרויסגעטראָטן אין דער ליטעראַטור מיט אַ גרינטלעכער און גייסטרייכער פאַרטיידיקונג פון יידן. ער האָט געזעדט, ווי אַ שטאָלצער מענטש, דער־מאָנט דער קריסטלעכער וועלט, אַז אין דער צייט, ווען זיי, די קריסטן, זיינען נאָך געווען געצנדינער, זיינען ביי יידן שוין געווען פיל גרויסע מענטשן, און ער האָט נישט געבעטן קיין חסד, נאָר געפאָדערט, אַז יידן זאָלן האָבן דאָס רעכט צו געניסן פון אַלע נאַטירלעכע מענטשלעכע רעכט און אַז עס זאָל צעשטערט ווערן די וואַנט, וואָס טיילט זיי אָפּ פון דער גרויסער וועלט און באַליידיקט זייער כבוד.

גרויס אינטערעס האָט דעמאָלט אַרויסגערופן דער „מעצער קאָנקורס". די „געזעלשאַפט פאַר וויסנשאַפט" אין מעץ האָט אין יאָר 1785 באַשטימט אַ פּרעמיע פאַר דעם, וואָס וועט געבן די בעסטע תשובה, ווי אַזוי צו פאַר־ענטפערן די פאַרוויקלטע יידנפראַגע, וואָס איז דעמאָלט געשטאַנען אויף דער טאָג־אָרדענונג און אינטערעסירט אַלע בעסטע מענטשן פון פראַנקרייך. ניין מענטשן האָבן צוגעשיקט תשובות אויף דער פראַגע און נאָר צוויי פון זיי זיינען געווען נישט גינסטיק פאַר יידן. די פּרעמיע האָט מען צעטיילט

צווישן דרייען: צווישן ייד זאַלקינד הורוויץ (אַ קאָוונער), אַדוואָקאַט טיער און גייסטלעכן גרעגוּאַר. דעם גרעסטן רושם האָט געמאַכט דאָס ווערק פון גרעגוּאַר. אַ טיף־איבערצייגטער און גלייביקער קריסט, וואָס האָט אַפילו די רעוואָלוציע געוואָלט מאַכן פאַר אַ קריסטלעכער באַוועגונג, איז ער גלייכצייטיק געווען אויך אַ פאַרברענטער אָנהענגער פון פאָלקאָמער פריי־הייט, פאַר וועלכער האָט זיין גאַנץ לעבן אָפּגעגעבן. אין נאָמען פון קריס־טנטום האָט ער אויך געפאָדערט פרייהייט פאַרן געדריקטן יידישן פאָלק און זיינע ווערטער, וואָס זיינען אַרויס פון ריינעם האַרצן און פון טיפער איבערצייגונג, האָבן זיכער געמאַכט אַ טיפן איינדרוק אויף די קריסטן.

דערווייל איז אָנגעקומען די רעוואָלוציע. די פּאָרטוגעזישע, ספּרדישע יידן, וואָס זיינען פּאָליטיש געווען פיל מער אַנטוויקלט, איידער די אשכנ־זים, זיינען כמעט אַלע געווען פאַרברענטע אָנהענגער פון דער רעוואָלוציע. פון די קוים 560 יידן, וואָס האָבן געוואוינט אין פּאַריז, האָבן העכער הונ־דערט געדינט צוגלייך מיט די פראַנצויזן אין דער נאַציאָנאַל־גוואַרדיע און געהערט צו די פּאָליטישע קלובן. זיי זיינען געווען זייער טעטיק אין די פאַרזאַמלונגען, זיינען אויסגעקליבן געוואָרן פאַר וואַלמענער, פול געמאַכט די צייטונגען מיט לויב־לידער לכבוד דער רעוואָלוציע און אַ גרויסן חלק פון זייערע פאַרדינסטן אָפּגעגעבן פאַר די באַדערפענישן פון קאַמף פאַר דער פרייהייט. ווען עס איז איינגענומען געוואָרן די באַסטיליע און דאָס פאָלק האָט זיך דערשפּירט פריי פון די דעספּאָטישע קייטן, האָט מען נישט אומעטום זיך באַצויגן מיט מיטגעפיל און ברידערלעכקייט צו די גע־דריקטסטע און געפּלאָגטסטע צווישן אַלע געדריקטע, צו די יידן. ווען דער המון איז באַפאַלן די גיטער פון ערד־באַזיצער און חרוב געמאַכט די פאַר־מעגנס פון די מאַגנאַטן, האָט מען די יידן, וואָס זיינען אַליין געווען גע־דריקט דורך די ערד־באַזיצער און גייסטלעכע, אָנגענומען פאַר פריינד פון דער קנעכטשאַפט און זיי באַהאַנדלט, ווי שונאים. אין עלזאַס איז דער המון מיט אכזריות באַפאַלן די יידן, גערויבעוועט זייער גוטס, חרוב גע־מאַכט זייערע הייזער, און זיי געצוואונגען, כמעט נאַקעט צו אַנטלויפן קיין באַזעל. די יידן פון עלזאַס האָבן זיך געווענדעט צום גייסטלעכן גרעגוּאַר, וועלכער איז געווען אַ דעפּוטאַט אין דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג; ער האָט אָפּגעשילדערט פאַר דער פאַרזאַמלונג די מיאוסע אָנפאַלן אויף יידן

און אין הייסע ווערטער געפאָדערט, אַז דער פּאַרלאַמענט זאָל זיך אָננעמען פאַר דעם גערודפטן און געדריקטן פאָלק.

אין דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג זיינען דאָס רוב דעפּוטאַטן געווען געשטימט לטובת יידן, נאָר דאָך איז אַוועק אַ שטיק צייט, איידער מען האָט זיך גענומען צו דער יידן־פראַגע, ווייל די פאַרזאַמלונג האָט מורא געהאַט אַרויסצורופן אַן אויפרעגונג צווישן פאָלק און זיך באַמיט ארויס־צודרייען פון דער אומאַנגענעמער לאַגע. דעם 21סטן אויגוסט האָט די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג אָפּגעהאלטן איינע פון אירע שטורעמדיקסטע זי־צונגען. אויף דער טאָג־אָרדענונג איז געשטאַנען די פראַגע וועגן פרייהייט פון רעליגיע. איינער פון די דעפּוטאַטן האָט פאָרגעלייגט אָנצונעמען אַזאַ געזעץ: „מען טאָר נישט אָנרירן קיין מענטשן פאַר זיינע רעליגיעזע אי־בערצייגונגען און מען קען נישט שטערן קיין מענטשן צו דינען גאָט אויף זיין שטייגער". די קאַטוילישע גייסטלעכע האָבן געמאַכט אַ גערואַלד, נאָר נאָך לאַנגע דעבאַטן איז דער דאָזיקער נוסח, וואָס איז פון דאַן אָן געוואָרן דער יסוד פון אַלע קאָנסטיטוציעס, געוואָרן אָנגענומען. מיט דעם דאָזיקן געזעץ איז פאַרענטפערט געוואָרן אויך אַ טייל פון דער יידן־פראַגע. די יידן־פראַגע אין אַלגעמיין אָבער האָט די פאַרזאַמלונג אַלץ נאָך נישט געוואָלט באַהאַנדלען, ווייל זי האָט געהאַט צו פאַרענטפערן אַ סך פראָבלעמען, וואָס זיינען געווען פאַר איר וויכטיקער. דאָס לעבן אַליין האָט אָבער באַלד די יידן־פראַגע אַרויסגעשטעלט אויף דער טאָג־אָרדענונג: די קריסטלעכע באַ־פעלקערונג אין עלזאַס האָט נישט אויפגעהערט צו רודפן יידן און צו באַ־קלאָגן זיך, אַז זי ווערט זייער עקספּלאָטירט פון די יידן. פון דער צווייטער זייט האָבן יידן נישט אויפגעהערט פאָדערן גלייכע רעכט און אַפילו גע־מאַכט אַ דעמאָנסטראַציע פאַר דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג. נישט ווילנ־דיק האָט די פאָלקס־פאַרטרעטונג געמוזט זיך אָנהייבן צו באַשעפטיקן מיט דער פראַגע. עס איז שוין געווען אַפילו צוגעגרייט אַ באַריכט, אויסגע־קליבן אַ רעפערענט און דעם 23סטן דעצעמבער האָבן זיך אָנגעהויבן די דעבאַטן. דער גרויסער מיראַבאָ, גרעגואַר, ראַבעספּיער און אַנדערע האָבן הייס פאַרטיידיקט די יידן, אָבער עס האָבן זיך אויך געפונען צווישן די רעוואָלוציאָנערן פיל דעפּוטאַטן, וואָס האָבן דערקלערט, אַז עס איז אַ גרויסע סכנה צו געבן יידן גלייכע רעכט. די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג

האָט אָנגעהויבן צווייפלען און ווידער אָפּגעלייגט די יידן־פראַגע אויף אַן אַנדערער צייט.

דעם 29־סטן יאַנואַר האָט די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג זיך אומגע־קערט צו דער יידן־פראַגע. די שלעכטע שילדערונגען, וואָס דער פּאַרלאַ־מענט האָט געהערט פון די עלזאַסישע און לאָטאַרינגישע דעפּוטאַטן, אַז די דאָרטיקע יידן באַעולהן שטאַרק די קריסטלעכע באַפעלקערונג, האָט געמאַכט אויף דער פאָלקס־פאַרטרעטונג אַ נישט גינסטיקן איינדרוק. אַ שלעכטע ווירקונג האָט אויך געהאַט דאָס, וואָס די ספרדישע יידן פון באָרדאָ האָבן זיך אָפּגעטיילט פון די אשכנזישע יידן און פאַרלאַנגט ביר־גער־רעכט נאָר פאַר זיך אַליין. די פאַרזאַמלונג האָט ענדלעך אָנגענומען אַ באַשלוס, אַז די פּאָרטוגעזישע אָדער ספרדישע יידן פון באָרדאָ, אַווי־ניאָן און ביאָן באַקומען אַלע בירגער־רעכט. די פראַגע וועגן די איבעריקע יידן, וואָס האָבן געלעבט אין די מזרח־פּראָווינצן פון פראַנקרייך, איז ווי־דער אָפּגעלייגט געוואָרן. די דייטשע יידן האָבן נאָך געהאַט אויסצושטיין אַ לאַנגן קאַמף פאַר זייער גלייכבאַרעכטיקונג. די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמ־לונג האָט געקוקט אויף זיי, ווי אויף אויסלענדער, און עס זיינען געווען אויך אַזעלכע, וואָס זיינען זיכער געווען ,אַז די „דייטשע" יידן ווילן גאָר אַליין נישט ווערן קיין בירגער און אַז די גאַנצע אַגיטאַציע פירן נאָר עטלעכע אינטעליגענטן־שרייערס. די דייטשע יידן האָבן באַלד באַוויזן, אַז דאָס איז נישט אמת. זיי האָבן אומעטום געפירט אַ שטאַרקע אַגיטאַציע, זיך דערשלאָגן דערצו, אַז די פּאַריזער פאַרוואַלטונג פון דער קהלה האָט דערלאַנגט אַ בקשה אין דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג לטובת יידן, און ענדלעך, אין סעפּטעמבער 1791, ווען עס איז אָנגענומען געוואָרן די קאָנס־טיטוציע, וואו עס איז געווען אַ בפירושער געזעץ, אַז אַלע בירגער זיינען גלייך פאַרן געזעץ, — זיינען במילא אויך בטל געוואָרן אַלע באַגרענעצונ־גען קעגן יידן. די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג איז נאָר געבליבן עפּנטלעך צו פּראָקלאַמירן די יידישע גלייכבאַרעכטיקונג און זי האָט דאָס געטון דעם 27סטן סעפּטעמבער. דאָס ערשטע מאָל אין דער נאָך־קריסטלעכער געשיכטע זיינען יידן אנערקענט געוואָרן פאַר גלייכע בירגער מיט אַלע איבריקע מענטשן.

אויך נאָך דעם ווי די יידן האָבן באַקומען גלייכבאַרעכטיקונג אויפן פּאַפּיר, האָבן זיי נאָך געהאַט גענוג אויסצושטיין. פיל פראַנצויזן האָבן

בשום אופן נישט געוואָלט מסכים זיין, אַז מען זאָל מיט יידן זיך באַגיין ווי מיט זייערס גלייכן. באַזונדערס האָט געהערשט אַ שלעכטע שטימונג קעגן יידן אין די מזרח־פּראָווינצן. אין 1793 האָבן די נאַנטער יאַקאָבינער פאַרגעלייגט זייערע חברים אין פּאַריז, אַז מען זאָל גאָר אַרויסטרייבן יידן פון פראַנקרייך. פאַרשידענע פאָלקס־פאַרטרעטער האָבן נישט אויפגעהערט צו באַשולדיקן יידן, אַז זיי פעלט ליבע צום פאָטערלאַנד, אַז זיי זיינען אָרגאַניש נישט פעאיק צו אַסימילירן זיך און אַז פאַר געלט ווען זיי פאַרקויפן די גאַנצע מלוכה.

ווען דער פראַנצויזישער קאָנווענט האָט דערקלערט אַ „מלחמה קעגן גאָט", ווען דער „שכל" איז פּראָקלאַמירט געוואָרן ווי דער איינציקער הערשער איבער די מענטשן און די קאַטוילישע רעליגיע איז דורכן קאָנ־ווענט „בטל" געוואָרן, האָבן די יידן אויך געליטן פאַר זייער רעליגיע, הגם פיל ווינציקער פון די פרומע קאַטאָליקן. אין דער צייט, ווען דער קאָנווענט האָט אָנגענומען אַ באַשלוס, אַז „די קאַטוילישע רעליגיע ווערט בטל און אויף איר אָרט דאַרף מען אָנהייבן דינען דעם „פאַרשטאַנד" און אין משך פון צוואַנציק טעג זיינען העכער דרייצן הונדערט קירכעס פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין טעמפלען פאַר דעם פאַרשטאַנד, האָט מען די יידן און די פּראָטעסטאַנטן געלאָזט צורו. עס האָבן זיך אָבער געפונען פיל, וואָס האָבן פון קאָנווענט געפאָדערט, אַז מען זאָל אויך די יידן צווינגען, צו פאַרלאָזן זייער „נאַרישע" רעליגיע און אויפהערן מתפלל זיין און מל זיין זייערע קינדער. אין אייניקע שטעט האָט מען די יידן, פּונקט ווי די קריסטן, פאַרבאָטן צו דאַווענען, אין אַנדערע ערטער האָבן די רעוואָלו־ציאָנערן זיך אַריינגעריסן אין די יידישע שולן און פאַרברענט די ספרי תורות. ווען דער קאָנווענט האָט איינגעפירט, אַז נאָר דער צענטער טאָג אין חודש דאַרף זיין אַ רו־טאָג און זונטיק ווערט אַ וואָכעדיקער טאָג, האָט מען אין אייניקע ערטער געפּרואווט צווינגען יידן צו רוען נאָר אין דעם טאָג, וואָס איז דערקלערט געוואָרן דורך דער רעליגיע פון שכל פאַר שבת. אָבער נאָך דעם אַלעמען האָבן די יידן געליטן פיל ווינציקער, איידער די פרומע קאַטאָליקן, און געוואוסט ווי אַרויסצודרייען זיך פון די גזירות. נישט געקוקט אויף די געוואַלדיקע ענדערונגען, וועלכע די רעוואָלוציע האָט אַריינגעבראַכט, נישט געקוקט אויף אַלע איבערקערענישן, זיינען יידן דאָך פאַרבליבן ביי זייערע שילן, חדרים, חברה־קדישאס און צדקה־אַנשטאַלטן.

דערווייל איז אויפגעשטאַנען נאַפּאָלעאָן, וועלכער האָט אַלץ אָפּגע־רוימט פון זיין וועג און געמאַכט אין פראַנקרייך אַ נייע איבערקערעניש. דער יונגער גענעראַל האָט גאָר ווינציק געקענט די יידן און נישט געהאַט וועגן זיי קיין שלעכטע מיינונגען. ער האָט פאַרשטאַנען, ווי אַזוי אויסצו־נוצן זיי פאַר זיין טובה וועגן, פּונקט ווי ער פלעגט אויסנוצן אַלע און אַלץ, וואָס ער האָט באַגעגנט אויף זיין וועג. בעת ער איז געווען אין עגיפּטן און אין סיריע האָט ער ארויסגעלאָזט אַן אויפרוף צו די דאָרטיקע יידן, וועלכע ער האָט צוגעזאָגט צו באַפרייען ירושלים און ווידער שאַפן אַ יידישע מלוכה. ער האָט דערמיט געהאָפט צוצוציען צו זיך יידיש געלד און פיל יידישע סאָלדאַטן. זיינע האָפענונגען זיינען אָבער נישט מקוים געוואָרן, ווייל דער גרעסטער טייל יידן איז געבליבן טריי זייער פאָטער־לאַנד; פונדעסטוועגן האָבן זיינע הבטחות דאָך געבראַכט דערצו, אַז פיל יידן זיינען אַריינגעטראָטן אין זיין אַרמיי און געקעמפט פאַר די פראַנ־צויזישע אינטערעסן.

נאַפּאָלעאָן איז צוריקגעקומען קיין פראַנקרייך ווי אַ מנצח. ער האָט אַראָפּגעוואָרפן די דירעקטאָרן־רעגירונג און איז געוואָרן דער אַליינהער־שער פון דער כלומרשטער רעפּובליק. אין גיכן האָט ער איינגענומען די פאַראייניקטע מלוכות, וואָס זיינען געווען די שונאים פון פראַנקרייך, און שלום געמאַכט מיט עסטרייך, ענגלאַנד און רוסלאַנד. פאַר פראַנקרייך, וואָס האָט שוין געבענקט נאָך פרידן נאָך די בלוטיקע איבערקערענישן, וועלכע זי האָט איבערגעלעבט, האָט זיך איצט אָנגעהויבן אַן עפּאָכע פון שלום און רו. דורך זיינע גלענצנדיקע נצחונות האָט נאַפּאָלעאָן גרויס גע־מאַכט פראַנקרייך, און דאָס לאַנד וואָס איז שוין געווען מיד פון די שרעק־לעכע שטורעם־טעג און אויסגעמאַטערט פון די שטענדיקע שרעקן און בלוטיקע מעשים, האָט איצט זיך גענומען צו שאַפונג און צו קולטור. אין דער דאָזיקער אנטוויקלונג פון פראַנקרייך האָבן יידן גענומען אַ גרויסן אנטייל, זיך באַטייליקט מיט גרויס דערפאָלג אין אַלע געביטן פון אינ־דוסטריע, קונסט, וויסנשאַפט, און אויס דאַנקבאַרקייט צו נאַפּאָלעאָנען האָבן יידן געווידמעט פאַר זיין כבוד וועגן פיל לויב־לידער אין העברעיש און אין אַנדערע שפּראַכן.

נישט געקוקט אָבער דערויף, איז נאַפּאָלעאָנס רעגירונג פאַר יידן נישט געווען גינסטיק געשטימט. פּאָרטאַליס האָט די יידן פאַרגעוואָרפן,

אַז זיי זיינען נישט בלויז אַ רעליגיעזע כּתה, נאָר אַ באַזונדערע נאַציע, מיט אירע אייגענע נאַציאָנאַלע אינטערעסן, וואָס דריקט זיך אויס פון די מלוכה־פּליכטן מיט דעם תּירוץ, „אַז נאָר גאָט אַליין אנערקענען זיי פאַר אַ געזעצגעבער". די דאָזיקע שלעכטע שטימונג האָט אויך געווירקט אויף נאַפּאָלעאָנען, וואָס איז אין יאָר 1804 געוואָרן קייסער פון פראַנקרייך.

דעם אמת מוז מען מודה זיין, אַז די יידישע קעגנער זיינען נישט געווען אין גאַנצן אומגערעכט, ווען זיי האָבן זיך פאַררופן אויף דער יידן־פיינטלעכער שטימונג צווישן פאָלק. באמת, האָט אין עלזאַס געהערשט אַ שטאַרקע אומצופרידנקייט מיט יידן, ווייל עס האָבן זיך געפונען צווישן זיי אַזעלכע, וואָס האָבן זיך באַנוצט מיט דער געדריקטער קריגס־צייט און עקספּלאָטירט די נישט־יידישע איינוואוינער. די צאָל יידן אין עלזאַס איז אַלץ גרעסער געוואָרן. אין שטראַסבורג, וואו יידן האָבן פריער נישט גע־טאָרט וואוינען, איז אין יאָר 1795 שוין געווען אַזוי פיל יידן, אַז זיי האָבן שוין געקענט אויסהאלטן אַן אייגענעם רב. די יידן האָבן זיך מיט אַ גרויס אימפּעט גענומען פאַרדינען געלט. פיל פּריצים, וואָס זיינען אַנט־לאָפן פון טעראָר, האָבן אָפּגעגעבן זייערע פאַרמעגנס אין יידישע הענט פאַר דעם קלענסטן פּרייז. נאָך דעם, ווען די פּריצים האָבן זיך אומגעקערט צוריק אויף זייערע נחלאות, האָבן זיי געקענט אַרויסראַטעווען זייער גוטס נאָר מיט גרויסע שוועריקייטן. מען זאָגט, אַז אין אַ משך פון זעקס יאָר האָבן די עלזאַסער יידן געהאַט פונאַנדערגעליען העכער 21 מיליאָן מאַרק אויף געלט־משכּנות און דערביי זיך נישט געשעמט צו נעמען 75 פּראָצענט. דאָס איז שטאַרק איבערטריבן: אין דער ווירקלעכקייט האָבן יידן נישט צוגענומען די פּריצישע מאַיאָנטקעס לחלוטין, נאָר ווי משכּנות און דער ווערט פון אַלע משכּנות, וואָס האָבן זיך דאַן געפונען אין די יידישע הענט, האָט באמת אָנגעטראָפן אַ סך קלענערע סומע. דאָך איז אין די דאָזיקע באַשולדיקונגען געווען אַ געוויסע מאָס אמת.

---

מען האָט קעגן יידן אַרויסגעשטעלט נאָך אַ באַשולדיקונג: אַז דורך פאַרשידענע שווינדלען און פעלשונגען דרייען זיי זיך אַרויס פון מיליטער־דינסט, און די שטאָט־פאַרוואַלטונגען האָבן דורך ציפערן זיך באַמיט צו באַווייזן, אַז אין משך פון זעקס יאָר האָבן יידן קיין איינציקן סאָלדאַט

נישט צוגעשטעלט. די דאָזיקע ציפערן זיינען געווען זייער ווייט פון אמת און אין יאָר 1810 האָט די יידישע געמיינדע־פאַרוואַלטונג פון פאַריז אַליין צוגעשטעלט אַ רשימה פון פינף און אַכציק יידישע סאָלדאַטן, אָפיצירן און אונטער־אָפיצירן, וואָס האָבן נאָך דעמאָלט געלעבט, נישט גערעכנט די גרויסע צאָל פון יענע, וואָס זיינען געפאַלן אין די מלחמות. די יידישע שונאים האָבן דעמאָלט געמוזט מודה זיין, אַז די באַשולדיקונג איז נאָר שייך צו די דייטשע יידן און אַז די פּאָרטוגעזישע יידן, די ספרדים, דער־פילן יאָ זייער פליכט. יעדנפאַלס האָט די באַשולדיקונג, אַז יידן מיידן אויס מיליטער־דינסט, געהאַט אויף נאַפּאָלעאָנען אַ גרויסע ווירקונג און ביסלעכווייז האָט מען אים צוגעוואוינט צום געדאַנק, אַז יידן זיינען פרעמד און שעדלעך פאַרן לאַנד.

די קלעריקאַלן פון איין זייט, ווי די אַריסטאָקראַטן־רעאַקציאָנערן פון דער צווייטער זייט, האָבן אָנגעהויבן פירן אַן עפנטלעכע אַגיטאַציע קעגן יידן, און נאַפּאָלעאָנס מקורבים האָבן געראַטן דעם קייסער, אַז מען זאָל יידן אויסשליסן פון כלל גלייכבאַרעכטיקטע בירגער און אַרויסגעבן פאַר זיי ספּעציעלע אויסנאַם־געזעצן. אייניקע צייטונגען זיינען אַרויסגע־טראָטן מיט אַרטיקלען צו פאַרטיידיקן יידן, דער בישאָף גרעגואַר האָט מיט אַ זעלטענער איבערגעבנקייט און טרייִשאַפט זיך אָנגענומען פאַר די יידן. יידן אַליין האָבן אויך נישט געשוויגן און מוטיק זיך פאַרטיידיקט. דאָס אַלץ האָט אָבער נישט געהאָלפן. נאַפּאָלעאָן איז זיך געגאַנגען מיט זיין באַזונדערן וועג. ער האָט נישט געוואָלט פאָלגן די, וואָס האָבן גע־ראַטן ארויסצוטרייבן יידן פון לאַנד, ער האָט אָבער אויך נישט געהאלטן מיט די, וואָס האָבן גערעכנט די יידן פאַר מענטשן־גלייך און געדרונגען, אַז זיי פאַרדינען שוין גלייכבאַרעכטיקונג. נאַפּאָלעאָן האָט אַנדערש גע־דענקט: יידן זיינען נאָך דערווייל נישט קיין מענטשן ווי אַלע, אָבער זיי קענען ווערן מענטשן און ער, נאַפּאָלעאָן, דאַרף זיין זייער דערציער. ווי אַ דער־ציִאונגס־מיטל האָט ער אויסגעקליבן זיין באַליבטן דרך, וועלכער האָט אים געבראַכט צו פיל נצחונות, ווי אויך צו פיל מפּלות: מאַכט און גע־וואַלט. „איך וויל אָנווענדן אַלע מיטלען, אַז די יידן זאָלן זוכן זייער ירושלים אין פראַנקרייך" — האָט נאַפּאָלעאָן געזאָגט. צו דעם צוועק האָט ער אויסגעקליבן אַ גאַנצע ריי מיטלען, אָבער צווישן זיי איז דאָס הויפּט־מיטל געווען: צווינגען יעדן דריטן יידן חתונה צו האָבן מיט אַ קריסטלעכער

פרוי און יעדן דריטע יידישע טאָכטער — חתונה צו האָבן מיט אַ קריסט.

דעם 6טן מאַרץ 1806 האָט נאַפּאָלעאָן פאָרגעלייגט דעם רעגירונגס־ראָט צו באַטראַכטן אַ גאַנצע ריי אויסנאַם־געזעצן וועגן יידן. די געזעצ־געבערישע און אַדמיניסטראַטיווע אָפּטיילונגען פון רעגירונגס־ראָט האָבן זיך אַרויסגעזאָגט קעגן יעדע ספּעציעלע געזעצן פאַר יידן. דאָקעגן האָט נאַפּאָלעאָנס מקורב, גראַף מאָלע, וועלכער האָט אַליין געשטאַמט פון יידן און איז געווען אַ פאַרביטערטער יידישער שונא, פּשוט געפאָדערט, מען זאָל יידן אַרויסטרייבן פון לאַנד. די פראַגע איז איבערגעגאַנגען צו דער באַטראַכטונג פון גאַנצן רעגירונגס־ראָט און דאָ האָבן די יידישע קעגנער גובר געווען. פון דעם פּראָטאָקאָל, וואָס איז צוגעשטעלט געוואָרן נאַפּאָ־לעאָנען, האָט ער אָנגענומען די ווערטער, אין וועלכע עס ווערט געזאָגט, אַז יידן זיינען אַן אָפּגעזונדערט פאָלק דערצו נאָך אָפּגעשטאַנען און פאַר־דאָרבן. דער רעגירונגס־ראָט האָט נישט געקענט גיין קעגן דער דאָזיקער מיינונג פון מעכטיקן קייסער און דעם 30סטן מאַי איז פאַרעפענטלעכט געוואָרן אַ דעקרעט, וואָס האָט אין גאַנצן איבערראַשט די יידישע באַ־פעלקערונג.

דער דעקרעט איז באַשטאַנען פון צוויי טיילן. אין ערשטן טייל איז געזאָגט געוואָרן, אַז אַלע חובות, וואָס יידן האָבן אויף ערד־באַזיצער אין די צפון־מזרחדיקע פּראָווינצן, זאָלן נישט קענען אויפגעמאָנט ווערן פריער, ווי אין אַ יאָר אַרום. דערמיט איז מען אויסן געווען צו שיצן פון אונטער־גאַנג די פאַרשולדיקטע פּריצים, וואָס זייערע גיטער זיינען געווען פאַר־משכנט ביי יידן, און כאָטש דאָס איז געווען קעגן געזעץ, ווייל די תקנה איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אָן דער הסכמה פון דער געזעצגעבערישער קאָ־מיסיע, האָט דאָס דאָך נישט געמאַכט קיין גרויסן איינדרוק, ווייל צו אַזעלכע זאַכן איז מען ביי נאַפּאָלעאָנס הערשאַפט שוין געווען געוואוינט. פיל איבערראַשנדיקער איז אָבער געווען דער צווייטער טייל פון דעקרעט: די יידן פון פראַנקרייך, דייטשלאַנד און איטאַליע איז דורך נאַפּאָלעאָנען באַפוילן געוואָרן אויסצוקלייבן פאָרשטייער, וועלכע זאָלן צו אַ באַשטימ־טער צייט זיך צונויפקומען קיין פּאַריז און גרינדן אַ מין יידן פּאַרלאַמענט, וועלכער זאָל האָבן אַ רעליגיעזע געזעצגעבערישע קראַפט פאַר די יידן פון דער גאַנצער וועלט!

דאָס איז געווען אַן עכט־נאַפּאָלעאָנישער פּלאַן: זאָל די רעפאָרם פון

די יידן זיך אנהייבן פון די יידן אליין, זאל זי גיין און זיך אנטוויקלען אויף א נאטירלעכן אופן, אבער דאס אלץ זאל געטון ווערן לויט דעם ווילן פון מאנארך און די פארזאמלונג פון די גרעסטע יידישע פארשטייער דארף ווירקן אין דעם גייסט, וואס איז פאר נאפאלעאנען ניחא.

דעם 26סטן יולי 1806 זיינען אין פאריזער מאגיסטראט זיך צונויפ־געקומען די חשובסטע יידישע פארשטייער פון פראנצויזישן קייסערטום און איטאליענישן קעניגרייך. די חשובים, פון וועלכע די פארזאמלונג איז באשטאנען, זיינען אויסגעקליבן געווארן דורך די בידגערמייסטערס. די הוצאות, וואס עס האבן געמאכט די חשובים, האבן די יידישע קהילות געמוזט נעמען אויף זיך, אבער דאס פראגראם מיט אלע גענויעסטע פרטים איז אויסגעארבעט געווארן פון קייסער אליין, דורך זיין אינערן־מיניסטער שאמפאני, וועלכער האט געגעבן דער פארזאמלונג גענויע אינסטרוקציעס וואס צו טון, פארגעלייגט א ריי פראגן און אליין פאראויס באשטימט די תשובה, וואס די פארזאמלונג דארף געבן אויף יעדער פראגע. די ערשטע זיצונג פון יידישן פארלאמענט איז באשטימט געווארן פונקט אויף שבת, און די העכער הונדערט יידישע פארשטייער, וועלכע האבן זיך צוזאמענ־געקליבן מיט הארצקלאפנדיקער דערווארטונג און מורא, האבן שוין געהאט פאר זיך א הארבע שאלה: זאל מען צוליב דעם ווילן פון קייסער מחלל שבת זיין, אדער זיך אפזאגן? די רבנים און ארטאדאקסן פון דער פאר־זאמלונג האבן אויף קיין פאל נישט געוואלט מחלל שבת זיין; די איבע־ריקע פארשטייער, די פריידענקערישע, האבן ווידער געטענהט, אז מ׳מוז זיך אונטערגעבן דעם ווילן פון נאפאלעאנען, ווייל אנדערש וועט דאס זיין דער בעסטער באווייז, אז די יידישע רעליגיע שטערט די יידן צו זיין „גוטע בירגער" פון לאנד. מען האט צווישן די דאזיקע צוויי באזונדערע מיינונגען געפונען א פשרה: די רבנים און די פרומע זיינען געקומען אויף דער פארזאמלונג צופוס און מיט גרייטע וואל־צעטלען, וואס זיינען אנגעשריבן געווארן נאך פרייטיק; די פריידענקערישע האבן געשריבן זייערע וואל־צעטלען אויפן ארט פון דער פארזאמלונג, כדי צו באווייזן, אז די רעליגיע שטערט זיי נישט צו דערפילן זייער בירגערלעכע פליכט.

מיט גרויס ערנסט און מורא זיינען די יידישע פארשטייער צוגע־טראטן צו דער ארבעט. זיי האבן פארשטאנען די וויכטיקייט פון מאמענט, געוואוסט, אז זייער פליכט איז ריין צו וואשן זיך פאר אייראפע און בא־

ווייזן די פאַלשקייט פון די אומצייליקע בלבולים, וואָס מען האָט אויף יידן אויסגעטראַכט. ווי אַ פּאַרזיצנדער פון דער פאַרזאַמלונג איז אויס־געקליבן געוואָרן דער פּאָרטוגעזישער ייד אברהם פורטאַדאָ; באמת האָבן אָבער די זיצונגען געפירט די קייסערלעכע קאָמיסאַרן. איינער פון זיי, גראַף מאָלע, האָט געעפנט די פאַרזאַמלונג מיט אַ באַליידיקנדיקער רעדע. „די אָנקלאָגן קעגן יידן — האָט מאָלע אין זיין רעדע געזאָגט — זיינען באַוויזן דורך פאַקטן. זיין מאַיעסטעט פאַרלאַנגט, אַז איר זאָלט ווערן פראַנצויזן". דיי פאַרזאַמלונג האָט שטיל אויסגעהערט די דאָזיקע רעדע און געשוויגן. עס האָט זיך נישט געפונען קיין איינציקער פון אַלע דעלע־גאַטן, וואָס זאָל ווי געהעריק אָפּענטפערן אויף דער באַליידיקונג.

אין נאָמען פון דער רעגירונג איז פאָרגעלייגט געוואָרן דער פאַר־זאַמלונג צוועלף פראַגן, אויף וועלכע דער יידישער „פאַרלאַמענט" האָט געדאַרפט געבן שוין פאַראויס באַשטימטע תשובות. די פאָרשטייער פון דער פאַרזאַמלונג האָבן זיך נישט געעקשנט און אויף דעם רוב פראַגן גע־ענטפערט אַזוי, ווי די רעגירונג האָט פאַרלאַנגט: האָבן מער ווי איין פרוי איז אַ יידן פאַרבאָטן; אַ גט מוז באַשטעטיקט ווערן דורך דער רעגירונג; יידן און פראַנצויזן זיינען בירגער; יידן קוקן אויף פראַנקרייך, ווי אויף זייער פאָטערלאַנד, און די געזעצן פון לאַנד זיינען אויך זייערע געזעצן; די רבנים האָבן נישט קיין דעה אין דיני־ממונות; די יידישע רעליגיע פאַר־ווערט נישט צו פאַרנעמען זיך מיט מלאכה אאז"וו. נאָר אין איין פראַגע האָבן די יידישע פאָרשטייערס אַביסל זיך פאַרעקשנט און זיך דערלויבט צו זיין זעלבסטשטענדיק: אין דער פראַגע וועגן געמישטע חתונות. די דאָזיקע פראַגע איז געלייזט געוואָרן אויף אַזאַ אופן: די יידישע רעליגיע דערלויבט נישט קיין געמישטע חתונות צווישן יידן און קריסטן, אָבער די יידן, וואָס האָבן שוין חתונה געהאַט מיט קריסטן, ווערן פונדעסטוועגן גערעכנט פאַר יידן. אויף אַזאַ אופן האָבן די יידישע פאָרשטייער כמעט פולשטענדיק נאָכגעגעבן אַלע פאָדערונגען פון דער רעגירונג און דערביי נאָך אַזוי ווייט זיך באַמיט אַרויסצעווייזן זייער באַגייסטערונג פאַרן קיי־סער און זייער טרייע איבערגעבנקייט דער מלוכה, אַז די התלהבות און איבערגעטריבענע לויב־לידער פון אייניקע פאָרשטייער לכבוד דעם קייסער האָבן דערגרייכט צו דער מדרגה פון חניפה. די פאַרזאַמלונג האָט זיך

אַלזאָ פולקאָם איינגעגעבן און די רעגירונג האָט געקענט זיין העכסט צו־פרידן. נאַפּאָלעאָן איז אָבער געגאַנגען ווייטער.

נאַפּאָלעאָן האָט געוואָלט, אַז די דערקלערונגען פון דער יידישער פאַרזאַמלונג זאָלן ווערן אַ געזעץ פאַר אַלע יידן פון זיין מדינה; ער האָט געוואָלט, אַז די באַשלוסן פון דער פאַרזאַמלונג זאָלן אָננעמען אַ כאַראַקטער פון אַ רעליגיעזער געזעצגעבונג, און כדי דאָס אויסצופירן, האָט ער זיך באַשלאָסן אויף אַ פּלאַן, וואָס האָט איבערראַשט און איינגעבראַכט אין גרויסער התלהבות די יידן פון גאַנץ אייראָפּע. ער האָט געהייסן צונויפרופן אַ „סנהדרין״, וואָס איז שוין זינט צוויי טויזנט יאָר בטל געוועזן. נאַפּאָלעאָן האָט דאָ געוואָלט מאַכן פון דער יידישער רעליגיע אַ פּאָליטיש מיטל צו זיינע אייגענע צוועקן און דער גאַנצער סנהדרין איז אים נייטיק געווען נאָר דערויף, אַז די באַשלוסן פון דער חשובים־פאַרזאַמלונג זאָלן דורכגעפירט ווערן אין לעבן. אָבער מען מוז מודה זיין, אַז די אויסערלעכע פאָרעם דערפון איז געווען אַ גרויסאַרטיקע און אַ גלענצנדיקע. די שטענדיק־פאַראַכטע און גערודפטע יידן האָבן מיט אַמאָל דערשפּירט זיך פאַר אַ קראַפט, זיך דערמאָנט אין די אַלטע גוטע צייטן, ווען זיי זיינען געווען אַ שטאַרק שטאָלץ פאָלק, און דאָס באַוואוסטזיין, אַז נאַפּאָלעאָן דער גרויסער קייסער און וועלט־הערשער, מאַכט פון זיי אַזאַ וועזן, האָט ביי יידן געמוזט גערעכנט ווערן פאַר אַ גרויסער זכיה. עס איז קיין וואונדער נישט, ווען דאָס וואָרט „סנהדרין״ האָט ביי יידן אַרויסגערופן אַזאַ שמחה. דעם 17טן סעפּטעמבער האָט מאָלע אין אַ פייערלעכער רעדע איבערגעגעבן די „חשובים״ דעם באַשלוס פון קייסער, און די פאַרזאַמלונג האָט זיך אָנגעכאַפּט אין דעם פּלאַן וועגן אַ סנהדרין מיט דער גרעסטער התלהבות. פון גרויס ענטוזיאַזם האָט מען איבערגעכאַפּט די מאָס און לויט דעם פאָרשלאָג פון איינעם פון די „חשובים״ האָט די פאַרזאַמלונג זיך באַשלאָסן אויף אַן עובדא פון נידעריקער קנעכטשאַפט: זי האָט געשיקט אַ דאַנק די קאַטוילישע גלחים פאַר דעם חסד, וואָס די קירך האָט געטון מיט די יידן. מיט דער דאָזיקער נידעריקער חנופה האָט די פאַרזאַמלונג די יידישע קעגנער, נאַטירלעך, נישט געמאַכט ווייכער, קיין נייע פריינד פאַר זיך נישט געוואונען און דערביי גאָר פאַרגעסן, אַז די קאַטוילישע אָרגאַניזאַציע איז שטענדיק די פאַרביטערטסטע פיינדן פון יידן.

פון דער „חשובים״־פאַרזאַמלונג זיינען אין סנהדרין אויסגעקליבן גע־

וואָרן פופצן רבנים און זעקס און צוואַנציק בעלי־בתים, און צו זיי האָט מען צוגעגעבן נאָך דרייסיק אַנדערע רבנים. דעם זעקסטן אָקטאָבער האָט די פאַרזאַמלונג זיך געווענדעט צו אַלע יידן מיט אַן אויפרוף, וואָס איז געווען געשריבן אין פיר שפּראַכן: העברעיש, פראַנצויזיש, דייטש, איטאַ־ליעניש. דער „פּאַרלאַמענט" האָט זיך געווענדעט צו אַלע יידן, אַז זיי זאָלן אויסקלייבן און שיקן דעלעגאַטן אין סנהדרין, און דער פייערדיקער אויפ־רוף האָט זיך אָנגעהויבן מיט די ווערטער: „אונדז שטייט פאָר אַ גרויסע זאַך. דאָס, וואָס אונדזערע עלטערן האָבן נישט געזען שוין הונדערטער יאָרן, וואָס מיר האָבן נישט געקענט האָפן צו זען אין אונדזער צייט, וועט איצט פאָרקומען פאַר דער גאַנצער וועלט און אַלע וועלן זען און דער־שטוינט ווערן".

דעם נייִנטן פעברואַר 1807 איז דער סנהדרין זיך צונויפגעקומען. ער איז באַשטאַנען, פּונקט ווי דער אַמאָליקער סנהדרין מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק, פון 71 מיטגלידער, איין נשיא און צוויי וויצע־פּאָרזיצנדיקע, איי־נער אַן „אב בית־דין", דער צווייטער אַ „חכם". דער גרויסער נאַפּאָלעאָן, וועלכער האָט אַלץ געהאַט אין אויג, האָט אין מיטן פון זיינע שווערע מלחמות, וואָס ער האָט דאַן געפירט, זיך גרינגטלעך פאַרנומען אויך מיט דעם סנהדרין. די רייזע־קאָסטן און אַלע הוצאות פאַר די מיטגלידער פון סנהדרין זיינען גענומען געוואָרן פון דער רעגירונגס־קאָסע. די אונטער־האַנדלונגען זיינען געפירט געוואָרן מיט דער גרעסטער שנעלקייט, אונ־טער דער השגחה פון אינערן־מיניסטער שאַמפּאַני. דעם נייִנטן מאַרץ, בעת דער אַכטער זיצונג, איז אַלץ שוין געווען פאַרטיק. דעם סנהדרין האָט מען פאָרגעלייגט די אַלע צוועלף שאלות, וואָס מען האָט פאָרגעלייגט דער חשובים־פאַרזאַמלונג, אָבער דערביי האָט מען פון סנהדרין געפאָדערט, אַז ער זאָל אויך מסכים זיין אויף דעם פּונקט, קעגן וועלכן עס האָט זיך אַרויסגעזאָגט די פאַרזאַמלונג, ד"ה אויף דעם פּונקט וועגן געמישטע חתונות. מען האָט דערביי אויך געגעבן אָנצוהערעניש, אַז אויב מען וועט נישט אָננעמען די באַשלוסן לויט דעם פאַרלאַנג פון קייסער, וועלן אַלע יידן אַרויסגעטריבן ווערן פון פראַנקרייך, דייטשלאַנד און איטאַליע. דער סנהדרין האָט אין אַ פייערלעכן טאָן און געשווינד איבערגעחזרט, אין אַ פאָרעם פון רעליגיעזע מצוות, אַלע תשובות פון די חשובים, אָבער בנוגע

צו די געמישטע חתונות האָט ער אויך נישט געוואָלט נאָכגעבן נאַפּאָלע־אָנס ווילן.

דער סנהדרין איז באַלד נאָך דעם פאַרשוואונדן געוואָרן און אויף דער סצענע איז ווידער אַרויסגעטראָטן די חשובים־פאַרזאַמלונג. דעם זעקסטן אַפּריל 1807 איז אויך די פאַרזאַמלונג, נאָך אַן עקזיסטענץ פון אַכט און אַ האַלבן חדשים, געוואָרן פונאַנדערגעלאָזט. נאָר פאַר דער צייט האָט דערווייל די פאַרזאַמלונג באַוויזן אָפּצוטון נאָך אַן אַקט פון הכנעה און שפלות: לויט דער פאָדערונג פון דער רעגירונג האָט די פאַרזאַמלונג — אמת, מיט גרויס מי — מסכים געווען אַרויסצוזאָגן איר וואונטש פאַרן קייסער, אָנצונעמען מיטלען, „אַז דער שאַכער־האַנדל און דער וואוכער פון אייניקע יידן זאָל מעהר נישט אַרויסרופן קיין אומרו און אומאָרדענונג". די דאָזיקע ביטע פון יידן אַליין, וועלכע מען האָט פון דער פאַרזאַמלונג מיט געוואַלט ארויסגעשלעפּט, איז נאַפּאָלעאָנען בייטיק געווען ווי אַ הכשר אויף די אויסנאַם־געזעצן קעגן יידן, וועלכע ער האָט שוין געהאט ביי זיך באַשלאָסן און וועלכע ער האָט טאַקע באַלד נאָך דעם אַרויסגעגעבן.

דערווייל האָט נאַפּאָלעאָן געלאָזט דורכפירן אין לעבן אַלע פּראַק־טישע פאָרשלאגן, וואָס די חשובים־פאַרזאַמלונג האָט פאָרגעלייגט. דעם 17טן מאַרץ 1808 האָט ער באַפוילן, אַז דער יידישער קולט (גאָט־דינסט און די גאַנצע הנהגה פון די קהילות) זאָל שטיין אונטערן שוץ פון געזעץ. כדי צו פאַרוואַלטן מיט די סינאַגאָגעס, אַכטיק געבן אויף די קולט־באַאַמ־טע און אַלע כלי־קודש האָט מען פאַר די 77.162 יידן אין גאַנץ פראַנקרייך געגרינדעט 13 קאָנסיסטאָריעס מיט איין צענטראַל־קאָנסיסטאָריע אין פּאַ־ריז. יעדע קאָנסיסטאָריע איז באַשטאַנען פון אַ ראַבינער און דריי בעלי־בתים. די ראַבינער זיינען גערעכנט געוואָרן פאַר באַאַמטע, ווי אַנדערע גייסטלעכע, און האָבן באַקומען אַ באַשטימטע פּענסיע. אָבער נישט פון דער רעגירונג, נאָר פון די יידן גופא. אויף אַזאַ אופן איז די יידישע רע־ליגיעזע טעטיקייט צום ערשטן מאָל אנערקענט געוואָרן פון דער מלוכה צו גלייך מיט אַלע איבעריקע קירכעס און רעליגיעס; די הנהגה פון די קהילות האָט באַקומען אַ שטאַרקע אָרגאַניזאַציע און פאַר דער אויסערלע־כער וועלט איז דאָס יידנטום מיט אַמאָל געוואָרן אַ קלאָרע אָפענע זאַך, אָן אַ שום זכר פון דער כלומרשטער טונקלקייט, אין וועלכער מען האָט געהאלטן די יידישע רעליגיע אין משך פון הונדערטער יאָרן.

אָבער גלייכצייטיק דערמיט האָט נאַפּאָלעאָן אויך אַרויסגעגעבן אַ שענדלעכן דעקרעט, דורך וועלכן דער גרעסטער טייל פון די פראַנצויזישע יידן איז אויף אַ צייט אויסגעשלאָסן געוואָרן פון די אַלגעמיינע געזעצן. לויט דעם דעקרעט זיינען די יידן פון די צפון־מזרח פּראָווינצן אונטערגע־וואָרפן געוואָרן אונטער באַזונדערע באַגרענעצונגען אין זייער וואוינרעכט. יידישע קאַפּיטאַליסטן, וואָס האָבן געהאַט וועקסלען אויף קריסטן, האָבן געמוזט אויסשטיין פיל שוועריקייטן ביים אויפמאָנען זייערע חובות. אַ ייד האָט אַנדערש נישט געטאָרט האַנדלען, סיידן דער בירגערמייסטער פון זיין שטאָט האָט וועגן אים פריער חוקר ודורש געווען און דערנאָך אַרויס־געגעבן אַ פּאַטענט. דער דעקרעט איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אויף צען יאָר, אָבער דערביי איז בפירוש אויסגערעדט געוואָרן, אַז נאָך די צען יאָר קען דער דעקרעט באַנייט ווערן, אויב עס וועט זיך אַרויסווייזן, אַז די יידישע אויפפירונג איז נישט געוואָרן בעסער.

די דאָזיקע אַלע גזירות און נייע געזעצן זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך אַן איינפאַכן באַפעל פון קייסער, אָן דעם הסכם פון דער געזעצגע־בערישער פאַרוואַלטונג. דאָס איז געווען קעגן דעם יסוד פון האַנדלס־פרייהייט און אויך קעגן דער קאָנסטיטוציע, וועלכע נאַפּאָלעאָן אַליין האָט געגעבן. מען דאַרף אָבער נישט פאַרגעסן, אַז אַזעלכע זאַכן האָבן זיך ביי נאַפּאָלעאָנען געטראָפן גאַנץ אָפט: ער איז געווען דער מענטש, וואָס האָט געגלייבט, אַז ער שטייט העכער פון יעדן געזעץ און יעדער אָרדענונג. דעם דאָזיקן דעקרעט קעגן יידן האָט נאַפּאָלעאָן געהאַט שוין צוגעגרייט נאָך מיט צוויי יאָר צוריק, פונקט אין דער צייט, ווען ער האָט צונויפגערופן די חשובים־פאַרזאַמלונג און זי געלאָזט גלייבן, אַז ער, נאַפּאָלעאָן, איז גע־רופן צו באַנייען און צוריקשטעלן דעם שטאָלץ פון יידישן פאָלק. דער דע־מאָלטיקער מיניסטער פון אינערן האָט זיך אַרויסגעזאָגט קעגן יעדן אויס־נאַם־געזעץ בנוגע צו יידן, דערקלערט, אַז דאָס איז אַן אומרעכט און אַן עולה. אויך דער רעגירונגס־ראָט האָט אַ לאַנגע צייט זיך אָפּגעזאָגט צו באַשטעטיקן דעם דעקרעט קעגן יידן, נאָר נאַפּאָלעאָן האָט דאָס געטון אויף זיין אייגענער אחריות.

זעקס חדשים נאָך דעם דעקרעט האָט דער דעמאָלטיקער מיניסטער פון אינערן, גראַף גרעטע, מודיע געווען נאַפּאָלעאָנען:

„די 2548 יידן, וואָס וואוינען אין פּאַריז, האָבן קיין מאָל נישט פאַר

און נישט בשעת דער רעוואָלוציע, געגעבן קיין שום גרונט, מען זאָל זיך אויף זיי קענען באַקלאָגן. זיי האָבן קיין מאָל נישט געהערט צו די וואוכע־רער, שווינדלער, שפּעקולאַנטן און אויפקויפערס, פאַרקערט, זיי זיינען ער־לעכע און נוצלעכע בירגער, וואָס גיבן פיל אַרבעט און פאַרדינסט פאַר פיל קריסטן. זיי באַשעפטיקן זיך מיט וויסנשאַפט און קונסט; פון זיי קומען אַרויס אויך דאָקטוירים און מעדיצין־געלערטע. זיי זיינען גוטע פּאַטריאָטן, מער ווי 150 פון זיי, ד"ה פולע זעקס פּראָצענט, דינען אין מיליטער".

מיט אַ צייט שפּעטער, אין יאָר 1811, האָט דער נייער אינערן־מי־ניסטער, מאָנטאַליוועט, מודיע געווען דעם קייסער, אַז עס לאָזט זיך באַ־מערקן אַן אויסבעסערונג פון אַלע פראַנצויזישע יידן: וואוכער איז ווינ־ציקער געוואָרן; די יידן פאַרנעמען זיך מיט נוצלעכע באַשעפטיקונגען און פאַרדינען „די פאַטערלעכע גנאָד פון זיין מאַיעסטעט". פון פאַרשידענע דעפּאַרטאַמענטן און פּראָווינצן קומען־אָן די בעסטע מיינונגען וועגן יידן און נאַפּאָלעאָן הויבט־אָן ביסלעכווייז אָפּשאַפן דעם דעקרעט קעגן זיי. בנוגע צו 22 ווייטע פּראָווינצן איז ער אין גאַנצן מבטל דעם דעקרעט, ווייל דאָרט האָבן די יידן זיך „גוט אויפגעפירט" און פאַרדינען ערלעך צו זיין גלייך מיט די איבעריקע בירגער. בנוגע צו די איבעריקע פּראָווינצן האָט ער דער־לויבט דעם אינערן־מיניסטער צו באַפרייען איינצלנע שטעט פון דעקרעט. לויט זיין אייגענעם איינזען. אין מאַרץ 1818 איז דער שענדלעכער דעק־רעט פאַרשוואונדן געוואָרן לחלוטין און אויף שטענדיק.

די נאַפּאָלעאָנישע הערשאַפט האָט אויף אַזאַ אופן געבראַכט פאַר יידן לפי שעה געוויסע גזירות, אָבער עס וואָלט געווען אַן אומרעכט צו פאַרגעסן אויך די טובות, וואָס ער האָט געטון יידן. די חשובים־פאַר־זאַמלונג און דער סנהדרין האָבן געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף די יידן פון פראַנקרייך און אויך פון דער גאַנצער וועלט. דאָס ערשטע מאָל האָבן יידן דערלעבט צו אַזאַ כבוד און שעצונג פון אַ קריסטלעכן קייסער, און דאָס האָט אויפגעהויבן דעם יידישן זעלבסט־געפיל. די רעליגיעזע און מאָראַלע תקנות פון סנהדרין האָבן געמאַכט אַ גרויסן איינדרוק אין גאַנץ פראַנקרייך און אגב טאַקע אַביסל אויסגעבעסערט געוויסע יידישע חסרו־נות. און כאָטש דער סנהדרין אַליין האָט אַרויסגעוויזן גענוג הכנעה און שפלות, האָט ער דאָך געהאַט אין זיך דעם כוח פון אַ פאַרטרעטונג און אנשטאָט דער גלייכגילטיקייט און דערשלאָגנקייט, וואָס האָבן ביז אהער

געהערשט צווישן די יידן אין מערב־אייראָפּע, האָט מען איצט אָנגעהויבן באַמערקן אַ לעבעדיקייט, אַ פרישקייט און אַ אינערלעכע באַוועגונג.

---

פון פראַנקרייך איז די יידישע גלייכבארעכטיקונג אריבערגעגאַנ־גען אויך אין אַנדערע לענדער און כמעט אומעטום, וואו עס האָט גע־הערשט נאַפּאָלעאָנס גייסט, האָבן יידן עפּעס געוואונען דערפון. אין באָן אין דער טאָג פון דער באַפרייאונג פון יידן געקומען מיט אויסער־לעכן גלאַנץ און התלהבות. אין סעפּטעמבער 1797 זיינען די אָנהענגער פון דער נייער אָרדענונג מיט אַ פייערלעכער פּראָצעסיע אריין אין יידן־קוואַרטאַל. סטאָליאַרעס מיט העק אין די הענט האָבן גענומען ברעכן דעם שענדלעכן געטאָ־מויער, און די יידן, וואָס האָבן דאָרט געוואוינט, זיינען געשטאַנען אָנגעטון אין די יום־טוב־קליידער און מיט פרייד־געשרייען באַגלייט די קלעפּ פון די האַמערס, וואָס האָבן צעבראָכן די גלות־ווענט. דער טויער איז ענדלעך איינגעפאַלן און די פּראָצעסיע איז אריינגעקומען אין גאָס. מען איז איינער דעם אַנדערן געפאַלן אויפן האַלדז, געדריקט די הענט, זיך געקושט און זיך אָפּגעגעבן מזל טוב: אַלע באַגרענעצונגען, וואָס האָבן עקזיסטירט קעגן יידן, זיינען בטל געוואָרן!

אין מיינץ האָט דער קורפירשט קאַרל יאָזעף פאָן ערטהאַל געגעבן די יידן געוויסע הנחות און שטאַרק געזאָרגט פאַר דער דערציאונג פון די יידישע קינדער. אָבער אפשר טאָקע דערפאַר האָבן יידן זיך באַצויגן מיט אומצוטרוי צו די זאָרגן פון קורפירשט און נישט געוואָלט איינגיין אויף דעם פאָרשלאַג צו שיקן זייערע קינדער אין די עפנטלעכע שולן. בכלל האָבן די דאָזיקע יידן די ערשטע צייט מיט אומצופרידנקייט גע־קוקט אויף דעם פראַנצויזישן נצחון. מיט דער צייט אָבער האָבן יידן זיך צוגעוואוינט צו די נייע באַדינגונגען, אָנגענומען גערן די רעפאָרמעס, וואָס די פראַנצויזן האָבן איינגעפירט, און דער נייער יידישער דור האָט שוין ענערגיש זיך באַטייליקט אין דער אינדוסטריעלער און גייסטיקער טעטיקייט פון די פראַנצויזן.

ביסלעכווייז זיינען געפאַלן די טויערן פון געטאָ אויך אין מעץ און אין דעם „הייליקן קעלן", אָבער מער ווי אומעטום האָבן יידן אויסגע־שפּילט אין דעם נייעם קעניגרייך וועסטפאַלן. דאָס דאָזיקע קעניגרייך, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין נאָוועמבער 1807, איז באַשטאַנען פון

עטלעכע טיילן. צו וועסטפאַלן האָבן געהערט טיילן פון פּרייסן, ברוינ־שווייג, קורהעסן, דער גרעסטער טייל פון האַנאָווער און אַנדערע קליינע מדינות. ווי אַ הערשער פון דער מלוכה האָט נאַפּאָלעאָן באַשטימט זיין יונגסטן ברודער זשעראָם, וועלכער איז געווען אַ לייכטזיניקער, גוטהאַר־ציקער און פרײַדענקרישער יונגערמאַן און האָט יידן באַוואָרנט דורך אַ דע־קרעט, אין וועלכן עס איז בפירוש געזאָגט געוואָרן: „די יידן זאָלן גע־ניסן דיזעלביקע רעכט און פרייהייטן, וואָס אַלע איבעריקע אונטערטאַ־נער". מיט אַמאָל האָבן יידן פריי אָפּגעאָטעמט נאָך דעם לאַנג־יעריקן דרוק און אין פיל לויב־לידער ווערט דער הערשער פון וועסטפאַלן באַ־זונגען און געבענטשט.

יידן האָבן פאַרשטאַנען ווי אַזוי אויסצונוצן די גינסטיקע לאַגע און באַלד אָנגעהויבן זיך צו אָרגאַניזירן. דערביי האָט אַ גרויסע ראָלע גע־שפּילט ישראל יאַקאָבסאָן (1768 - 1828).

אַ זון פון אַ רייכע און וואוילטעטיקע יידן, איז יאַקאָבסאָן, ווי אַלע יידישע קינדער פון זיין דור, דערצויגן געוואָרן אויף תלמוד און פּסוקים. שפּעטער האָט ער אָבער אָנגעהויבן זיך צו אינטערעסירן מיט דער השכלה און די אידעאַלן פון מענדעלסאָנס עפּאָכע איז ער זיין גאַנץ לעבן גע־בליבן געטריי. אַ דאַנק זיינע קענטעניש און האַנדלס־ פעאיקייטן האָט דער הערצאָג פון ברוינשווייג אים געמאַכט פאַר זיין פאַרטרויטן קאַמער־אַגענט. אויף דעם הערצאָג קוקנדיק האָבן אויך אַנדערע פירשטן איבער־געגעבן יאַקאָבסאָנען צו פירן זייערע פינאַנץ־געשעפטן און זיין גאַנצן איינפלוס אין די הויכע ספערן האָט יאַקאָבסאָן אויסגענוצט לטובת זיינע ברידער, ווען ער איז געווען איבערגעגעבן מיטן גאַנצן האַרצן. ער האָט זיך אָבער אויך גענומען צו „רעפאָרמען" אין יידנטום גופא. אין זעזען האָט ער געגרינדעט אַ האַנדווערקער־שול פאַר יידישע קינדער, וואוהין מען האָט אָנגענומען אויך קריסטן, און דער מיין דערפון איז גע־ווען איינצופירן קעגנזייטיקע טאָלעראַנץ און התקרבות צווישן יידן און קריסטן. יאַקאָבסאָן האָט אויך אויסגעבויט אַ יידישן טעמפּל און האָט דאָרט צום ערשטן מאָל געדרשנט אויף דער דייטשער שפּראַך. דערביי האָט ער איינגעפירט גרויסע נייעסן: דייטשן געזאַנג אין שול מיט דער באַגלייטונג פון אַן אָרגאַן. ביי יידן האָט ער מיט די רעפאָרמען זייער ווינציק אויסגענומען, אָבער דערפאַר איז דאָס זייער געפעלן די קריסטן:

די ברוינשווייגער אוניווערזיטעט האָט אים געשענקט דעם טיטל ערן־דאָקטאָר, דער קעניג זשעראָם פלעגט אים זייער פריינטלעך אויפנעמען און אין גיכן האָט ער אים אפילו באַשטימט פאַר זיין וועסטפאַלישן פי־נאַנץ־אַגענט. ער איז געווען אַ מענטש, וואָס האָט ליב געהאַט כבוד, און זיינע „רעפאָרמען" אין יידנטום זיינען געווען נישט ווייטזיכטיק, נאַאיוו און אפילו שעדלעך. מען מוז אָבער מודה זיין, אַז ער איז אויסן געווען די טובה פון יידן און זייערע אינטערעסן זיינען אים געווען זייער טייער. פון די 30 טויזנט טאַלער, וואָס ער האָט פאַרדינט אַ יאָר, פלעגט ער פאַרלעבן פאַר זיך נאָר 4 טויזנט און דאָס איבעריקע אָפּגעבן פאַר וואויל־טעטיקע צוועקן.

אין גיכן האָט דער יונגער וועסטפאַלישער מאָנאַרך באַשטימט יאַ־קאָבסאָנען ווי אַ פאַרמיטלער צווישן אים און די 19 טויזנט יידן פון וועסטפאַלן. לויט יאַקאָבסאָנס איניציאַטיוו איז צונויפגערופן געוואָרן אַ קאָמיסיע פון יידישע פאָרשטייער פון אַלע דעפּאַרטאַמענטן, כדי צו באַ־טראַכטן די פראַגע וועגן שאַפן אַ יידישע אָרגאַניזאַציע. פאָרזיצער פון דער קאָמיסיע איז געווען יאַקאָבסאָן אַליין און ער איז אויך געווען דער שטענדיקער פאַרמיטלער צווישן דער קאָמיסיע און דער רעגירונג. לויט דעם פאָרשלאַג פון דער קאָמיסיע האָט דער קעניג אין יאָר 1808 אַרויס־געגעבן אַ דעקרעט וועגן שאַפן אַ יידישע קאָנסיסטאָריע, יידישע געמיינ־דעס און פאָרשטייער, וועלכע האָבן באַקומען די זעלבע מאַכט, ווי אַלע אַנדערע באַאַמטע. פּרעזידענט פון קאָנסיסטאָריע איז נאַטירלעך ווידער געווען יאַקאָבסאָן אַליין און כדי נושא חן צו זיין ביים קעניג, האָט ער פאַרן קולט־מיניסטער אין די אויגן געגעבן אַ שבועה טריי צו דינען דעם מאָנאַרך. אַזאַ שבועה האָט ער אויך אַרויסבאַקומען ביי זיינע חברים און יאַקאָבסאָן האָט זיך געשאַפן אַ ספּעציעלן אַמט־קאָסטיום: אַ שוואַרצן מאַנטל געשטיקט מיט זילבער און אויפן האַלדז אָנגעהאָנגען די עשרת הדברות. די קאָנסיסטאָריע האָט געעפנט אַ לערער־ און ראַבינער־סע־מינאַר, שולן פאַר קינדער און דערביי אויך איינגעפירט אַ סך נייעסן אין רעליגיעזן לעבן. אַזוי, למשל, זיינען די תפילות, חתונות און בר־מצוות איינגעאָרדנט געוואָרן מיט גרויסע צערעמאָניעס. טיילווייז איז דערביי אָנגעווענדעט געוואָרן די דייטשע שפּראַך, און דאָס רוב יידן זיי־נען זייער נישט צופרידן געווען מיט די דאָזיקע רעפאָרמען, וועלכע מען

האָט זיי מיט געוואָלט אָנגעהאַנגען. קעגן יענע פרומע קהילות, וואָס האָבן נישט געוואָלט אָננעמען די נייע „רעפאָרמען", האָט די קאָנסיסטאָריע, וואָס איז אויסגעהאַלטן געוואָרן פון יידיש געלט, אָנגענומען פּאָליציי־אישע מיטלען, און דאָס האָט נאַטירלעך נאָך מער באַליידיקט דעם רעלי־גיעזן געפיל פון די פרומע יידן.

אין יאָר 1808 האָט נאַפּאָלעאָן געשאַפן דאָס גרויס־הערצאָגטום בערג, וואָס איז באַשטאַנען פון עטלעכע טיילן: אַ טייל האָט ער אָפּגע־ריסן פון וועסטפאַלן, אַ טייל פון העסען־נאַסאַאו אדג"ל. פריער האָט ער דאָרט באַשטימט פאַר אַ קעניג זיין שוואָגער מוראַט. שפּעטער, ווען דער שוואָגער איז געוואָרן קעניג אין נעאַפּאָל, איז אין הערצאָגטום באַשטימט געוואָרן ווי אַ קעניג נאַפּאָלעאָנס שוועסטער־קינד נאַפּאָלעאָן־לואי. אַזוי ווי דער לעצטער איז נאָך נישט געווען מינדיק, האָט מען אים באַשטימט פאַר אַ רעגענט דעם וועסטפאַלער פינאַנץ־מיניסטער בענאָ. אין וועסטפאַלן האָט בענאָ דערוואָרבן די ליבע און אַכטונג פון די דאָרטיקע יידן און אויך אין הערצאָגטום האָט ער זיך באַלד גענומען אָפּשאַפן אַלע באַגרענעצונגען און אויסנאַמס־געזעצן קעגן יידן. יידן האָבן אויך דאָ באַקומען גלייכע רעכט און הגם די פרומע האָבן מורא געהאַט, אַז די פרייהייט זאָל נישט שאַדן דעם יידנטום, און אָנגעווענדעט אַלע מיטלען צו שטערן דער באַפרייאונג, האָט דאָס נישט געהאָלפן און די יידישע גלייכבאַרעכטיקונג איז גזעצלעך אנערקענט געוואָרן.

אַ סך ערגער ווי אין אַנדערע דייטשע מדינות, וואָס זיינען איבער־געגאַנגען אין נאַפּאָלעאָנס רשות, איז יידן צוגעגאַנגען אין גרויס־הערצאָג־טום פראַנקפורט. די בערך זעקס טויזנט יידן אין נייעם גרויס־הערצאָגטום האָבן דאָ שוין געוואוינט פון לאַנגע צייטן אָן אין זייער באַזונדער ענגן געטאָ, און די אַרומיקע באַפעלקערונג איז שוין געווען געוואוינט פון אַלטע יאָרן צו קוקן אויף יידן, ווי אויף נידעריקע באַשעפענישן, און מאַכן זיי צו שאַנד און שפּאָט. קיין ערד האָבן די יידן נישט געטאָרט קויפן. אין זייער וואוינרעכט זיינען זיי געווען שטאַרק באַגרענעצט, פּונקט ווי אין זייערע באַשעפטיקונגען; אויף דער גאַס האָבן זיי געמוזט טראָגן ספּעציעלע קליידער; די עפנטלעכע שפּאַציר־ערטער, קאַפעס און רעסטאָראַנען זיינען פאַר זיי געווען געשלאָסן, און אין דער צייט, ווען צווישן די פראַנקפורטער יידן זיינען שוין אויסגעוואַקסן אַ גאַנצע ריי אויפגעקלערטע און אָנגע־

זעענע פאַמיליעס, וואָס האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער דייטשער קולטור, האָט נאָך דער מינדעסטער גאָסן־יונג געקענט אָפּשפּעטן און באַוואַרפן מיט שטיינער יעדן יידן. ווי אַ הערשער פון פראַנקפורטער הערצאָגטום האָט נאַפּאָלעאָן באַשטימט דעם דייטשן קורפירשט קאַרל טעאָדאָר פאָן דאַלבערג, זייער אַ ליבער און געבילדעטער מענטש, אָבער אָן פעסטע פרינציפּן און מיט אַ שוואַכן כאַראַקטער. דאַלבערג אַליין איז געווען גענייגט צו געבן יידן גלייכבאַרעכטיקונג און אַביסל פאַרלייכטערט זייער לאַגע, אָבער קעגן אים איז געווען די קריסטלעכע באַפעלקערונג, וועלכע האָט מורא געהאַט צו שענקען יידן פרייהייט. די פראַנקפורטער יידן האָבן מוטיק געקעמפט פאַר זייער פרייהייט און פאַר זיי האָט אויך זיך שטאַרק משתדל געווען ישראל יאַקאָבסאָן, וועלכער האָט זיך געווענדעט מיט אַ מעמאָריאַל צום פירשט און אים אָנגעוויזן אויף די איבעריקע אויפגעקלערט פירשטן פון יענער צייט, וואָס האָבן יידן שוין לאַנג געגעבן פרייהייט. באַלד האָבן אָבער די יידישע קעגנער אָנגעהויבן פירן אַ שטאַרקע יידנפיינטלעכע אַגיטאַציע, וועלכע האָט זייער אויסגענומען אפילו ביים גרויסן געטע. סוף כל סוף האָבן אָבער די יידן אויסגעפירט. דאַלבערג האָט פאַרלאַנגט פאַר דער יידישער גלייכבאַרעכטיקונג, אַז יידן זאָלן אַריינטראָגן אין דער רעגירונגס־קאַסע צוואַנציק מאָל אַזוי פיל, וויפיל עס באַטרעפט זייער יערלעכע שוץ־געלט. אויף פראַנקפורט אַליין האָט דאָס אויסגעמאַכט 440,000 גולדן. אין פאַרשידענע ערטער האָבן יידן אָנגעהויבן נאָכגעבן די פאָדערונג און ווי נאָר זיי האָבן באַצאָלט די סומע, האָבן זיי גלייך באַקומען אַלע בירגערלעכע רעכטן.

דער ערשטער פון די דייטשע פירשטן, וואָס האָט געגעבן יידן אַ ביסל פרייהייט לויט זיין אייגענעם ווילן, איז געווען קאַרל פרידריך דער הערצאָג פון באָדן. צוליב דער נאָענטקייט צו פראַנקרייך און די האָנדלס־באַציאונגען מיט איר איז מען אין באָדן געווען צוגעוואוינט צו קוקן אויף יידן, ווי אויף בירגער, און דאָ איז די געזעלשאַפטלעכע מיינונג דעריבער געווען גענייגט לטובת יידן. דער שטענדיקער יידישער מליץ־יושר איז געווען דער גראַף ווענצעל פאָן שטערנוי. אים האָט דער פירשט אין יאָר 1809 באַפוילן אויסצואַרבעטן ספּעציעלע כללים וועגן יידישער זעלבסטפאַרוואַלטונג. ער האָט געגעבן פולקאָמע גלייכבאַרעכטיקונג די יידן, וואָס האָבן זיך באַשעפטיקט מיט קונסט, וויסנשאַפט און האָנדל.

דערפון זיינען אָבער געווען אויסגעשלאָסן די יידישע פּראַצענטניקעס, פּי־מעקלער, הויזירער און קליינע הענדלער, וואָס האָבן געמעגט וואוינען נאָר אין די שטעט און דאָס נאָר מיט אַ באַזונדער דערלויבעניש פון דער אָרומיקער באַפעלקערונג. אויך די אָרגאַניזאַציע פון די יידישע קהילות איז געווען איינגעאָרדנט אַזוי, אַז די הנהגה איז פּאַקטיש געלעגן אינ־גאַנצן אין די הענט פון דעם הערשער מיט זיינע באַפולמעכטיקטע. דער־מיט איז מען נאַטירלעך אויסן געווען נאָר די יידישע „טובה", אָבער כאַראַקטעריסטיש איז דאָ, וואָס די דייטשע פירשטן האָבן זיך אַלץ נישט געקענט אָפּזאָגן פונעם געדאַנק, אַז יידן דאַרף מען „דערציען" און אפילו זיי באַגליקן קעגן זייער ווילן. די יידישע רעליגיע האָט דער פירשט צו־געזאָגט צו אַכטן, „אָבער נאָר לויט תורה־משה און נישט לויט די פּירוּ־שים פון תלמוד".

אויך די דריי האַפן־שטעט (האַמבורג, לובעק און ברעמען), וואָס זיינען געווען אומאָפּהענגיקע רעפּובליקן, זיינען געווען געצוואונגען צו געבן יידן גלייכבאַרעכטיקונג, לויט דער פאָדערונג פון פראַנצויזישן מי־ליטער. האַמבורג האָט באַלד נאָכגעגעבן די פאָדערונג צו געבן יידן גלייכע רעכט אַלע בירגער, צווישן זיי אויך יידן, און די יידן האָבן שפּעטער באַוויזן, אַז זיי האָבן דאָס ערלעך פאַרדינט. ווען דאָס פראַנצויזישע מי־ליטער איז אַוועק פון האַמבורג, האָט דער סענאַט געמוזט עפנטלעך מודה זיין, „אַז ביי די אַלע טובות וואָס יידן האָבן באַקומען דורך דער גלייכבאַרעכטיקונג, איז נישט געווען צו באַמערקן אין זיי קיין גאוה אָדער אַן אַנדער שענדלעכע זאַך, פאַר וועלכע מען האָט פריער מורא געהאַט, נאָר פאַרקערט: מען האָט פון זיי געזען אַ שטיל עניותדיק פאַרהאַלטן זיך צו זייערע רעכט און אַ ענערגישע אָנשטרענגונג צו באַטייליקן זיך אין דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. אייניקע פון זיי האָבן זיך אויסגע־צייכנט מיט צדקה־זאַכן און מיט גרויסער ליבע צום פאָטערלאַנד". פון לובעק זיינען די יידן פאַרטריבן געוואָרן אין יאָר 1699 און נאָר איין און איינציקן „שוץ־יידן" האָט מען דעמאָלט אָנגענומען און יענער האָט דערפאַר געמוזט באַצאָלן גרויסע סומען. פון דער קליינער דערבייאיקער שטאָט מאָיזלינג האָבן געמעגט קומען יעדן טאָג קיין לובעק נאָר דריי יידן ווי שלוחים פון דענעמאַרק און האָלשטיין, און דאָס אויך אונטער שטרענגע באַדינגונגען און באַגרענעצונגען. אָבער ווען לובעק איז אַרונ־

טערגעפאַלן אונטער דער הערשאַפט פון פראַנקרייך, זיינען אַלע גזירות מיט אַמאָל בטל געוואָרן און באַלד האָבן דאָרט זיך באַזעצט זעקס־און־זעכציק יידישע פאַמיליעס, צום גרויסן פאַרדרוס פון די קריסטלעכע איינוואוינער. פון דער דריטער שטאָט ברעמען זיינען די יידן שוין פון יאָר 1324 פאַרטריבן געוועזן. איינצלנע פאַמיליעס, וועלכע האָבן זיך דאָרט פאָרט באַזעצט, זיינען אין יאָר 1803 נאָך אַמאָל פאַרטריבן געוואָרן. אָבער אויך דאָרט האָט דאָס יאָר 1811 געמאַכט אַן איבערקערעניש און אונטער דער שוץ פון די פראַנצויזישע געזעצן האָבן זיך דאָרט באַזעצט 30 יידישע פאַמיליעס און אָנגעהויבן פירן גרויסע געשעפטן.

נאָך דריי דייטשע פירשטן האָבן זיך איינגעשפּאַרט און נישט גע־וואָלט געבן די יידן קיין גלייכבאַרעכטיקונג. דאָס זיינען געווען די הער־שער פון עסטרייך, בייערן און זאַקסן. מאַקס יאָזעף, וועלכן נאַפּאָלעאָן האָט באַשטימט פאַר קעניג פון בייערן, האָט, אמת, אַרויסגעגעבן אַ געזעץ, אין וועלכן ער האָט דערלויבט די יידן צו וואוינען אין זיין מלו־כה, אָבער דערביי זיינען געמאַכט געוואָרן פיל שטרענגע באַגרענעצונגען: אין די ערטער, וואו עס האָבן ביז אַהער נישט געוואוינט קיין יידן, האָבן זיי אויך ווייטער נישט געטאָרט באַזעצן זיך אָן דער הסכמה פון קעניג, און אפילו אין די ערטער, וואו זיי האָבן יאָ געמעגט וואוינען, האָט מען געדאַרפט זיך באַמיען, אַז די יידישע באַפעלקערונג זאָל נישט וואַקסן, נאָר פאַרקלענערט ווערן. אין עסטרייך זיינען די יורשים פון גוטן קייסער יאָזעף דעם צווייטן נישט געגאַנגען אין זיין וועג, נאָר נאָך איינגעפירט נייע גזירות. צו די אַלטע אָפּצאָלונגען איז נאָך צוגעקומען אַ נייער שטייער פון יעדן יידן, וואָס קומט קיין ווין, און די פּאָליציי פלעגט נאָכשפּיאָ־נירן יעדן ייד, וואָס איז געקומען קיין ווין און זיך דאָרט פאַרזאַמט אַ קליינע צייט אָן אַ ספּעציעלער דערלויבעניש. מיט אַזאַ יידן איז מען זיך באַגאַנגען, ווי מיט אַ פאַרברעכער. די באַגרענעצונגען פון די יידישע חתונות זיינען געבליבן ווי פריער און נאָר דער עלטסטער זון פון אַ יידי־שער פאַמיליע האָט געמעגט חתונה האָבן. זאַקסן האָט מען מיט רעכט גערופן „דאָס פּראָטעסטאַנטישע שפּאַניע” פאַר יידן; דאָרט זיינען גע־בליבן די אַלע באַגרענעצונגען פון די אַלטע גוטע צייטן. פאַקטיש האָבן יידן נישט געטאָרט וואוינען אין גאַנץ זאַקסן און נאָר אין דרעזדען און אין לייפּציק האָט מען לפי שעה דערלויבט צו וואוינען אייניקע יידן,

אָבער דערביי האָט מען אויסדריקלעך זיי געשטעלט אַ באַדינג, אַז יעדע מינוט קען מען זיי אַרויסטרייבן. קיין עפנטלעכע שולן האָבן יידן נישט געטאָרט האָבן און אויך אין די פּריוואַטע הייזער האָבן זיי נישט געטאָרט מתפלל זיין אויף אַ הויך קול. אין האַנדל און אין מלאכה זיינען יידן געווען שטאַרק באַגרענעצט און אַפילו דער קאָפּ־שטייער, וועלכער איז שוין אין גאַנץ דייטשלאַנד בטל געוואָרן, איז דאָרט נאָך געבליבן אין זיין גאַנצער קראַפט. עס איז געווען קלאָר, אַז די נאָענטע רעאַקציע אין דייטשלאַנד וועט אין דעם פאַנאַטישן פּראָטעסטאַנטישן לאַנד געפינען זייער אַ גוטן באָדן פאַר זיך.

# קאַפּיטל זיבן

## די רעאַקציע

אויף די שניי־פעלדער פון ווייטן גרויסן רוסלאַנד איז נאַפּאָלעאָנס שטערן מיט אַמאָל אויסגעלאָשן געוואָרן. זיין גרויסע אַרמיי פון העכער אַ האַלבן מיליאָן מענטשן איז צעשמעטערט געוואָרן און דער געניאַלער מענטש, וואָס האָט אַ צייט געפירט מיט שטאָלץ און אומבאַגרענעצטער הערשאַפט גאַנץ אייראָפּע, איז פּלוצים נידעריק געפאַלן און געבליבן איינ־זאַם. דייטשלאַנד, פאַראייניקט מיט רוסלאַנד, עסטרייך און ענגלאַנד, האָט אין אַ דריי־יעריקן קאַמף צעטראָטן דעם גרויסן נאַפּאָלעאָן און צוזאַמען מיט אים אונטערדריקט אויך פראַנקרייך. נאַפּאָלעאָנען האָבן ביסלעכווייז אַלע פאַרלאָזן און איינזאַם האָט ער געמוזט אַנטלויפן און זיך אויסבאַ־האַלטן פון פאָלקס־צאָרן.

דער גרויסער מענטש איז געפאַלן און דעם קאָפּ האָבן אויפגעהויבן די אַלע קליינלעכע ברואים, וואָס ציען זייער יניקה פון יעדער מענטש־לעכער שוואַכקייט און נפילה, די אַלע פינצטערע כוחות, וואָס גייען אַרויס אויף דער לעבעדיקער וועלט נאָר דאַן, ווען אַרום הערשט פינסטערניש און קנעכטשאַפט, — אין אייראָפּע האָט זיך אָנגעהויבן די שרעקלעכע רעאַקציע. דער ריז, וואָס האָט אַלץ געטון אויף זיין אייגענער אחריות און אָפט געטראָטן מיט די פיס די פרייהייט, איז געפאַלן, אָבער צוזאַמען מיט אים איז אויך דערשטיקט געוואָרן די רעוואָלוציע און אַלץ, וואָס זי האָט דערוואָרבן. אייראָפּע איז פאַרזונקען געוואָרן אין אַ פיל ערגערער קנעכטשאַפט, ווי אין דער צייט פון נאַפּאָלעאָנס הערשאַפט.

די מפּלה פון גרויסן נאַפּאָלעאָן איז געווען אַ ירידה אויך פאַרן יידישן פאָלק, וואָס האָט דאָס ערשטע דערשפּירט אויף זיך דעם שווערן אָטעם פון דער רעאַקציע, און אין ערגעץ האָט די רעאַקציע נישט אַזוי שווער און שנעל געטראָפן די יידן, ווי אין דייטשלאַנד.

אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע און פון נאַפּאָלעאָנס הערשאַפט איז דייטשלאַנד אויסגעשטאַנען די שווערסטע און ביטערסטע באַליידי־

קונגען. די דייטשע אַרמיי איז געווען צעשלאָגן, אירע מדינות זיינען צע־ברעקלט געוואָרן, אירע פירשטן זיינען ווי קנעכט באַהאַנדלט געוואָרן. דער נצחון, וואָס די דייטשן האָבן אָפּגעהאַלטן איבער נאַפּאָלעאָנען און זיין גרויסע אַרמיי, האָט דעריבער זיי אַליין איבעראַשט און פאַרשיכורט. ווי געוויינלעך נאָך אַזאַ אומדערוואַרטעטן נאַציאָנאַלן נצחון, האָט זיך אין דייטשלאַנד אַנטוויקלט אַ שטאַרקער שאָוויניזם, אַן איבערגעטריבענע ליבע צו אַלץ, וואָס איז אייגנס, און זייער שטאַרקע קנאה צו פראַנקרייך, וואָס זיי האָבן געטראָגן אין האַרצן, האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ שנאה צו דער גאַנצער רעוואָלוציע און צו אַלץ, וואָס איז פרעמד. אין דערזעל־בער צייט זיינען די דייטשן, צעטומלט פון גרויסן נצחון, געוואָרן טרוימער, פאַנטאַסטן און מיט זייער גאַנצער נשמה זיך פאַרזונקען אין דער פאַר־גאַנגענהייט, אין דער טראַדיציע. די מיטלאַלטערלעכע עפּאָכע מיט אירע גראָבקייטן און אָבערגלויבנס, מיט אירע פאַרדאַרבענע זיטן און פרומער אויסגעלאַסנקייט האָט זיך די דייטשן פאַרגעשטעלט אין די שענסטע איי־דלסטע פאַרבן און אַזוי אַרום איז געשאַפן געוואָרן די דייטשע רעאַקציאָ־נערע ראָמאַנטיק. אייניקע מיט דעם פולן באַוואוסטזיין, אַנדערע אומבאַ־וואוסטזיניק האָבן געפּרעדיקט זיך אומצוקערן צו דער אַלטער פאַרפויל־טער פאַרגאַנגענהייט, צו דער צייט פון די יעזואיטן און אינקוויזיציע; עס איז באַשאַפן געוואָרן אַ טעאָריע, אַז די קריסטלעכע לערע איז די העכסטע ציוויליזאַציע און דאָס עכטע קריסטנטום עקזיסטירט נאָר אין דייטשלאַנד. נאַטירלעך, האָבן יידן נישט וואָס צו טאָן אין אַזאַ לאַנד פון עכטן ריינעם קריסטנטום און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ סיסטעמאַטישע ענערגישע אַגיטאַציע קעגן יידן.

דער ערשטער, וואָס האָט אָנגעהויבן די שענדלעכע אַגיטאַציע, איז געווען דער פּראָפעסאָר ריהם. די יידן, האָט ער געטענהעט, זיינען פון שטענדיק אָן אַ פאַרדאָרבן פאָלק און זיינען אומעטום אַ מלוכה אין אַ מלוכה. פאַר דייטשלאַנד זיינען זיי אַ גרויס אומגליק און נאָר זיי זיינען שולדיק אין דער דייטשער לאַנגיעריקער קנעכטשאַפט. אַרויסטרייבן זיי אין גאַנצן פון לאַנד וואָלט אָבער געווען צו אַכזריותדיק און דעריבער דאַרף מען זיי נאָר אונטערדריקן און דערנידעריקן, דולדן זיי ווי מענטשן פון צווייטער מדרגה, באַציען זיך צו זיי ווי צו אַן אומגליק, וואָס איז באַשערט דעם דייטשן פאָלק, אָבער אויף קיין פאַל זיי נישט באַהאַנדלען, ווי בירגער

מיט אַלע מענטשן גלייך. דער דאָזיקער בלינדער אַנטיסעמיטיזם האָט גע־פונען אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג ביי די מאַסן. אָבער אויך די געבילדעטע לייט, די סטודענטן־פּאַטריאָטן, פּראָפעסאָרן און געלערטע, וועלכע זיינען גע־ווען פאַרפירט דורך דעם פרומען מיסטיציזם און דעם ראָמאַנטישן יראת־שמים, האָבן געגלויבט, אַז אין אַ ריין־קריסטלעכער מלוכה זיינען יידן אַ פרעמדער שעדלעכער עלעמענט.

דערוויל איז צונויפגערופן געוואָרן דער ווינער פרידנס־קאָנגרעס, וואָס האָט געדאַרפט איינפירן שלום צווישן די פעלקער און אויסאַרבעטן אַ פּראָגראַם פאַר אַ געמיינזאַמער טעטיקייט קעגן דער ירושה פון דער רעוואָלוציע. די צוויי שטאַטסמענער, וואָס זיינען געשטאַנען אין דער שפּיץ פוןביידע גרויסע דייטשע מלוכות אויפן ווינער קאָנגרעס: דער עסטרייכישער קאַנצלער מעטערניך און דער קאַנצלער פון פּרייסן האַר־דענבערג, האָבן זיך צו יידן באַצויגן נישט שלעכט. מעטערניך איז געווען אַן איינגייער אין די יידישע סאַלאָנען און האָט זיך געפונען אונטערן באַ־זונדערן איינפלוס פון דער יידישער באַראָנעסע פאַני פאָן־אַרנשטיין. האַר־דענבערג איז בכלל געווען אַ ליבעראַלער מענטש און געהאַט צווישן יידן פיל גוטע פריינד. זיי האָבן דאָס אויפן קאָנגרעס אויפגעהויבן די יידנ־פראַגע און אַרויסגעשטעלט דעם פּרינציפּ, „אַז די, וואָס געהערן צום יידישן גלויבן, זאָלן האָבן אַלע בירגערלעכע רעכט, אויב זיי וועלן נאָר אָפּהיטן די פליכטן פון די איבעריקע בירגער". די איבעריקע דייטשע מלוכות האָבן געשטעלט אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד קעגן דער פאָדערונג און דאַן האָבן די פאָרשטייער פון עסטרייך און פּרייסן געמוזט נאָכגעבן און איינגיין אויף אַזאַ הנחה: צום פּונקט וועגן יידן איז צוגעגעבן געוואָרן אַ באַמער־קונג: „די בונדעס־פאַרזאַמלונג וועט באַטראַכטן אויף איר פאַרזאַמלונג, ווי ווייט עס איז מעגלעך צו געבן יידן אין דייטשלאַנד בירגערלעכע רעכט; ביז דעמאָלט אָבער וועלן זיי דערוויל ווייטער האָבן די רעכטן, וואָס איז זיי שוין געגעבן געוואָרן אין די בונדעס־שטאַטן".

דורך דער דאָזיקער באַמערקונג איז די פראַגע וועגן דער יידישער גלייכבאַרעכטיקונג אָפּגעלייגט געוואָרן אויף אַן אומבאַשטימטער צייט, אָבער דורך איר זיינען נצול געוואָרן יענע רעכט וואָס יידן האָבן שוין באַקומען בעת נאַפּאָלעאָנס הערשאַפט. די באַמערקונג איז אָנגענומען גע־וואָרן און דערביי האָבן אויך מיטגעווירקט די ביידע דעלעגאַטן פון די

פראַנקפורטער יידן, וואָס זיינען געקומען צום קאָנגרעס (איינער פון זיי איז געווען יעקב ברוך, דער פאָטער פון לודוויק בערנע), ווי אויך דער קריסטלעכער פאַרטרעטער פון די יידן, דער יוריסט קאַרל בוכהאָלץ פון לובעק. אָבער די יידישע קעגנער אויפן קאָנגרעס האָבן אויך דאָ געפונען אַ מיטל פטור צו ווערן פון דעם אומאַנגענעמען פונקט. זיי האָבן אונטער־געקויפט דעם גענעראַל־סעקרעטאר פון קאָנגרעס און ביי אים געפועלט אויסצומעקן אין דעם לעצטן זאַץ פון פונקט 16 דאָס וואָרט „אין" און אנשטאט דעם שטעלן דאָס וואָרט „פון", אַזוי אַז דער גאַנצער פונקט האָט דורך דעם קליינעם שינוי באַקומען גאָר אַן אַנדער באַדייטונג: „יידן וועלן דערווייל ווייטער האָבן די רעכט, וואָס איז זיי שוין געגעבן געוואָרן פון (אנשטאט „אין") די בונדעס־שטאַטן". דאָס האָט געהייסן, אַז יידן האָבן געקענט געניסן נאָר פון יענע רעכט, וואָס זיי האָבן באַקומען פון די בונדעס־שטאַטן אליין, אָבער נישט פון נאַפּאָלעאָנען. מעטערניך און האַר־דענבערג האָבן דעם דאָזיקן שווינדל נישט באַמערקט און אויף אַזאַ אופן האָט מען איצט פראַנק און פריי געקענט אַפּנעמען ביי יידן די רעכט, וואָס זיי האָבן באַקומען דורך די פראַנצויזן.

מער פון אַלע האָט די רעאַקציע שווער געטראָפן די יידן פון פראַנק־פורט. די גרויסע רעגירונגען האָבן, אמת, אַרויסגעגעבן אַ באַפעל דעם פראַנקפורטער סענאַט, אַז די שטאָט מוז אַכטן די דערוואָרבענע רעכט פון אַלע קלאַסן איינוואוינער און יעדע רעאַקציאָנערע פאַראָרדענונג מוז ווערן פאַרמיטן", אָבער דער פראַנקפורטער מאַגיסטראַט האָט דערמיט זיך ווינציק גערעכנט און ווי נאָר די פראַנצויזן האָבן פאַרלאָזט פראַנק־פורט, איז די ערשטע אַרבעט פון דער נייער פאַרוואַלטונג געווען: צונעמען ביי די יידן זייערע בירגער־רעכט. האַרדענבערג און מעטערניך האָבן אומ־זיסט באַפוילן דעם סענאַט פון פראַנקפורט, ער זאָל נישט אַפּנעמען ביי יידן זייערע רעכט; די פאַרוואַלטונג האָט דערמיט זיך נישט געוואָלט רעכענען און די יידן האָבן געמוזט אָנהייבן פירן מיט דעם סענאַט אַ שווערן קאַמף, וואָס האָט געדויערט גאַנצע ניין יאָר.

דערווייל האָבן אויך די איבעריקע פריי־שטעט אָנגעהויבן דריקן יידן, נישט ווינציקער ווי פראַנקפורט. אין לובעק, וואו עס האָבן זיך גע־האָט באַזעצט 66 יידישע פאַמיליעס און מיט גרויס מוט זיך איינגעאָרדנט און אָנגעהויבן פירן אַ געמיינדע־לעבן, האָט מען זיי איצט געהייסן פאַר־

לאָזן די שטאָט און ווען די יידן האָבן זיך אָפּגעזאָגט דאָס צו טאָן, האָט מען זיי געהייסן שליסן די געשעפטן און קאָנפיסקירט די סחורות. אַזאַ אכזריותדיקע באַהאַנדלונג האָט אַרויסגערופן שאַרפע פּראָטעסטן אפילו ביי פיל רעגירונגס־באַאַמטע און האַרדענבערג אליין אין אַ בריוו צום לו־בעקער סענאַט האָט אים געמאַכט שאַרפע פאָרוואורפן. ווייטער פון די מוסר־בריוו איז עס אָבער נישט געגאַנגען: קיין סאָלדאַטן האָט פּרייסן צוליב יידן נישט געשיקט נישט קיין פראַנקפורט, נישט קיין לובעק — און אַלץ איז געבליבן ווי געווען.

אין האַמבורג האָט דער סענאַט זיך באַצויגן צו יידן פריינדלעך און אין אַן אויפרוף צו דער באַפעלקערונג האָט ער געריממט די יידן ווי מענטשן און ווי גוטע בירגער און האָט אויסגעדריקט זיין האָפענונג, אַז אַ דאַנק יידן וועט דער האַנדל און די אינדוסטריע ווידער אויפלעבן. דער סענאַט אליין איז אָבער געווען אָפּהענגיק פון דער באַפעלקערונג, וועלכע האָט מורא געהאַט פאַר דער יידישער קאָנקורענץ, און די יידן זיינען צוריק אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויף דער מדרגה, אויף וועלכער זיי זיינען גע־שטאַנען אין יאָר 1810: באַשרענקט אין אַלע פּאָליטישע רעכטן, אויס־געשלאָסן פון אַלע עפנטלעכע שטעלעס און אַמטן, נישט געטאָרט זיין קיין אַדוואָקאַטן, אַפּטייקער און באַרבירער, געמעגט דערווערבן נחלאות נאָר אין באַשטימטע ערטער פון שטאָט אאז"וו.

קעגן אַזאַ אומגערעכטיקייט זיינען אַרויסגעטראָטן עטלעכע יידישע שריפטשטעלער, ווי משה העס ,ש. צימערן, וואָל און סאַלאָמאָן, וועלכע האָבן אין באַזונדערע ווערק אָפּגעלייקנט די אַנטיסעמיטישע בלבולים און געפאָדערט אַ גערעכטע באַציאונג צו יידן. צום כבוד פון די קריסטן מוז מען זאָגן, אַז אויך אין יענער שווערער צייט פון רעאַקציע האָבן זיך גע־פונען געציילטע קריסטן, וואָס האָבן פאַרשטאַנען די עוולה, וואָס מען באַגייט קעגן יידן, און זיך אָנגענומען זייער קריוודע. אויך פון ענגלאַנד און פראַנקרייך האָט מען געמאַכט שאַרפע פאָרוואורפן די דייטשן פאַר זייער שאָוויניזם און פאַר זייער באַציאונג צו יידן, אָבער וואָס האָט דאָס אַלץ געקענט העלפן, ווען די יידישע פאַרטיידיקער האָט מען געזידלט, ווי די ערגסטע, און די אַנטיסעמיטן האָבן מיט זייערע שריפטן פאַרפלייצט גאַנץ דייטשלאַנד. אויסער דעם אויבנדערמאָנטן פראָפ. ריהס האָט אויך דער פילאָזאָף פריז אַרויסגעגעבן אַ באַזונדער ווערק וועגן דער „יידי־

שער סכנה״ און זיך נישט געשעמט צו פאַרלאַנגען, אַז די יידישע נאַציע זאָל מען אין גאַנצן פאַרטיליקן פון דער וועלט; נאָר אַזוי ווי דאָס איז שווער אויסצופירן, זאָל מען דערווייל זיי דריקן אַזוי לאַנג, ביז זיי וועלן אומקומען. אין דער טעאַטער־וועלט האָט דעמאָלט געמאַכט אַ גרויסן ליאַרעם דער אַנטיסעמיטישער פאַרס פון דאָקטאָר קאַרל סעסאַ ,,די יידן־שולע״, וועלכער פירט אַרויס אויף דער סצענע אַ גאַנצע מחנה קאַריקאַ־טורן פון יידן. דאָס שטיק וואָלט אפשר נישט געווען געמאַכט אַזאַ סענ־סאַציע, ווען נישט אייניקע יידישע פאַרשטייער, צווישן זיי ישראל יאַ־קאָבסאָן, וואָס האָבן געפּועלט ביים קאַנצלער האַרדענבערג, אַז ער זאָל פאַרבאָטן דאָס שטיק צום שפּילן. ערשט דעמאָלט זיינען אַלע געוואָרן נייגעריק צו וויסן, וואָס אין דעם שטיק געפינט זיך, און דער פאַרס איז געוואָרן זייער פּאָפּולער. אין 1815 האָט מען דאָס שטיק, אונטער אַ נייעם נאָמען ,,אונדזער פאַרקער״, שוין געשפּילט אין די גרעסטע שטעט פון דייטשלאַנד און אומעטום האָט דער פאַרס געהאַט אַן אומגעווייגלעכן דערפאָלג. דער אַרטיסט וואורם, וואָס האָט געשפּילט די הויפּט־ראָליע אין דעם שטיק, איז געוואָרן ביים המון זייער באַליבט; די צייטונגען פלעגן ברענגען גאַנצע אויסצוגן פון דעם פאַרס, וואו יידן זיינען געוואָרן מיאוס אויסגעלאַכט, און וואורם פלעגט פאַרשטעלן זיינע יידן־קאַריקאַטורן אויך אין פּריוואַט־הייזער אויף שמחות און בעלער און באַקומען דערפאַר גוט באַצאָלט. עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז בעת דער רוסישער קייסער אַלעקסאַנדער דער ערשטער איז געווען אין בערלין, האָט מען לכבוד אים אויך געוואָלט פאַרשטעלן ,,אונדזער פאַרקער״, נאָר אַלעקסאַנדער האָט בפירוש געבעטן, מען זאָל דאָס נישט טאָן און דעם פאַרס פאַר אים נישט שפּילן, פון וואָס די דייטשן האָבן זיך געשפּירט אַ ביסל אומאַנגענעם פאַרשעמט.

נאָך דער דערמאָרדונג פון דייטשן דיכטער און רוסישן שפּיאָן קאָ־קאָצעבו דורך דעם דייטשן פּאַטריאָטישן סטודענט זאַנד זיינען די רעגי־רונגען אַרויסגעטרעטן מיט שאַרפע מיטלען קעגן דעם שאָוויניסטישן דייטשן פּאַטריאָטיזם. אָבער דערמיט האָבן די ליידנשאַפטן נאָך מער זיך פאַנאַנדערגעפלאַקערט און דאָ האָט אין דייטשלאַנד אויסגעבראָכן אַ שטור־רעם, וועלכער האָט אויף אַ לאַנגער צייט אָוועקגעשטעלט אַ מחיצה צווישן די יידן און דער דייטשער באַפעלקערונג. די דייטשע פּאַטריאָטן זיינען

געווען פול מיט צאָרן אויף עסטרייך, אויף וועלכער זיי האָבן געקוקט, ווי אויף דעם מקור פון אַלע גזירות און נאַציאָנאַלע באַליידיקונגען, און אַזוי ווי די רייכע יידן, איבערהויפּט די ראָטשילדס, זיינען געשטאַנען אין נאָענטע באַציאונגען מיט עסטרייך און זי געשטיצט מיט געלט־הלוואות, האָט מען דעם גאַנצן כעס אויסגעלאָזן צו יידן. אָנגעהויבן האָט זיך דאָס אין ווירצבורג (דעם 2־טן אויגוסט 1819) מיט אויסרופן: „העפּ, העפּ!" (ווי מען פלעגט שרייען ביים אַרויסטרייבן ציגן מיט בערד), זיינען דאָרט אַ מחנה סטודענטן צוזאַמען מיט אַ גרויסן המון באַפאַלן די יידן, גע־רויבט זייערע געשעפטן און חו״וב געמאַכט די וואוינונגען. ווען די יידן האָבן מיט געווער אין די הענט געפּרואווט זיך שטעלן אַנטקעגן, האָט אויס־געבראָכן אַ פאָרמעלע שלאַכט מיט הריגות און דער סוף איז געווען, אַז די 400 יידן, וואָס האָבן דאָרט געוואוינט, האָבן געמוזט פאַרלאָזן די שטאָט. דער פּאָגראָם אין ווירצבורג האָט געדינט ווי אַ ביישפּיל פאַר די איבעריקע שטעט. דער המון, וואָס איז שטענדיק דורשטיק צו רציחות און אָנפאַלן; סוחרים, בעלי־מאלכות און קליינע הענדלער, וואָס האָבן געהאַט אַ האַרץ אויף יידן צוליב דער קאָנקורענץ; סתם פאַנאַטיקער און פּאַטריאָטן — די אַלע פאַרשידענע עלעמענטן האָבן זיך פאַראייניקט אין קאַמף מיט די יידן. אין באַמבערג, פראַנקפורט, דאַרמשטאַדט, באַדען, גאַנץ, דיסעלדאָרף, האַמבורג, דאַנציק און אַנדערע שטעט האָט מען גע־האַקט די שויבן אין די יידישע וואוינונגען, חרוב געמאַכט די הייזער און נישט זעלטן אויך זייער לעבן נישט געשוינט. אַ געוויסער שווינדלער הונדט, וועלכער האָט זיך אליין גענומען דעם טיטל פאָן־ראַדאָווסקי, האָט אויסגענוצט די פּאָגראָם־באַוועגונג צוליב געשעפט. ער האָט אַרויסגעגעבן אַ פּאַמפלעט „יידן־שפּיגל" מיט שרעקלעכע זלזולים אויף יידן, וועלכע ער האָט געפאָדערט צו מאַכן פאַר סריסים. דאָס ווערק איז גוט פאַרקויפט געוואָרן און הונדט האָט געמאַכט אַ פאַרמעגן. דאָס האָט נאַטירלעך, אַרויסגערופן אַ גרויסן חשק ביי אַנדערע שמוציקע מחברים און דער לי־טעראַרישער מאַרק איז פאַרפלייצט געוואָרן מיט מיאוסע פּאַמפלעטן קעגן יידן. די רעגירונגען האָבן ענדלעך איינגעזען, אַז די העצע קעגן יידן נעמט־אָן אַ געפערלעכן כאַראַקטער, און די אומרוען אונטערגעדריקט, אָבער דער זאָמען פון שנאה צווישן יידן און דער קריסטלעכער באַפעלקע־רונג איז שוין געווען טיף פאַרזייט און געהאַלטן אין איין וואַקסן.

אַזוי האָבן אויסגעזען די יידן אין די מיטעלע און קליינע דייטשע מדינות. אָבער וואָס האָבן געטאָן יענע גרויסע רעגירונגען, וועלכע האָבן זיך כלומרשט אָנגענומען די יידישע קריוודע אויפן בונדעס־ראַט? דער עסטרייכישער קייסער פראַנץ דער ערשטער און זיין קאַנצלער מעטערניך האָבן נישט בלויז איבערגעלאָזט אַלע פריערדיקע באַגרענעצונגען, נאָר אויך צוגעגעבן נייע. אמת, זיי האָבן נישט אַרויסגעטריבן די יידן, ווי מען האָט געטאָן אין לובעק און אין ברעמען, אָבער זיי האָבן זיי פאַרשפאַרט אין די געטאָס אין צענטער פון עסטרייך און פון דאָרטן זיי נישט אַרויס־געלאָזט. טיראָל איז פאַר יידן געוואָרן פאַרשלאָסן, אין בעהמען האָבן זיי געמעגט וואוינען נאָר אין די דערפער און אין די בערג־שטעט, און אין מעהרען, פאַרקערט, זיינען נאָך די גרויסע שטעט געווען אָפן פאַר יידן. זיי זיינען שטענדיק געלעגן אונטער אַ שווערן מאַטעריעלן דרוק. מען האָט זיי אומעטומש געלאָזט וואוינען נאָר ווי פון רחמנות וועגן און איבערהויפּט נאָר אין די שטעט. דאָס אַריבערציען זיך פון איין אָרט אין צווייטן איז געווען זייער באַשווערט. מען האָט זיי בכלל נישט געלאָזט זיך אַנטוויקלען און הגם דער קייסער האָט פאַר געלט געגעבן אייניקע רייכע יידן דעם טיטל פון אַדעליקע, איז אָבער די אָרעמע מאַסע געבליבן זייער דערנידע־ריקט און געהאַט אויסצושטיין אַ שווערן קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ.

אין עסטרייכישן שלעזיען און אין מעהרען איז יידן געווען פאַר־באָטן צו וואוינען אין די וויכטיקסטע שטעט, אָבער אפילו אין די דער־לויבטע ערטער, ווי אויך אין די גאַליציאַנישע שטעט, האָבן יידן געמעגט וואוינען נאָר אין אָפּגעשלאָסענע געטאָס. ביי דעם אַלעם האָט מען נאָך אויף יידן אַרויפגעלייגט אומגעהויער גרויסע אָפּצאָלונגען. די אַלע באַ־זונדערע אָפּצאָלונגען האָבן באַטראָפן אַ סומע פון 700.000 גולדען יער־לעך. קראָקע אויף כשר פלייש האָט באַטראָפן פונקט אַזוי פיל, וויפיל עס איז געווען דער פרייז פון פלייש אויפן מאַרק און דער ייד האָט אַלזאָ געדאַרפט צאָלן פאַר פלייש צוויי מאָל אַזוי פיל, ווי אַן אַנדערער. דאָס רוב פון די דאָרטיקע יידן האָבן דעריבער נישט געקענט דערלויבן זיך צו עסן קיין פלייש און בכלל געלעבט אין אַזאַ דחקות, אַז עס איז צו באַ־וואונדערן, ווי אַזוי זיי האָבן ביי אַזאַ שרעקלעכן דרוק געהאַט געגוג ענער־גיע און מוט אויסצוהאַלטן און נישט אומקומען אין די שווערע לעבנס־באַדינגונגען.

עסטרייך האָט לפּחות קיין זאַך יידן נישט צוגעזאָגט און זיי נישט פאַרפירט דורך פאַלשע הבטחות. פון פּרייסן אָבער האָבן די יידן געהאַט דאָס רעכט צו דערוואַרטן אַ בעסערע און גערעכטערע באַציאונג צו זיך. פרידריך ווילהעלם דער דריטער האָט שטאַרק געהאַלטן פון דעם פּרינציפּ פון גלייכבאַרעכטיקונג פאַר אַלע פעלקער און פון אים האָט מען געהערט פיל שיינע הבטחות. יידן האָבן אַלזאָ געקענט האָפן דאָרט אויף אַ פול־שטענדיקער באַפרייאונג; אָבער ווי עס ווייזט אויס, זיינען דאָס געווען נישט מער ווי שיינע ווערטער און דעריבער האָבן דאָרט די יידן נאָך שטאַרקער און טיפער געשפּירט דעם דרוק פון דער רעאַקציע. מיטן טויט פון ליבעראַלן האַרדענבערג האָט זיך אין פּרייסן אָנגעהויבן אַ רעאַקציאָ־נערע פּאָליטיק. מען האָט אָנגעהויבן דערפון, וואָס מען האָט צוזאַמענגע־שטעלט איין און צוואַנציק פאַרשידענע כּללים וועגן די יידן, וואָס וואוינען אין פּרייסן. די יידן זיינען איינגעטיילט געוואָרן אויף פראַנצויזישע, אַלט פּרייסישע, זאַקסישע און פּוילישע, ד״ה עס איז דערקלערט געוואָרן, אַז דאָס געזעץ פון 1812, וועלכעס האָט געבראַכט פיל נייע רעכט אויך פאַר יידן, איז גילטיק נאָר פאַר יענע פּראָווינצן, וועלכע האָבן אין יענעם יאָר געהערט צו פּרייסן, אָבער די אַלע פּראָווינצן, וואָס זיינען פאַראייניקט געוואָרן צו פּרייסן נאָך דעם שלום, בלייבן ביי די פריערדיקע באַדינגונ־גען. די נייע פּראָווינצן האָבן באַטראָפן אַ העלפט פון דער פּרייסישער מלוכה און דאָרט האָבן געוואוינט צוויי דריטל פון אַלע פּרייסישע יידן, וועלכע זיינען אויסגעשלאָסן געוואָרן פון די נייע רעכט. אָבער אויך אין די אַלט־פּרייסישע פּראָווינצן האָט מען דאָס געזעץ פון 1812 נישט אָנ־געווענדעט צו יידן; די רעגירונג האָט זיך גאַרנישט געמאַכט וויסנדיק פון דעם געזעץ און ווען דער באַרימטער יוריסט גאַנז האָט אָנגעהויבן פאָדערן, מען זאָל אים צולאָזן צו אַ קאַטעדרע אין אוניווערזיטעט, האָט מען אים מיט אַלע תּירוצים מדחה געווען און עס האָט קיין זאַך נישט געהאָלפן ביז גאַנז האָט זיך נישט אָפּגעשמדט. דאָס איז געווען נאָר אַן אָנהויב און באַלד האָט מען יידן אָנגעהויבן דערווייטערן פון אַלע עפנט־לעכע שטעלעס, צוגענומען ביי זיי דאָס וואַל־רעכט אין די לאַנדטאַגן און נישט געלאָזט יידן טראָגן קיין אָפיציר־טיטל אין דער אַרמיי. אין יאָר 1825 האָט מען ביי די געמיינדעס אָפּגענומען דאָס פריערדיקע רעכט צו בויען שולן אַן אַ באַזונדערער דערלויבעניש און בכלל דערקלערט די

קהלות פאַר פריוואַטע חברות. נישט געקוקט דערויף, האָט די רעגירונג דאָך זיך אריינגעמישט אין די רעליגיעזע ענינים פון יידן, קענען די גע־זעצן פון גלויבנס־פרייהייט.

אָבער פיל ערגער ווי אין אַלט־פּרייסן איז עס צוגעגאַנגען מיט יידן אין יענע פּראָווינצן, וואָס פּרייסן האָט נישט לאַנג דערוואָרבן. אין יאָר 1819 האָבן זיך געפונען אין גאַנץ פּרייסן 250 טויזנט יידן און פון זיי האָבן אין פּויזן געלעבט 55 טויזנט. פריער האָט פּויזן געהערט צום וואַר־שעווער הערצאָגטום און ווען די פּראָווינץ איז איבערגעגאַנגען צו פּרייסן, האָבן די דאָרטיקע יידן, וואָס האָבן געליטן פון שווערן דרוק, זיך זייער דערפרייט. פיל יידישע יונגעלייט זיינען אריינגעטראָטן אין די פריייווייליקע יעגער־פּאָלקן, וואָס פּרייסן האָט אָרגאַניזירט. אין גיכן האָבן זיי אָבער זיך איבערצייגט ,אַז די האָפענונגען אויף נייע רעכט איז אַ פאַלשע און אַלץ איז געבליבן, ווי געווען. אין הערצאָגטום בערג וואָס איז איבערגעגאַנגען פון פראַנקרייך צו פּרייסן, האָט די רעגירונג אָן צערעמאָניעס אָפּגענומען ביי יידן אַלע רעכט, וואָס נאַפּאָלעאָן האָט זיי געגעבן, בכלל האָט מען, אויסער אין אַלט־פּרייסן, אומעטום ווי וויית מעגלעך באַשרענקט די יידישע רעכט, און אפילו אין צענטער פון פּרייסן האָט מען די יידן אַרויסגע־שטופּט פון אַלע צווייגן פון דער קולטור און אין דערזעלבער צייט האָט מען זיך נישט געשעמט צו שרייען ,אַז יידן האַלטן זיך אָפּגעזונדערט פון דער אַרומיקער וועלט און ווילן אויף קיין פאַל נישט צושטיין צו דער מאָדערנער קולטור. די פיל רעפּרעסיעס און באַגרענעצונגען האָבן סוף כל סוף געבראַכט דערצו, אַז פיל פון די יידן, וועלכע האָבן געוואָלט זיך באַטייליקן אין דער אַרומיקער קולטור און נישט געהאַט קיין מעגלעכ־קייטן אויסצונוצן זייערע פעאיקייטן און טאַלאַנטן, האָבן קיין מוט נישט געהאַט אויסצושטיין די יידן גזירות און זיך אָפּגעשמדט. אין יאָר 1822 איז אין בערלין געגרינדעט געוואָרן אַ „פאַראיין אָפּצושמדן יידן". דער קעניג האָט דעם פאַראיין געגעבן אַלע נייטיקע מיטלען און אויך צוגעזאָגט צו שענקען 10 דוקאַטן יעדן יידן, וואָס וועט זיך לאָזן טויפן. די 10 דוקאַטן האָבן נאַטירלעך געקענט צוציען נאָר גאַסן־יונגען, אָבער פיל מער האָט צוגעצויגן דער וואונש צו ווערן „לייטן גלייך", געניסן פון דער וועלט־לעכער קולטור און עס איז געוואָרן, ווי אַ מין צווייטע שמד־באַוועגונג פון נאָך מענדעלסאָנס עפּאָכע.

***

אויך אין פראַנקרייך האָט אויסגעבראָכן אַ שטאַרקע ליטעראַרישע פּאָלעמיק וועגן דער יידישער גלייכבאַרעכטיקונג, אָבער דאָרט זיינען די יידישע פריינד געווען אין דער מערהייט. אַ געוויסער באָיל איז אַרויסגע־טראָטן מיט אַ פאַרטיידיקונג פון יידן אין אַ באַזונדערן ווערק, וואָס האָט געהאַט אַ דערפאָלג. אַ געוועזענער גובערנאַטאָר, דקיראָן, איז אַרויסגע־טראָטן מיט אַ בראָשור וועגן יידן, וועלכע ער האָט זייער גערימט אויפן גרונט פון פערזענלעכער דערפאַרונג און אויפן גרונט פון דער יידישער רעליגיע. די בראָשור איז אַרויס אין פיל אויפלאַגעס, איז זייער פיל גע־לייענט געוואָרן, און דאָס האָט באַוויזן, אַז די פראַנצויזישן האָבן נאָך נישט פאַרגעסן די יסודות פון פרייהייט און גלייכהייט. עס האָבן אויך נישט געפעלט קיין שאַרפע קעגנער פון יידן, אָבער אויסגעלאָזט האָט זיך די פּאָלעמיק צום גונסטן פון די לעצטע, און ווען אין פאַרלאַמענט (אין יאָר 1818) איז באַטראַכט געוואָרן די פראַגע, צי מען זאָל נאָפּאָלעאָנס דעקרעט וועגן יידן, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אויף 10 יאָר, ווייטער פאַרלענגערן, אָדער נישט, האָט גובר געווען יענע גרופּע, וואָס איז גע־ווען קעגן פאַרלענגערן, און דער דעקרעט איז בטל געוואָרן אויף שטענ־דיק. די צענטראַלע קאָנסיסטאָריע פון יענער צייט האָט זיך געסטאַרעט צו פאַרדינען דעם צוטרוי פון דער רעגירונג און האָט צעשיקט אַ צירקו־לאַר צו אַלע קאָנסיסטאָריעס, פאַרצולייענען אין די שולן, אַז יידן זאָלן זיך אויפפירן זייער ערלעך און טריי צום געזעץ, אליין רודפן די, וואָס האַנדלען מיט וואוכער ,אַזו אויך גרינדן שולן, וואו מען זאָל לערנען די יידישע קינדער מאָראַל און וועלטלעכע קענטעניש. פאַקטיש זיינען אין פיל שטעט באַלד געגרינדעט געוואָרן יידישע פאָלקס־שולן, וואו מען האָט געלערנט, חוץ רעליגיע און העברעאיש, דייטש, פראַנצויזיש, חשבו־נען, יידישע און פראַנצויזישע געשיכטע, ביסלעכווייז זיינען די יידן אין גאַנצן פאַרשלונגען געוואָרן אין דער אַרומיקער קולטור, די אָפּגעזונדערט־קייט איז פאַרשוואונדן און עס האָט זיך אויסגעפורעמט דער טיפּ: „פראַנ־צויזן פון משהס גלויבן״.

אין שכנותדיקן ענגלאַנד האָבן זיך דאַן געפונען בסך הכל אַן ערך דריי טויזנט יידן וועלכע עס האָט זיך אין אַלגעמיין געלעבט זייער גוט.

די יידן האָבן נאָר נישט געקענט פאַרנעמען קיין עפנטלעכע שטעלעס; אָבער די סבה דערפון איז געווען נאָר דאָס, וואָס ביים פאַרנעמען אַן אָפיציעלע שטעלע האָט מען אין ענגלאַנד געדאַרפט שווערן „ביים אמתן גלויבן פון אַ קריסט", און יידן האָבן אַזאַ שבועה נישט געקענט געבן. ביסלעכווייז האָט מען פאַר יידן מבטל געווען דעם נוסח פון דער שבועה און דאַן האָט מען אָנגעהויבן אָננעמען יידן ווי געשוואוירענע ריכטער, פּראָפעסאָרן אין די אוניווערזיטעטן אדג"ל.

אויף דעם ווינער קאָנגרעס איז באַשלאָסן געוואָרן צו פאַראייניקן בעלגיע מיט האָלאַנד אין איין גרויסער נידערלאַנדישער מלוכה, וועלכע מען האָט געשטעלט אונטער דער רעגירונג פון דער דינאַסטיע אָראַניען. דער קעניג פון דער מלוכה, ווילהעלם דער ערשטער, האָט נישט בלויז באַשטעטיקט די פולקאָמע גלייכבאַרעכטיקונג, וואָס די יידן האָבן באַקומען פון די פראַנצויזן, נאָר געטאָן יידן נאָך טובות און אויך רעגולירט זייערע אינערלעכע באַציאונגען אין די געמיינדעס.

מאָסן יידן האָבן דאַן פאַרנומען הויכע רעגירונגס־שטעלעס. יונה דניאל מייער, אַ גוטער יוריסט, האָט זיך באַטייליקט אין דער אויסאַר־בעטונג פון דער קאָנסטיטוציע און איז געווען אַ מיטגליד פון פיל אַקאַ־דעמיעס. אַ צווייטער יידישער יוריסט, קאַרל אָסער, איז געווען ערשטער באַאַמטער אין יוסטיץ־מיניסטעריום און אַ מיטגליד פון מלוכה־ראָט. אַ ייד האָט אויך פאַרנומען די הויכע שטעלע פון אַ שעף אין דער מלוכה־קאַנצעלאַריע. אויך אין אַלע נידערלענדישע קאָלאָניעס, אין אינדיע און אין דרום־אַמעריקע, האָבן יידן באַקומען אַלע רעכט און פאַרטרעטן פיל שטעלעס ווי רעגירונגס־באַאַמטע.

נישט ערגער איז אויך געווען די יידישע לאַגע אין דענעמאַרק. קיין פּאָליטישע רעכט האָבן יידן דאָרט נאָך נישט געהאַט, אָבער דערפאַר האָבן זיי געהאט אַלע בירגערלעכע רעכטן. די רעגירונג האָט זיך אויך געזאָרגט פאַר דער דערציאונג פון די יידישע קינדער און זיי געצוואונגען צו באַזוכן די אַלגעמיינע שולן. די פּאָגראָמען פון 1819 אין דייטשלאַנד האָבן זיך אויך אַריבערגעטראָגן קיין דענעמאַרק און אין קאָפּענהאַגען האָבן זיך דאַן געפונען גאָסן־מענטשן, וואָס האָבן איבערגעחזרט די ווילדע מעשים פון די דייטשע פּאָגראָמטשיקעס, אָבער די עפנטלעכע מיינונג איז

באמת געווען קעגן דעם, און די געבילדעטע מענטשן זיינען אַרויסגע־טרעטן מיט ענערגישע פּראָטעסטן קעגן די יידישע שונאים בכלל.

דאַקעגן איז נאָרוועגן געבליבן אין גאַנצן יידן־ריין. לויט דער קאָנס־טיטוציע פון 1814 האָט אַ ייד דאָרט נישט געטאָרט וואוינען אפילו איין טאָג אָן אַ דערלויבעניש פון קעניג און פאַר נישט אָפּהיטן דאָס דאָזיקע געזעץ איז געקומען אַ שטראָף פון 840 טאַלער. דער קנס איז ווירקלעך אָפּטמאָל אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף דורכרייזנדיקע יידן און די, וואָס האָבן נישט געהאַט אייגצוצאָלן די שטראָף, זיינען איינגעזעצט געוואָרן אין געפענגעניש. אין שוועדן, וואָס איז געווען פעסט פאַרבונדן מיט נאָר־וועגן, איז די יידן שוין געווען פיל בעסער. דאָרט האָבן זיי געמעגט וואוי־נען אין די פיר שטעט: שטאָקהאָלם, גאָטענבורג, נאָרקעפּינג, קאַרלסקראָנע; זיי זיינען אָבער געווען שטאַרק באַגרענעצט אין האַנדל און אין מלאכה. פאַר די יידן איז נאָר פאַרבליבן די מיאוסע פּרנסה פון וואוכער, אָבער דאָס האָט מען זיי, נאַטירלעך, שטענדיק אויפגעוואָרפן ווי אַ חטא, ווי אַן אָרגאַנישן חסרון, וואָס ליגט אין דער יידישער נאַטור.

אויך אין דער פרייער רעפּובליקאַנישער שווייץ האָט מען יידן באַ־האַנדלט אויפן שענדלעכסטן אופן. ביז די 40־קער יאָרן פון 19־טן יאָר־הונדערט זיינען דאָרט קיין יידן נישט אַריינגעלאָזט געוואָרן. אין קאַנ־טאָן באַזעל האָט אַ פרעמדער ייד אפילו אַ טאָג נישט געטאָרט פאַרברענ־גען. נאָר אין צוויי דערפער פון קאַנטאָן אַרגוי האָבן פון אַלטע צייטן זיך אַריינגעכאַפּט אַ ביסל יידן, וועלכע האָבן דאָרט פאַרנומען זייער נישט קיין בכבודיקן אָרט, און זיינען געווען אין אַלץ שטאַרק באַגרענעצט. אפילו אין דער צייט פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע האָט מען ביי דער פרייער שווייץ נישט געקענט פועלן צו געבן יידן געוויסע רעכט.

אין איטאַליע האָט זיך נאָך נאַפּאָלעאָנס מפּלה ווידער אָנגעהויבן די ממשלה פון די גלחים, וואָס האָבן רואינירט און באַרויבט דאָס לאַנד. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז די יידן האָבן דערפון געהאַט אַ סך שאָדן. ווי נאָר די פראַנצויזן האָבן פאַרלאָזט רוים, איז ווידער איינגעפירט געוואָרן דאָס געטאָ און די יידן זיינען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון די אוניווערזי־טעטן און פון די רעגירונגס־שטעלעס. בשעת דער פּויפּסט פּיוס דער זי־בעטער איז אין מאַי 1814 ווידער אָנגעקומען קיין רוים, האָבן די יידישע סוחרים אים פאָרגעלייגט 100.000 סקודי, מיטן תנאי, אַז ער זאָל ביי

זיי נישט צונעמען די בירגערלעכע רעכטן. דאָס האָט אָבער נישט געהאָלפֿן; אין משך פֿון דריי חדשים האָבן יידן געמוזט אָפּרוימען אַלע געשעפֿטן, וואָס זיי האָבן געהאַט מחוץ דעם געטאָ, און דורך דעם זיינען פֿיל פֿאַמיליעס געוואָרן רואינירט. פּיוס האָט דאָך זיך באַצויגן צו יידן טאָלעראַנט און זיי געשיצט פֿון רדיפֿות. פֿיל ערגער איז יידן געוואָרן, ווען אויפֿן טראָן איז אַרויף דער פּויפּסט לעאָ דער צוועלפֿטער, וועלכער איז געווען פֿאַרהאַסט אפֿילו ביי די גייסטלעכע אליין. די מויערן פֿון געטאָ זיינען איצט געוואָרן ענגער און פֿעסטער געשלאָסן. 12 ביינאַכט זיינען די געטאָ־טויערן שוין געווען פֿאַרריגלט, ווייל אַ ייד האָט נישט געטאָרט אין דער צייט זיך באַווייזן אין שטאָט. אויך אין די פּראָווינץ־שטעט האָט מען ווידער איינגעפֿירט די געטאָס און פֿיל רייכע יידישע פֿאַמיליעס זיינען געוואָרן פֿאַראָרעמט און האָבן געמוזט פֿאַרלאָזן דאָס לאַנד. ביי יידן האָט מען אויך צוגענומען דאָס רעכט צו האָבן נחלאות און די, וואָס האָבן אַזעלכע שוין געהאַט, האָבן זיי געמוזט פֿאַרקויפֿן.

בכלל האָט מיט נאַפּאָלעאָנס מפּלה אין גאַנץ איטאַליע צוריק זיך אָנגעהויבן פֿאַר יידן די פֿינסטערע צייט פֿון מיטלאַלטער, נאָר אין הערצאָגטום טאָסקאַנאָ און אין הערצאָגטום פּאַרמאָ איז די יידישע לאַגע געווען צו דערליידן. אין טאָסקאַנאָ האָט די יידן פֿון שטענדיק אָן זיך געלעבט נישט שלעכט. נאָך פֿאַר דער רעוואָלוציע האָבן זיי דאָרט באַקומען בירגער־רעכט און דורכשניטלעך זיינען די דאָרטיקע יידן געווען רייך און געבילדעט.

מערקווירדיק איז, וואָס גראָד אין דער צייט, ווען אין דעם גרעסטן טייל פֿון אייראָפּע האָט ווידער געזיגט די רעאַקציע, האָבן יידן געפֿונען אַ שטיקל שוץ אין פּאָרטוגאַל, וואָס איז פֿריער געווען אַזוי פֿול מיט האַס קעגן יידן. דאָרט האָבן נאָך אין מיטן 18־טן יאָרהונדערט זיך באַזעצט אַ ביסל יידן. אין דעם הונגער־יאָר 1813 האָבן די יידן אַריינגעפֿירט אַהין פֿיל תבואה, געבראַכט אַ ישועה פֿאַרן לאַנד און דערפֿאַר האָבן זיי באַקומען דאָס רעכט צו בויען אַ שול אין ליסאַבאָן. אין 1826 איז דערלויבט געוואָרן אַלע נישט־קאַטולישע איינוואוינער אָפּצוהאַלטן פֿריי זייערע גאָטעס־דינסטן, אָבער נאָר בתנאי, אַז דאָס זאָל פֿאָרקומען אין איינפֿאַכע הייזער, וואָס זאָלן נישט האָבן קיין סמנים פֿון טעמפּלען און שולן. הגם

אָפּיציעל האָבן די יידן אין פּאָרטוגאַל זיך גערעכנט ווי פרעמדע, האָבן זיי דאָך זיך שטאַרק באַטייליקט אין אַלגעמיינעם מלוכה־לעבן און מיט טריישאַפט און פּאַטריאָטיזם געצאָלט פאַר דער שרעקלעכער שנאה און אכזריות, וואָס דאָס אַלטע פּאָטערלאַנד האָט פריער אַרויסגעוויזן צו די זין פון יידישן פאָלק.

# קאַפּיטל אַכט

## די רעפאָרם־באַוועגונג און די יידישע וויסנשאַפט

אין דער צייט, ווען די מויערן פון געטאָ האָבן פאַרט ביסלעכווייז אָנגעהויבן פאַלן, האָט אויך אין יידנטום גופא געמוזט זיך אָנהייבן אַ גייסטיקע שטרעבונג צו אַ ניי לעבן. יידן האָבן זיך נישט געקענט באַגנ־געגענען מיט דעם קאַמף פאַר גלייכבארעכטיקונג; עס איז זיי אויך פאַר־געשטאַנען אַ גרויסע אויפגאַבע צו באַנייען דאָס גאַנצע יידנטום און צו געפינען אַ וועג, ווי צו פאַראייניקן זיך מיט דער אייראָפּעאישער קולטור. אין דער צייט, ווען די רעוואָלוציע האָט חרוב געמאַכט די יסודות פון גאַנצן פּאָליטישן און קולטורעלן לעבן פון אייראָפּע און עס איז אָנט־שטאַנען אַ וועלט מיט נייע געדאַנקען, נייע מענטשן און נייע מעשים, האָבן יידן נישט געקענט בלייבן זיצן מיט פאַרלייגטע הענט און נאָך־ווייטער שאַרפן די מוחות דורך דעם פּלפּול אינעם מעכאַנישן לערנען. עס איז געווען קלאָר, אַז יידן מוזן נישט בלויז אויסערלעך, נאָר אויך אינערלעך זיך באַפרייען פון ענגן געטאָ און געפינען אַ וועג צו דער וועלטלעכער קולטור.

דאָס האָט געזאָלט טאָן די השכלה פון מענדעלסאָנס צייט, אָבער דער עקספּערימענט איז בכלל נישט געראָטן. די השכלה־שטרעבונגען זיי־נען נישט געווען קיין פאָלקס־באַוועגונג; עס האָבן זיך נאָר אַרויסגעריסן די רייכע און געבילדעטע, בשעת די פאָלקס־מאַסן זיינען ווי פריער גע־בליבן אָרעם און אומוויסנדיק, עלנט און גלייכגילטיק צו אַלע פראַגן און פּראָבלעמען פון דעם ביסל אינטעליגענץ. די אינטעליגענץ ווידער, וועלכע האָט נישט געצויגן איר יניקה פון פאָלקס־לעבן, האָט דעריבער געמוזט זיין פלאַך און קליינלעך, אָן יעדן מאָראַלישן אָנהאַלט, אָן אַ נשמה און טיפע וואָרצלען אין לעבן. דער סוף איז געווען ,אַז די יידישע אינטעליגענץ, וואָס האָט זיך מיט אַזאַ ברען אָנגעכאַפּט אָן דער השכלה, איז געבליבן אָפּגעריסן פון ביידע וועלטן, אפילו אויך אָן אן אמתער השכלה, אָן גרינטלעכער בילדונג, מיט אָן אויסערלעכער, אויבערפלעכלעכער באַציאונג

צום לעבן. פיל פון זיי זיינען געוואָרן ביליקע אפיקורסים וואָס לאַכן אָפּ פון אַלע רעליגיעס צוזאַמען, וואָס גלויבן נישט אין קיין אידעאַלן, און שפּעטער האָבן זיי איבערגעריסן אויך דעם דינעם פאָדים, וואָס האָט זיי פאַרקניפּט מיטן יידנטום, און זיך אָפּגעשמדט. אַנדערע פון זיי זיינען גע־בליבן לעב־יונגען, מענטשן, וואָס שטרעבן נאָר צו לוקסוס, צו ביליקע פאַרגעניגנס, מענטשן, וואָס קיין זאַך איז ביי זיי נישט הייליק און זיי זיינען גרייט אויף יעדער שפלות און קליינמוטיקער הכנעה צוליב זייער ביסל תענוגים.

די מענדעלסאָנישע השכלה האָט בכן נישט געבראַכט קיין ישועה און די לאַגע געמאַכט נאָך ערגער. מען האָט געמוזט זוכן נייע וועגן, מען האָט געמוזט זוכן אַן אויסגלייך מיט דער אַרומיקער סביבה — און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע שטרעבונג פון דער אינטעליגענץ צו רעפאָר־מעס אין דער יידישער אינטעליגענץ. דער ערשטער האָט אָנגעהויבן דער אַלטער אַסימילאַטאָר דוד פרידלענדער, וועלכער האָט פאַרלאַנגט, אַז דאַוונען זאָל מען אויף דייטש און אויסמעקן פון די יידישע תפילות אַלע שטעלן, וואָס האָבן אַ יידיש־נאַציאָנאַלן אינהאַלט. פרידלענדער איז גע־בליבן אליין, ווייל די רייכע און געבילדעטע בערלינער יידן זיינען סתם געווען קאַלט און גלייכגילטיק צום יידנטום, און ביי די פרומע יידן האָט דאָס אַרויסגערופן אַ שטורעם פון צאָרן און פּראָטעסטן. פרידענדערן צו הילף איז דאַן געקומען ישראל יאַקאָבסאָן. ער האָט איינגעאָרדנט אַן איי־גענע שול, וואו מען האָט געדאַוונט אויף דייטש, אַרויסגעטריבן די אַלטע יידישע נגונים און איינגעפירט דייטשן געזאַנג מיט אַן אָרגל און בכלל אין אַלץ נאָכגעטאַנצט דער קריסטלעכער קירך. ס'האָבן זיך אויך געפונען טאַלאַנטפולע פּרעדיקער, וואָס האָבן מיט זייערע דרשות ביים דאַוונען צוגעצויגן אַ ביסל אָנהענגער. שפּעטער האָט מען די דאָזיקע פּריוואַטע רעפאָרם־שול איבערגעמאַכט אויף אַ געמיינדע־סינאַגאָגע און דאָ האָבן די פרומע יידן שוין געמוזט אַרויסטרעטן אין אַן אָפענעם קאַמף מיט די רעפאָרמאַטאָרן. די רעגירונג איז געווען אויף דער זייט פון די אָרטאָ־דאָקסן, נאָר דאָך האָט דאָס דווקא געבראַכט אַ טובה דער רעפאָרם־באַ־וועגונג, וועלכע האָט ביסלעכווייז אָנגעהויבן זיך פאַרברייטערן נישט בלויז אין בערלין, נאָר אויך אין אַנדערע שטעט. די רבנים פון יענער צייט האָבן פּראָטעסטירט קעגן דער נייער רעפאָרם, אָבער אויך די דעמאָל־

טיקע רבנים האָבן שוין נישט געהאַט די אויטאָריטעט, וואָס אַמאָל, און יאַקנבסאָן מיט זיינע אָנהענגער, וועלכע האָבן געהאַט אויף זייער זייט אי עשירות, אי בילדונג, אי השפעה אין די געבילדעטע קרייזן, האָבן זייערס אויסגעפירט.

פון דערזעלבער אינטעליגענטער סביבה און אין דערזעלבער צייט איז אויסגעוואַקסן דער „פאַראיין פאַר קולטור און וויסנשאַפט פון יידן". דער גרינדער פון פאַראיין איז געווען דער יונגער עדואַרד גאַנז, צוזאַמען מיט זיינע חברים לעאָפּאָלד צונץ און משה מאָזער. אַט די אַלע יונגע לייט האָבן זיך געשטעלט אַ הויכע אויפגאַבע: דורכצופירן ביי יידן אַ פולשטענדיקע געזעלשאַפטלעכע און גייסטיקע איבערקערעניש. לויט דעם פּלאַן פון די יונגע אידעאַליסטן האָט מען געדאַרפט גרינדן שולן, סעמי־נאַרן, אַקאַדעמיעס, שטיצן אַלערליי וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן, פאַרשפּרייטן צווישן יידן מלאכה, פעלד־אַרבעט, קונסט און אפילו אויסבעסערן די אויי־סערלעכע פיינקייט פון יידן. מיט איין וואָרט, דער פאַראיין האָט זיך אַרומ־געטראָגן מיט הויכע פּלענער וועגן אַ גייסטיקער רעוואָלוציע אין יידנטום און אין דערזעלבער צייט האָט יעדער מיטגליד פון פאַראיין געדאַרפט געבן אַ שבועה, צו ווייזן דער וועלט אַ ביישפּיל פון שטאַרקייט פון ווילן און מוט און אויף קיין פאַל נישט זיין בוגד זיין אין יידנטום. צום פאַראיין זיינען גלייך צוגעשטאַנען: פרידלענדער, יאַקאָבסאָן, היינריך היינע און נאָך עטלעכע צענדליגק מענטשן, אָבער באַלד האָבן די יונגע אידעאַליסטן געמוזט מודה זיין, אַז אַזעלכע הויכע פּלענער ווערן נישט דורכגעפירט דורך אַ הייפעלע מענטשן, אַז אין פּראַקטישן לעבן איז פאַר דעם קיין אָרט נישטאָ; דען אנשטאָט צו זוכן אַ וועג צום פאָלק, אנשטאָט צו געפי־נען די וואָרצלען פון דער פאָלקס־נשמה, האָבן די גרינדער פון פאַראיין, וועלכע זיינען אין תוך געווען אַסימילאַטאָרן, אָנגעהויבן שיטן פעך און שוועבל אויף דעם יידישן פאָלק און אין כעס געוואָרן אויף דער גאַנצער וועלט דערפאַר, וואָס זייערע פאַנטאַסטישע פּלענער ווערן נישט גלייך פאַרווירקלעכט. דער פאַראיין האָט מיט דער צייט געמוזט זיך אָפּזאָגן פון זיין צו־ברייטן פּראָגראַם און קאָנצענטרירן זיין גאַנצע טעטיקייט אויפן געביט פון יידישער וויסנשאַפט „חכמת ישראל", וואו זיי האָבן ווירקלעך עפּעס אויפגעטאָן. אָבער אויך דאָ איז דאָס יידנטום אין די אויגן פון די גרינדער פון פאַראיין געווען נישט מער, ווי אַן אָפּגעשטאָרבענער גוף.

וועלכער איז נאָר אינטערעסאַנט ווי מאַטעריאַל פאַר וויסנשאַפטלעכע חקירות, און זיי האָבן געגלויבט אין דער משונהדיקער תורה פון זייער רבי, העגעל, וועלכער האָט געזאָגט, אַז דאָס יידנטום איז אַ „גייסט־רע־ליגיע, פון וועלכער דער גייסט איז געוואָרן פאַרשוואונדן", ד"ה, אַז דאָס יידנטום האָט דערגרייכט זיין העכסטן אויסדרוק אין קריסטנטום און מוז איצט אונטערגיין. אין אַזאַ גייסט האָבן די פירער פון פאַראיין געפירט אויך זייער „צייטשריפט", וואָס האָט אָנגעהויבן אַרויסצוגיין אין יאָר 1823, אונטער דער רעדאַקציע פון צונץ, און עס איז קיין וואונדער נישט, ווען די דאָזיקע „צייטשריפט" האָט נישט געפונען קיין שום אָפּקלאַנג ביי יידן. אין גיכן האָבן די פירער געמוזט זיך איבערצייגן אַז די יידישע געזעלשאַפט איז קאַלט און גלייכגילטיק צום גאַנצן פאַראיין, וועלכער האָט זיך נישט גערעכנט מיט דער יידישער היסטאָריע און אָפּגעלאַכט פון דער גאַנצער יידישער פאַרגאַנגענהייט. דער פאַראיין האָט אָנגעהויבן אַלץ פאַלן און פאַלן, גאַנז האָט געשאָסן מיט שטורעמדיקע און צאָרנדיקע אויפרופן, וואָס ער האָט אַרויסגעלאָזט איינעם נאָכן אַנדערן, אָבער עס האָט נישט געהאָלפן: שוין אין 1824 איז דער פאַראיין שטיל געשטאָרבן און קיינער האָט דאָס אפילו נישט באַמערקט. דער גאַנצער פירער פון פאַראיין, גאַנז, איז געווען אַזוי פול מיט כעס און יאוש, אַז ער האָט פאַרגעסן זיין שבועה און זיך אָפּגעשמדט, כדי צו באַקומען די שטעל פון אַ פּראָפעסאָר. ביי היינריך היינע האָט דאָס אַרויסגערופן אַ גרויסן פאַר־דרוס און צאָרן: „עס איז שוין לאַנג אָנגענומען אויף דער וועלט — האָט ער דאַן געשריבן, — אַז ווען עס טרינקט זיך אַ שיף אין ים, פאַרלאָזט עס דער לעצטער זיין קאַפּיטאַן. אָבער גאַנז האָט דער ערשטער זיך גע־ראַטעוועט".

פון דעם „קולטור־פאַראיין" איז אָבער דאָך פאַרבליבן איין זאַך, וואָס האָט אַריבערגעוואויגן אַלע חסרונות זיינע: די יידישע וויסנשאַפט. דער קאַמף פאַר דער גלייכבאַרעכטיקונג, די שטרעבונג צו רעפאָרמען אין יידנטום גופא, דער פאַרלאַנג צו שאַפן אַ קולטור — דאָס אַלץ האָט סוף כל סוף אַרויסגערופן צווישן יידן אַ זעלבסטבאַוואוסטזיין, דאָס געפיל פון זעלבסטווירדע און עס איז געשאַפן געוואָרן אַ דור פון געלערטע, פון גרויסע יידישע קענער, וואָס האָבן לפחות זיך נישט געשעמט מיטן נאָמען ייד און ממילא באַרייכערט דעם גייסטיקן יידישן אוצר.

קודם כל האָט אויפגעבליט די יידישע וויסנשאַפט פון דער געשיכטע. ביז דעמאָלט איז די יידישע געשיכטע געשריבן געוואָרן נאָר דורך קריסטן, וועלכע האָבן זי שלעכט פאַרשטאַנען אָדער בכוונה שלעכט אויסגעטייטשט. איצט האָט זיך געפונען אַ געבילדעטער און זייער פלייסיקער ייד, יצחק מרדכי יאָסט, וועלכער האָט אין יאָר 1820 אָנגעהויבן שרייבן זיין גרויס ווערק „די געשיכטע פון יידן פון דער צייט פון די חשמונאים". אמת, דאָס ווערק איז ווייט פון פולקאָמענקייט. יאָסטן האָט געפעלט דער היסטאָרישער חוש און זיין ראַציאָנאַליזם האָט אים געשטערט צו פאַרשטיין ריכטיק די היסטאָרישע געשעענישן. מ'דאַרף אָבער נישט פאַרגעסן, אַז ער האָט געהאָט פאַר זיך אַן אומגעהויערע אַרבעט ביים זאַמלען און צונויפשטעלן די אַלע מאַטעריאַלן, און זיין ווערק איז דאָך געווען זייער נוצלעך ווי אַ פונדאַמענט פאַר דער יידישער געשיכטע.

פון פוילן, פון דעם לאַנד, וואָס איז ביי די דייטשע משכילים געווען אַזוי פאַרהאַסט און פאַראַכט, זיינען אין יענער צייט דווקא אויסגעוואַקסן צוויי יידישע גרויסע דענקער, וואָס זיינען געווען אַ צירונג פאַר דער יידישער וויסנשאַפט: ר' נחמן קראָכמאַל און ר' שלמה יהודה ראַפּאַפּאָרט (שי"ר). ר' נחמן (געבוירן אין בראָד אין יאָר 1785 און געשטאָרבן אין טאַרנאָפּאָל אין 1840) איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט געלערנט צו קוקן אויף דער יידישער געשיכטע, ווי אויף אַ היסטאָרישן פּראָצעס, און ער האָט אויך געוויזן, ווי אַזוי מען דאַרף זיך באַנוצן מיט דעם טייערן מאַטעריאַל, וואָס געפינט זיך אין תלמוד, כדי צו פאַרשטיין פיל זייטן פון דעם יידישן לעבן אין דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט, וואָס זיינען אָן דעם אומפאַרשטענדלעך. ר' נחמן האָט במשך פון זיין לעבן פאַרעפנטלעכט נאָר אַ קליינעם טייל פון זיינע וויסנשאַפטלעכע חקירות; נישט געקוקט אויף דעם, איז ער דאָך געווען זייער פּאָפּולער און געשעצט. מיט זיין בנעימותדיקער, אַביסל צוריקגעצויגענעם כאַראַקטער, האָט ער צוגעצויגן צו זיך פיל תלמידים און אויך די דייטשע משכילים האָבן אים שטאַרק געאַכט. דער בעסטער פון זיינע תלמידים, ר' שלמה יהודה ראַפּאַפּאָרט (געבוירן אין 1790 אין לעמבערג און געשטאָרבן אין 1867 אין פּראָג), איז געווען אַ זון פון אַן אַלטער תלמודיסטן־משפחה. ער אַליין איז אויך געווען אַ גרויסער תלמודיסט און זייער שווער איז געווען ר' אריה לייב הכהן, איינער פון די לעצטע פוילישע גאונים, אָבער אין גיכן

האָט ער אָנגעהויבן זיך אינטערעסירן מיט אַלגעמיינער וויסנשאַפט און בשתיקה לערנען השכלה־ספרים. אים איז אויסגעקומען אויסצושטיין אַ לאַנגען קאַמף מיט די פאַנאַטישע גאַליציאַנער חסידים; אין דעם קאַמף איז ער אָבער נישט געווען אַליין. אין גאַליציע זיינען שוין דעמאָלט געווען קליינע קרייזלעך משכילים, וועלכע זיינען געשטיצט געוואָרן דורך יוסף פערל פון טאַרנאָפּאָל, וועלכער איז אַרויסגעטראָטן אין אַן אָפענעם קאַמף מיט די חסידים, געעפנט אַ מוסטערהאַפטע הויך־שול פאַר יידן און אַוועקגעלייגט פיל מי און ענערגיע איינצופירן אין גאַליציע די דייטשע השכלה. אין ר' נחמן קראָכמאַל האָט ראַפּאַפּאָרט געפונען אַ גוטן גע־טרייען לערער, וועלכער האָט אים געבראַכט פיל נוצן. ר' נחמן האָט אין אים דערוועקט די ליבע צו פאָרשונגען אויפן געביט פון דער יידישער גע־שיכטע און דער רבי מיטן תלמיד זיינען געווען אַזוי צוגעבונדן איינער צום צווייטן, אַז זיי האָבן געמוזט פון צייט צו צייט זיך צונויפפאָרן און פאַרברענגען עטלעכע טעג אין וויסנשאַפטלעכע שמועסן. אין 1828 האָט ראַפּאַפּאָרט אָפּגעדרוקט מיט אַמאָל זעקס ביאָגראַפיעס פון יידישע גרויסע מענער און דאָ האָט ער אַרויסגעוויזן אַ זעלטענע חריפות, ליבע צו דער זאַך וועגן וועלכער עס האָט געשריבן, און אים, צוזאַמען מיט ר' נחמן קראָכמאַל, קען מען רעכענען פאַר די פאָטערס פון דער יידישער וויסנ־שאַפט. ראַפּאַפּאָרט איז געוואָרן זייער באַרימט און די לעצטע יאָרן געווען פריער רב אין טאַרנאָפּאָל, דערנאָך אין פּראָג.

פון דערזעלבער סביבה איז אויסגעוואַקסן דער פּאָעט יצחק ערטער (געבוירן אין אַ דאָרף ביי פּזשעמיסל אין 1792 און געשטאָרבן אין בראָד אין 1851), אַ גרויסער העברעאישער סטיליסט מיט אַ שיינעם הומאָר און סאַרקאַסטישן געלעכטער. ער איז געווען באַפריינדעט מיט ראַפּאַ־פּאָרטן, האָט ווי ער געליטן פון די חסידישע רדיפות און איז בכלל אויס־געשטאַנען פיל הונגער און דחקות. — אויך מאיר הלוי לעטעריס (1807־1871) איז געווען פון דערזעלבער סביבה; אַלע זיינע יאָרן געליטן פיל נויט און זיך באַרימט געמאַכט דורך זיינע גלענצענדע איבערזעצונגען פון אייראָפּעאישע שריפטשטעלער אויף העברעאיש און אויך מיט זיינע אָריגינעלע שירים אין אַן אויסגעצייכנטער העברעאישער שפּראַך.

פאַר דער וויסנשאַפט פון יידנטום האָט באַזונדער פיל אויפגעטאָן לעאָפּאָלד צונץ, איינער פון די גרינדער פון אויבנדערמאָנטן „קולטור־

פאַראיין". נאָך דעם ווי דער פאַראיין האָט זיך אויפגעלייזט, האָט ער זיך געטרייסט מיט זיינע אַרבעטן אויפן געביט פון דער וויסנשאַפט, וואו ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין שאַרפקייט, זעלטענע המצאות און ווי־סנשאַפטלעכע קאָמבינאַציעס. אַ גרויסן רושם האָט געמאַכט זיין ווערק „די סינאַגאָגישע פּאָעזיע פון מיטלאַלטער", וואָס איז געוואָרן אַ קלאַסיש בוך.

וואָס קראָכמאַל און ראַפּאָפּאָרט זיינען געווען פאַרן מזרח, דאָס זיינען רעדזשיאָ און לוצאַטאָ געווען פאַרן דרום. יצחק שמואל רעדזשיאָ, געבוירן אין גערץ אין 1784, איז געווען מענדעלסאָנס תלמיד, אַ באַדיי־טנדיקער העברעאישער שריפטשטעלער, אַ געלערנטער און זיך אויסגע־צייכנט מיט זיינע פּירושים צו ביבל און היסטאָרישע שריפטן. זיין יונגער פריינט שמואל דוד לוצאַטאָ (שד"ל, געב. 1800 אין טריעסט) האָט פאַר־פאַסט פיל שירים אין העברעאיש און אַרויסגעוויזן פיל ליבע צו דער שפּראַך און אַ שיינעם סטיל, אָבער אים האָט געפעלט די אמתע נשמה פון פּאָעזיע און ער האָט אויך מיט זיינע פּאָעטישע ווערק זיך נישט באַ־גנוגענט. ער האָט זיך אָנגעהויבן פאַרנעמען מיט דערקלערערישער קריטיק פון דער ביבל; ער איז אָבער ביי דעם אַלעמען דאָך געבליבן אַ שטרענג־אָרטאָדאָקסישער ייד. לוצאַטאָ האָט פיל אויפגעטון אויך פאַר דער יידי־שער היסטאָריאָגראַפיע; ער איז קיינמאָל נישט מיד געוואָרן אויסצו־גראָבן און אויסצוזוכן אַלטע האַנטשריפטן, וואָס זיינען געווען פאַרוואַר־פן אין פאַרשידענע ערטער פון איטאַליע, און וועלכע האָבן שפּעטער גע־דינט ווי אַ זייער נוצלעכער מאַטעריאַל פאַר דער יידישער געשיכטע.

שלמה מונק, אַ דייטשער ייד (געבוירן אין 1802 אין גלאָגוי), האָט די יידישע וויסנשאַפט אַריבערגעטראָגן קיין פראַנקרייך. ער איז געווען אַן אויסגעצייכנטער קענער פון דער מזרח־קולטור און ער האָט דער ער־שטער וויסנשאַפטלעך באַאַרבעט די געאָגראַפיע פון פּאַלעסטינע. אין דער־זעלבער צייט האָט ער אויך אויסגעפאָרשט די געשיכטע פון יידן אין מיטל־אַלטער אין אַ גאַנצער ריי מאָנאָגראַפיעס, וואָס זיינען געווען שטרענג וויסנשאַפטלעך באַאַרבעט.

אָט די אַלע געלערנטע אין די פאַרשידענע לענדער האָבן זיך פאַר־אייניקט אין איין גרופּע און צוזאַמענגעאַרבעט אין דעם זאַמלבוך „כרם חמד", וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין טאַרנאָפּאָל 10 יאָר נאָכאַנאַנד.

צוזאַמען דערמיט זיינען אין דייטש אַרויסגעגעבן געוואָרן: „איזראַעליטישע פּרעדיגט אונד שולמאַגאַזין", „וויסנשאַפטלעכע צייטשריפט פיר יודישע טעאָלאָגיע" און „אַלגעמיינע צייטונג דעם יודענטומס". דאָס אַלץ זיינען געווען סמנים, וואָס האָבן אָנגעזאָגט, אַז דאָס יודנטום איז רירעוודיק און לעבנס פעאיק און אַז צווישן די געבילדעטע יידן האָט זיך דערוועקט דאָס זעלבסט־באַוואוסטזיין, דאָס געפיל פון זעלבסט־ווירדע. אין דערזעלבער צייט האָט זיך שטילערהייט אנטוויקלט די רעפאָרם־באַוועגונג און עס האָט אויסגעוויזן, אַז די אַלטע רבנים און די אָרטאָדאָקסישע יידן האָבן שוין אַוועקגעלייגט דאָס געווער און אָפּגעטרעטן דעם פּלאַץ פאַר נייע מענטשן. וואָס ווייטער, איז אַלץ מער פאַרשפּרייט געוואָרן דער מנהג, אויפצונעמען פאַר רבנים מענטשן מיט אַקאַדעמישער בילדונג און מען האָט געקענט מיינען, אַז די רעפאָרמאַטאָרן האָבן שוין אויף זייער זייט דעם נצחון, באַלד האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז אויב עס איז אָפּגעטראָטן פון קאַמפּס־פּלאַץ דער אַלטער יידישער דור, וואָס האָט מיט זיינע אויסערלעכע זיטן און געטאָ־געוואוינהייטן שוין נישט געקענט צופרידנשטעלן די יידן פון דער מאָדערנער קולטור מיט זייערע נייע געשמאַקן און נייע זיטן, — איז אויף זיין אָרט אויפגעשטאַנען אַ נייער כוח, וואָס פאַראייניקט אין זיך די גוטע זייטן פון דער מאָדערנער קולטור מיט דער אַלטער געטרייער איבערגעבנקייט צו דער יידישער רעליגיע. דאָס האָט זיך אַרויסגעוויזן אין דעם האַרטן קאַמף צווישן צוויי יונגע מענטשן, וואָס האָבן צוזאַמען געלערנט אין איין אוניווערזיטעט, צוזאַמען זיך צוגעגרייט צו דער שטעל פון רבנות און זיינען אין די קינדער־יאָרן געווען זייער באַפריינדעט. דאָס זיינען געווען אברהם גייגער און שמשון רפאל הירש,ביידע מענטשן מיט גרויסע פעאיקייטן, וואָס האָבן אָנגעהויבן פירן אַ האַרטן קאַמף צווישן זיך.

דעם קאַמף האָט אָנגעהויבן גייגער (געבוירן אין פראַנקפורט אין 1810 און געשטאָרבן אין בערלין אין 1875). פון דער נאַטור אַן אומדערשראָקענער, קאַמפּס־לוסטיקער מענטש, האָט ער אין זיין „צייטשריפט פאַר טעאָלאָגיע" אָנגעהויבן אַ שאַרפע פּאָלעמיק מיט יענע קריסטלעכע געלערטע, וואָס האָבן זיך מיט פאַראַכטונג באַצויגן צום יידנטום. אין דערזעלבער צייט האָט ער געפּרואווט וויסנשאַפטלעך באַגרינדן די רעפאָרם־באַוועגונג. ער האָט געשטרעבט „צוצופּאַסן די רעליגיע צום לעבן"

און אויפן גרונט פון שאַרפזיניקע טיפע חקירות זיך באַמיט צו באַווייזן, אַז אין יידנטום דאַרף נאָר בלייבן דאָס אייביקע, דאָס גרינטלעכע און, פאַרקערט, יענע טראַדיציעס, וואָס שטאַמען נישט פון עצם פון דער יידישער רעליגיע און זיינען אנטשטאַנען נאָר מיט דער צייט, מוזן אָפּ־טרעטן זייער פּלאַץ פאַר די פאָדערונגען פון דער נייער צייט, פון דער קעגנוואַרט. קעגן דעם שטאַנדפּונקט איז אַרויסגעטראָטן די געבילדעטע אָרטאָדאָקסיע, ביי וועלכע דער עיקר איז געווען אָפּצוהיטן די יידישע רעליגיע אין איר גאַנצקייט צוזאַמען מיטן תלמוד און דער רבנישער ליטעראַטור. בראש פון דער נייער אָרטאָדאָקסיע האָט זיך געשטעלט ר' שמשון רפאל הירש, וועלכער איז געווען פריער לאַנד־ראַבינער אין אָל־דענבערג און דערנאָך אין עמדען. זיין ווערק „19 בריוו וועגן יידנטום" האָט געמאַכט אַ גרויסן איינדרוק אין די ברייטע קרייזן פון דער געזעל־שאַפט. מיט אַן אויפריכטיקער התלהבות האָט ער שריפטלעך און מונד־לעך, אין זייער טאַלאַנטפולע דרשות, פאַרטיידיקט די יידישע תורה אין איר גאַנצקייט און געלערנט, אַז יעדער האָט די ברירה אָדער אינגאַנצן צו אנערקענען די יידישע תורה, אָדער אינגאַנצן אָפּזאָגן זיך פון איר, אָבער קיין שום פשרות, קיין שום מיטל־וועגן קענען דאָ נישט זיין גיל־טיק. צווישן די דאָזיקע צוויי עקסטרעמע שטרעבונגען פון גייגער און הירש האָט זיך געשטעלט לודוויג פיליפּזאָן, וועלכער איז אַרויסגעטראָ־טן אין זיין „אַלגעמיינע צייטונג דעס יודענטומס" מיט אַ פּראָגראַם פון מעסיקע רעפאָרמעס. די „אַלגעמיינע צייטונג" האָט געהאַט אַ גרויסן דער־פאָלג און אַרום איר האָבן זיך גרופּירט פיל געבילדעטע קרעפטן.

גאָר אַ באַזונדער פּלאַץ אין דער געשיכטע פון דער קולטור־באַווע־גונג פון יענער צייט פאַרנעמען די צוויי גרויסע שריפטשטעלער היינע און בערנע, וועלכע מען דאַרף באַטראַכטן ווי קינדער פון יענער עפּאָכע ביי יידן, מיט אַלע אירע אינערלעכע סתירות און שטרעבונגען: איר אַכטונג צום אַלטן יידנטום און שטרעבונג צו דער מאָדערנער קולטור, רעפאָרם־באַוועגונג און יידישער וויסנשאַפט, אייגענער קולטור און פּאַק־טישער טיפער אַסימילאַציע.

לודוויג בערנע אָדער לייב ברוך (געבוירן אין פראַנקפורט אַם מאַין אין 1786 און געשטאָרבן אין פּאַריז אין 1837) איז כמעט שוין אין די קינדער־יאָרן געווען אַ שונא פון טראַדיציאָנעלן יידנטום. זיין פאָטער יעקב

ברוך, וועלכער האָט געהאַט אַן אריינגאַנג צווישן הויכגעשטעלטע פּערזאָ־
נען און אין עסטרייכישן הויף, איז געווען אַ פריידענקער און כמעט אין
גאַנצן פרעמד פון יידנטום. דאָך האָט ער געפאָדערט פון די לערער, אַז
זיי זאָלן דערציען זיינע קינדער לויטן אַלטן שטייגער און דערווייל זיי
נישט „אויפדעקן" די אויגן. אַ דאַנק דעם האָט בערנע אין דער יוגנט גע־
לערנט תורה און אַ ביסל תלמוד, אָבער אָן חשק און גייסט, ווי אַן אויטאָ־
מאַט. אין גיכן האָט ער געמוזט איינזען, אַז די תורה, וועלכע עס לערנען
אים די עלטערן, איז ביי זיי אַליין נישט געשעצט און געאַכטעט, און דער
יונגער בערנע האָט דעריבער נישט געקענט באַציען זיך צו זיין יידישקייט
מיט דרך ארץ. ביסלעכווייז האָט ער פאַרלאָזט זיינע יידישע למודים, אַזוי
אַז שפּעטער איז אים אפילו שווער געווען צו לייענען העברעאיש. דער סאַ־
לאָן פון מאַרקוס הערץ, וואו מען פלעגט אָפּשפּעטן פון אַלץ, וואָס איז
יידיש, האָט איבערגעריסן דעם לעצטן פאָדעם, וואָס האָט פאַראייניקט
בערנען מיטן יידנטום. ער איז געווען הייס פאַרליבט אין דער שיינער
הענריעטע הערץ, וואָס איז דעמאָלט געווען כמעט טאָפּלט עלטער פון אים,
אַזוי ווייט, אַז ער האָט צוליב איר געוואָלט זיך נעמען דאָס לעבן. נאָ־
טירלעך, האָט זי געהאַט אויף אים אַ גרויסע ווירקונג.

צו 18 יאָר האָט בערנע פאַרשריבן אין זיין טאָג־ביכל דעם ווייטער־
דיקן געדאַנק: „דעם אינהאַלט פון גוטס קען מען דערקלערן אין עטלעכע
ווערטער. וואָס איז דען גוטס? גליק. און וואָס איז גליק? — די פרייהייט.
אויף דער פרייהייט קען מען שוין מער נישט פרעגן, וואָס דאָס איז, ווייל
דאָס איז די איינציקע איינפאַכע און אייביקע אייגנשאַפט, וועלכע איז באַ־
העפט מיטן שכל, מיט גאָט, מיט דעם אַבסאָלוט, און ווערט דערקלערט
דורך זיך אַליין". די דאָזיקע אידעע האָט בערנען באַהערשט זיין גאַנץ לעבן
און איז געוואָרן דער יסוד פון זיין גאַנצער טעטיקייט. „ווייל איך בין
געבוירן געוואָרן אַ קנעכט, ליב איך די פרייהייט מער איידער איר; יאָ,
ווייל איך האָב געקענט די קנעכטשאַפט, ווייס איך צו שעצן די „פריי־
הייט" — פלעגט בערנע אָפט זאָגן. און, באמת, האָט ער, „דאָס יידל פון
פראַנקפורט", געלערנט די דייטשן, ווי צו זיין מענטשן, אָן אויפהער אין
זיי געוועקט דאָס זעלבסט־באַוואוסטזיין און די ליבע צו פרייהייט. מיט
אַ וואונדערבאַרער איראָניע, מיט אַן אויסערגעוויינלעכער שאַרפקייט האָט
בערנע נישט אויפגעהערט צו שליידערן זיין צאָרן דעם דייטשטום פאַר

זיין קליינלעכקייט און נאַרישקייט. איז ער געווען אַן אמתער פּאַטריאָט? איז ער געווען אַ דייטש? בערנע האָט קיינמאָל נישט (נאָך זיין שמדן זיך אַפילו) געלייקנט אין זיין יידישער אָפּשטאַמונג; זיין ליבע צום אמת, זיין געבוירענער רעאַליזם און שכל הישר האָבן אים קיינמאָל נישט געלאָזט ווערן ענלעך צו יענע נאַרישע משומדים, וועלכע האָבן שטענדיק מורא, מען זאָל זיי נישט דערמאָנען זייער אָפּשטאַמונג און באַמיען זיך צו זיין פרימער פון פּויפּסט אַליין. ווי וויט ער האָט געשעצט זיין נייע רעליגיע קען מען זען דערפון, וואָס ער פלעגט אָפט זאָגן, אַז אים איז אַ שאָד „די קאָסטן פון דער טבילה". פאַר אים איז פּשוט נישט וויכטיק געווען דער אַקט פון איבערגיין אין אַ פרעמדער רעליגיע. „איך האָב נישט ליב נישט דעם קריסט און נישט דעם ייד, איך ליב זיי נאָר, אויף וויפיל זיי זיינען מענטשן און זיינען געבוירן צו זיין פריי". אמתע גייסטיקע פרייהייט — דאָס איז געווען זיין אידעאַל. אין יידנטום האָט ער מער נישט געזען, ווי אָדער געלט־דורשטיקע באַנקירן און מיאוסע געטאָ־געוואוינהייטן, אָדער לייכטע אָפּי־קורסימלעך, וואָס מאַכן אין אַלץ נאָך די קריסטן. אין דייטשנטום ווידער האָט ער געזען אָדער קליינלעכקייט און נאַרישקייט, אָדער מיאוסע שקלאַ־פעריי. בערנע האָט דעריבער נישט געקענט שפּירן זיך גוט נישט ביי יידן, נישט ביי דייטשן און ער האָט ביידע געשליידערט אין פּנים אַריין זיין צאָרן און זיין איראָניע. אין זיין „אַפּאָסטאַטען דעס וויסענס און נעאָפיטען דעס גלויבענס" קריטיקירט ער מיט אַן אומגעוויינלעכער שאַרפקייט יעדעס אינערלעכע אָפּרייסן זיך פון יידנטום און איבערגיין צו די אויסערלעכע פאָרמען פון דער קריסטלעכער אמונה. דערפאַר האָט ער נישט אויפגעהערט אָנצופאַלן אויף די קעגנער פון יידן, גענומען דעם אַנטיסעמיטישן „בייזן אָקס" פאַר די הערנער און מיט אַ פעסטער האַנט אים צוגעפירט צום שאַנד־סלופּ. אין קאַמף מיטן אַנטיסעמיטיזם האָט בערנע, אַן צווייפל, אויפגעטאָן מער פון אַנדערע און נאָר דערפאַר, ווייל ער האָט קעגן אים געקעמפט אין נאָמען פון דער אַלגעמיינער פרייהייט און אַנטדעקט זיין גאַנצן מיאוסן אינהאַלט.

אַ מער רייכע, מער פאַרוויקלטע נאַטור איז געווען היינריך היינע. אויב בערנע איז געווען אָביעקטיווער און געבילדעטער פון היינען, האָט אים דערפאַר אָבער געפעלט היינעס גאונות, — יענע גרויסע קראַפט, וואָס גייט פון אינעווייניק, וואָס אַנטפּלעקט זיך דעם מענטשן אין „רוח הקדש".

היינריך היינע (געבוירן אין דיסעלדאָרף אין יאָר 1799 און געשטאָרבן אין פּאַריז אין 1854) איז געווען פיל מער צוגעבונדן צום יידנטום, איידער בערנע, און דערפאַר אויך פיל טראַגישער און צעבראָכענער. מיטן אידנ־טום האָט ער זיך שטענדיק אַרומגעטראָגן, אַלצאיינס, צי ער האָט דאָס געליבט, צי ער איז אויף אים אָנגעפאַלן. די פראַגע וועגן יידנטום האָט אים שטענדיק געפּייניקט און נישט געגעבן קיין רו. היינעס מוטער איז געווען א טאָכטער פון אַן אָנגעזעענער יידישער משפחה. היינע האָט זיין גאַנץ לעבן נישט אויפגעהערט זי צו ליבן און צו שעצן — ער האָט זי אַפילו באַזונגען אין לידער. זיין מוטער האָט דערצויגן אירע קינדער אין גייסט פון דער יידישער רעליגיע, און דאָס, וואָס א מענטש באַקומט אין די קינדער־יאָרן, ווערט אַזוי גיך נישט פאַרגעסן. אין דער יוגנט האָט היינע געהיט אַלע יידישע דינים און אויך געלערנט תורה. ער האָט גע־קענט ווינציקער, איידער בערנע, אָבער דערפאַר איז דאָס ביסל יידישקייט, וואָס ער האָט געהאַט, פאַרבליבן ביי אים פיל לענגער. דעם תנ״ך און דער יידישער געשיכטע איז ער געבליבן טריי זיין גאַנץ לעבן; און אים האָט, אפשר אונטערבאַוואוסטזיניק, קיין מאָל נישט אויפגעהערט ריידן דאָס געפיל פון שטאָלץ, וואָס ער איז אַ זון פון יענע יידן, וועלכע זיינען גע־גאַנגען אויף קדוש השם און אַריבערגעטראָגן אומגעווייגלעכע יסורים.

ווי בערנע, האָט אויך היינע נישט געפונען זיין אידעאַל נישט אין יידנטום און נישט אין דייטשטום. ער האָט קיינמאָל נישט אויפגעהערט שטרעבן צו אַ אידעאַל, אָבער קוים האָט ער אים געפונען, האָט ער באַלד מיט זיין פּעסימיזם און מיט דער קראַפט פון זיין געניאַלן וויץ דעם אידעאַל אַליין צו שפּאָט געמאַכט. די אויסערלעכע זייטן פון אַלטן טראַדיציאָנעלן יידנטום האָבן אים פונקט אַזוי אָפּגעשטויסן, ווי די געגנג פון די קריסטן און די מאָדערנע יידן, וואָס מאַכן זיי נאָך. אין האַרצן האָט ער אָבער נישט אויפגעהערט צו טראָגן אַ הויכע מיינונג וועגן דער וועלט־באַדייטונג פון יידנטום. ער איז געווען אַ טעטיקער מיטגליד פון „קולטור־פעראיין" און אויך אָפּגעגעבן עטלעכע שעה אין וואָך פאַר פּוילישע ייִנגלעך, וואָס האָבן זיך געלערנט אין דער בערלינער שול. אָבער אין דער זעלבער צייט האָט ער צו שפּאָט געמאַכט פרידלענדערן מיט זיינע חברים און זייערע רעפאָרם־שטרעבונגען. „מיר זיינען שוין מער נישט אימשטאַנד צו פאַרלאָזן זיך אַ באָרד, פאַסטן, פיינט האָבן און טראָגן אונדזער יאָך מיט דער קראַפט פון

דער שנאה. דאָס איז דער זין פון אונדזער רעפאָרמאַציע". „אויך איך — האָט היינע אָפנהערציק מודה געווען — האָב קיין כוח נישט צו פאַרלאָזן זיך אַ באָרד און לאָזן זיך צו שפּאָט מאַכן אויף די גאַסן". די קריסטלעכע צערעמאָניעס, וועלכע די יידישע רעפאָרמאַטאָרן האָבן איינגעפירט אין די שילן, האָבן ביי היינען אַרויסגערופן עקל און ער האָט פאַרשטאַנען, וויפל שיינקייט עס ליגט אין דער אַלטער יידישער רעליגיע און ווי נאַריש עס איז, ווען מען טוישט־אויס די גרויסע יידישע אידעאַלן אויף דעם „עוואַנגעלישן קליין־קריסטנטום". די דאָזיקע שנאה צו די, וואָס גייען איבער פון יידנטום אין לאַגער פון שונא, האָט היינע אויסגעדריקט אין זיין דראַמע „אַלמאַנזאָר", וועלכע האָט אין דייטשלאַנד געמאַכט אַ געוואַלדיקן רושם, אָבער די דייטשן האָבן קיינמאָל נישט געקענט שענקען דעם ייד היינע, וואָס ער האָט געוואַגט אין פּרעכטיקע גראַמען צו שילדערן די אַלע מיאוסקייטן, וואָס ווערן אָפּגעטון אין נאָמען פון קריסטנטום.

אין יענער צייט האָט היינע שטאַרק זיך פאַרנומען מיט דעם שטודיום פון דער יידישער געשיכטע. אין זיין „רבי פון באַכראַך" האָט ער געוואָלט שילדערן די גאַנצע יידישע טראַדיציע אין דער פאָרעם פון אַ היסטאָרישן ראָמאַן. אין גאַנג פון דער יידישער געשיכטע, וואָס איז אַזוי רייך מיט פאַקטן, יסורים און מסירת־נפש, האָט היינע געזען עפּעס אַ העכערע השגחה. באַזונדערס האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אויף דער געשיכטע פון יידן אין שפּאַניע פאַר דער צייט פון מיטלאַלטער. פון יענער עפּאָכע האָט ער געוואָלט שילדערן יידן פון גרויסן שטאָלץ, וואָס האָבן הויך געטראָגן זייער פאָרן און זענען מיט באַוואוסטזיין געגאַנגען וויטער זייער וועג. ער האָט צוליב דעם פיל זיך געגראָבן אין ביכער, געזאַמלט מאַטעריאַל און געגלויבט, אַז ער וועט מיט דעם ווערק פיל אויפטאָן.

אָבער אין דער זעלבער צייט, ווען היינע איז געווען אַזוי פאַרנומען מיט דער יידישער געשיכטע און אַזוי פול מיט דרך־ארץ צו זיין פאָלק און מיט אַ שטאַרקער שנאה צום קריסטנטום — האָט ער שטיל זיך אָפּגעשמדט. אַ לאַנגע צייט האָט ער מיט זיך אַליין געהאַלטן מלחמה און סוף כל סוף זיך באַשלאָסן אויף דעם שריט, ווייל ער האָט געהאָפט צו באַקומען דערנאָך אַ רעגירונגס־שטעלע. אָבער נאָכן שמדן זיך איז זיין שנאה צום קריסטנטום געוואָרן נאָך גרעסער. „איך פאַרזיכער דיר — האָט ער געשריבן צו זיין חבר מאָזער — אַז ווען מען וואָלט לויטן געזעץ געמעגט

גנבנען זילבערנע לעפלען, וואָלט איך מיך נישט געשמדט". אים האָט אויך באמת פאַרדראָסן אויף זיינע יידישע חברים, וואָס זיי מאַכן אים נישט קיין פאָרוואורף פאַר זיין נישט־שיינעם שריט. אין אַ בריוו צו דעמזעלבן מאַ־זער שרייבט ער: „איך בין צופרידן, וואָס דער אַלטער פרידלענדער און בן־דוד זיינען שוין אַלטע מענטשן און וועלן אין גיכן אָפּשטאַרבן. אין זיי קענען מיר זיכער זיין און כאָטש אַ דאַנק זיי וועט מען נישט קענען זאָגן אויף אונדזער דור, אַז ער האָט נישט פאַרמאָגט קיין איין פעסטן מענטשן".

שפּעטער האָט היינע נישט ווינציק ביטערע ווערטער אַרויסגעזאָגט וועגן יידנטום. אין אים האָבן נישט אויפגעהערט צו קעמפן צווישן זיך צוויי קעגנזעצטע שטרעבונגען: איינע צו דער הויכער מאָראַל פון יידנטום און די צווייטע צו דער גרויסער שיינקייט פון העלעניזם. היינע האָט זיך געוואָלט איינריידן, אַז ער האָט אין זיך אַ נשמה פון אַ העלעניסט, אָבער די לעצטע יאָרן, אונטער דער ווירקונג פון זיין שווערער קראַנקהייט, האָט ער זיך אומגעקערט צו דעם תנ"ך, וואָס איז ביי אים הייליק געוואָרן, צו דער יידישער געשיכטע און צום יידישן גאָט. „איך האָב זיך אומגעקערט צו גאָט" — האָט ער געשריבן פאַר זיין טויט, און מען קען זאָגן, אַז ער האָט זיך אומגעקערט אין געדאַנק אויך צום יידישן פאָלק; פאַקטיש איז ער אָבער דאָך געבליבן ביי פרעמדע און זיינע געניאַלע ווערק האָבן באַ־רייכערט יענע פרעמדע קולטור, צו וועלכער ער האָט געטראָגן אין האַרצן אַ באַהאַלטענע שנאה ביז זיין לעצטן אָטעם־צוג.

## קאַפּיטל נײַן

### דער עלילת־דם־פּראָצעס אין דמשק און דאָס יאָר 1848

די רעוואָלוציע פון יולי 1830, דער קאַמף אויף די פּאַריזער באַרי־קאַדן, די מפּלה פון דער בורבאָנען־דינאַסטיע אין פראַנקרייך, — אַט די אַלע פאַקטן, וועלכע זיינען פאַר אייראָפּע געקומען ווי אומדערוואַרט, האָבן געמאַכט אַ געוואַלדיקן רושם. די פעלקער, וואָס זיינען געווען מיד נאָך דער גרויסער רעוואָלוציע און די נאַפּאָלעאָנישע מלחמות און אויף אַ לאַנ־גער צייט איינגעשלאָפן, האָבן איצט דערוואַכט פון שלאָף. די אונטער־דריקטע האָבן אומעטום אויפגעהויבן דעם קאָפּ. די בעלגיער האָבן געמאַכט אַן אויפשטאַנד קעגן קעניג פון האָלאַנד, די פּאָליאַקן — קעגן דעם רוסישן קייסער, די איטאַליענער און דייטשן — קעגן זייערע קליינע טיראַנען. וואָס האָבן די יידן געוואונען פון דער אַלגעמיינער רעוואָלוציע?

אין פּוילן, וואו די רעוואָלוציאָנערע מרידה האָט זיך פאַרשפּרייט מיט אַ גרויסער קראַפט, האָט נאָך אַלץ געהערשט דער אַלטער פאַנאַטיזם און אַבערגלויבן בנוגע צו יידן. אין דער הינזיכט איז קיין חילוק נישט געווען צווישן דער אַריסטאָקראַטיע און די דעמאָקראַטישע פּאַרטייען. בשעת דער מרידה האָבן אַ טייל יידן פון וואַרשע דערלאַנגט אַ בקשה, אַז מען זאָל זיי צולאָזן אין די רייען פון די קעמפער פאַר דעם פאָטערלאַנד, אָבער דער אָנפירער פון דער אַרמיי, גראַף ליובענסקי, האָט די בקשה אָפּגעזאָגט. די פּאַטריאָטישע התלהבות פון פיל יידישע לייט איז אָבער געווען אַזוי גרויס, אַז הונדערט אָנגעזעענע יידן האָבן ווידער דערלאַנגט אַ בקשה, מען זאָל זיי צונעמען צו מיליטער־דינסט און דערפאַר שפּעטער זיי געבן גלייכע רעכט. ווען מען האָט באַטראַכט די פראַגע אין סיים, האָט דאָס אַרויסגערופן הייסע דעבאַטן. איינצלנע דעפּוטאַטן זיינען גע־ווען דערפאַר, אַז מען זאָל יידן שוין געבן גלייכע רעכט און זיי צונעמען אין מיליטער, וואו זיי קענען ברענגען פיל נוצן. אָבער דאָ איז אויפגע־שטאַנען דער קריגס־מיניסטער מוראַווסקי און אויסגעשריען מיט פּאַ־טאָס: „ווי קענען מיר דערלאָזן, אַז יידיש בלוט זאָל זיך אויסמישן מיטן

איידעלן בלוט פון די פּאָליאַקן? און וואָס וועט זאָגן אייראָפּע, ווען מען וועט זיך דערוויסן, אַז כדי צו דערשלאָגן זיך צו דער פרייהייט, האָבן מיר געמוזט אָנקומען צו יידן?״ דער דאָזיקער פּאָלשער פּאַטריאָטישער פּאַטאָס האָט געמאַכט אויף די דעפּוטאַטן אַן איינדרוק. דעם 31־טן מאַי 1831 איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דאָס געזעץ, לויט וועלכן יידן ווערן „באַפרייט״ פון מיליטער־דינסט און דערפאַר ווערט אויף זיי אַרויפגעלייגט אַ מיליטערי־שער אָפּצאָל פיר מאָל אַזוי גרויס, ווי פריער. ווי פרייוויליקע איז יידן יאָ דערלויבט געוואָרן צו באַטייליקן זיך אין דער מלחמה, אָבער נישט צו־זאַמען מיט אַלע סאָלדאַטן, נאָר אין אַ ספּעציעלן פּאָלק. און נאָך דעם אַלעמען האָבן די פּאָליאַקן געפאָדערט פון די יידן איבערגעגעבנקייט און טרייהייט, און ווען צווישן זיי האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז יידן דינען ווי שפּיאָנען ביים רוסישן מיליטער, האָט מען זיך אָן די פאַרדעכ־טיקע שרעקלעך נוקם געווען און דערהרגעט אַזויערנאָך פיל יידן.

נאָכדעם ווי וואַרשע איז געפאַלן און דאָס רעשט פון דער פּוילישער אַרמיי איז אַריבער קיין פּרייסן, איז די פּוילישע מרידה שוין אין גאַנצן געווען אונטערדריקט. פּוילן האָט ענדגילטיק פאַרלוירן איר זעלבסטשטענ־דיקייט און איז געוואָרן אַ רוסישע פּראָווינץ. די פּאָליאַקן זיינען מאַסנ־וויַיז אַנטלאָפן קיין פּאַריז און פון דאָרט נישט אויפגעהערט צו פאַר־שפּרייטן רעוואָלוציאָנערע אויפרופן איבער גאַנץ אייראָפּע און אַגיטירן פאַר דער זעלבסטשטענדיקייט פון זייער פאָטערלאַנד. ערשט דאָרט האָבן זיי זיך אַרומגעזען, וואָס פאַר אַ פעלער זיי זיינען באַגאַנגען דערמיט, וואָס זיי האָבן פון זיך אָפּגעשטויסן די נידעריקע שיכטן פון פאָלק, ווי אויך די יידן. די יידישע עמיגראַנטן, וואָס זיינען אויך אַנטלאָפן קיין אויסלאַנד, זיינען געוואָרן גרויסע חשובים ביי די פּאָליאַקטן און די גרעסטע פּוילישע פירשטן זיינען זיך באַגאַנגען מיט די יידן זייער ליבלעך. עס האָט זיך באמת אָנגעהויבן צווישן די פּוילישע עמיגראַנטן אַן איבערלעבעניש פון חרטה און אַן אויפריכטיק מיטגעפיל צום אידישן געדריקטן פאָלק, וואָס איז געווען פעאיק צו פאַרשטיין זייער האַרץ און מיטפילן זייערע ליידן. די עמיגראַנטן האָבן פאַרעפנטלעכט אַן אויפרוף „צום יידישן פאָלק״, וואו זיי פאַרגלייכן זייערע ליידן מיט די ליידן פון דער אייביק־געדודפטער יידישער אומה, דריקן־אויס יידן זייער פריינטשאַפט און ברידערלעכע ליבע און זאָגן זיי צו פולקאָמע גלייכבאַרעכטיקונג, ווען נאָר פּוילן וועט

ווידער ווערן זעלבסטשטענדיק. דער אויפרוף האָט געמאַכט אַן איינדרוק אויף יידן און אויך אויף די פּאָליאַקן, וואָס זיינען איצט געוואָרן מער טאָלעראַנט און פריינטלעך. עס איז שוין אָבער געווען צו שפּעט!

אין דייטשלאַנד איז פּאַר יידן צו יענער צייט אַנטשטאַנען אַ מוטיקער קעמפער און פּאַרטיידיקער, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין ענערגיע און פעאיקייטן און געשפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָליע אויך אינעם אַלגעמיינעם לעבן. דאָס איז געווען גבריאל ריסער. ער איז געווען אַ זון פון אַן אויפגעקלערטן און רייכן סוחר (געבוירן אין 1806 און געשטאָרבן אין 1863) און, דעם אמת גערעדט, — זייער ווייט פון יידישקייט. ער איז אָבער געווען אַ מוטיקער מענטש, אַ זון פון נייעם דור, וואָס האָט שוין געטראָגן שטאָלץ דעם קאָפּ און געוואוסט פון זעלבסט־ווירדע און פון מענטשלעכער ערע. ער האָט אויך זיך זעלבסט געמוזט פילן, ווי גרויס עס איז דער דרוק און דער יאָך. ער האָט געהאַט אַ גרויסע אַלגעמיינע בילדונג און ווען ער האָט מיט אויסצייכנונגען אויסגעהאַלטן דעם דאָקטאָר־עקזאַמען און געוואָלט ווערן פּריוואַט־דאָצענט ביי דער היידלבערגער אוניווערזיטעט, האָט די באַדישע רעגירונג אים דאָס נישט דערלויבט. דאַן האָט ער געוואָלט ווערן האַנדלס־אַדוואָקאַט אין זיין געבורט־שטאָט — האָט אים דער סענאַט דערצו נישט דערלאָזט. ער איז אַריבערפאָרן קיין באַקענהיים און געוואָלט באַקומען בירגער־רעכט — האָט מען אים אויך דאָס נישט געוואָלט געבן. דאָס באַוואוסטזיין פון באַליידיקונג און פון דעם געוואלדיקן אומרעכט, וואָס מען באַגייט קעגן יידן, האָט דאַן אים, דעם פון דער נאַטור פרידלעכן און רואיקן געלערטן, געמאַכט פאַר אַ קעמפער. מיט זיין ערשטן ווערק וועגן דער לאַגע פון די דייטשע יידן הויבט זיך אָן אַ נייע עפּאָכע אין דעם קאַמף פאַר דער יידישער גלייכבאַרעכטיקונג.

ביז דעמאָלט פלעגט מען פּאַרטיידיקן יידן אויפן גרונד פון חקירות און פון די געזעצן און ריידן אין נאָמען פון רחמנות און גענאָד. ריסער האָט געהאַט גאָר אַן אַנדערן גאַנג. מיט אַ אומגעוויינלעכן פייער האָט ער גערעדט וועגן דעם מענטשלעכן שטאָלץ און מענטשלעכע רעכט, אַרויסגעשטעלט די שענדלעכע עולה, וואָס די וועלט איז אייביק באַגאַנגען קעגן יידן, און געפאָדערט האָט ער נישט קיין ברעקלעך, נאָר פולקאָמע גלייכבאַרעכטיקונג. ער האָט נישט געבעטלט קיין רעכט, ווי אַ חסד, נאָר מוטיק

געפּאָדערט דאָס, ווי אַ זאַך, וואָס קומט יידן, ווי אַ חוב פון די פעלקער. צו די דייטשע יידן האָט ער זיך געווענדעט, זיי זאָלן אויפהערן זיצן מיט פאַרלייגטע הענט, נאָר אָן אויפהער ריידן און שרייען וועגן זייערע רעכטן און זיך נישט פאַרלאָזן אויף גוטע מענטשן, ווייל באַשיידנקייט און שטיל־קייט זיינען אַזוי מיאוס, ווי פּחדנות, און אויב דער שטאַרקער מעג זיך דאָס דערלויבן, טאָר דאָס נישט טאָן דער שוואַכער, דער אונטערדריקטער. אין דער זעלביקער צייט האָט ריסער געפּאָדערט פון די יידן אַליין, זיי זאָלן אויפהערן מאַכן דעם קאַמף פאַר זייערע רעכט פאַר „אַן עסק", נישט קויפן קיין רעכט פאַר געלט אָדער פאַר הכנעה־געפילן. צו די אַסימילאַ־טאָרן האָט ער זיך געווענדעט מיט אַן אויפרוף, אַז אויב אַפילו זיי געפעלט די קריסטלעכע רעליגיע, טאָרן זיי זיך נישט אַפּשמדן שוין צוליב דעם מענטשלעכן כבוד אַליין, כל זמן יידן וועלן זיין די געדריקטע.

אַזעלכע רייד, אויסגעדריקט אין אַ שיינער שפּראַך און מיט דער קראַפט פון גרויסער איבערצייגונג, האָבן אומעטום געמאַכט אַ גרויסן איינדרוק. צוזאַמען מיט זיין ברען און צאָרן האָט ריסערס שפּראַך געהאַט אין זיך פיל ליבע און ווייכקייט, און דאָס האָט צו אים צוגעצויגן די סימפּאַטיע פון אַלע. פיל איידעלע מענטשן צווישן די קריסטן זיינען גע־וואָרן ריסערס פריינד און צוזאַמען דערמיט אויך יידישע פריינד. אַפילו די קעגנער זיינען געווען גערירט און נישט געקענט ביישטיין קעגן רי־סערס אייזערנער לאָגיק. נאָך שטאַרקער איז געווען די ווירקונג פון רי־סערס שריפטן אויף דער יידישער גאַס: עס האָט זיך געשטאַרקט דער זעלבסט־באַוואוסטזיין און עס איז געוואָרן פעסטער דאָס געפיל פון מאָ־ראַלישער גערעכטיקייט און פון גלייבן אין אַ גיכן נצחון. ריסערס ערשטע שריפט האָט ארויסגערופן אַ גרויסן וכוח אין דער דייטשער ליטעראַטור און דערביי איז געווען צו באַמערקן, אַז אַפילו ביי די קעגנער איז שוין פאַרשוואונדן דער פריערדיקער האַס און די פאַרביסנקייט, און די פּאָלע־מיק ווערט געפירט אין אַ רואיקן טאָן. שוין דאָס אַליין איז געווען אַ גרויסער שריט פאָראויס!

אין דאָס רוב לענדער האָט די רעוואָלוציע פון 1830 נישט געהאַט קיין גרויסע באַדייטונג פאַר דער יידישער עמאַנציפּאַציע; אָבער געוויסע הנחות האָבן יידן דאָך באַקומען. דער קאַמף קעגן דער יידישער גלייכבאַ־רעכטיקונג איז געוואָרן שוואַכער, טעאָרעטיש האָט מען שוין כמעט גאָר־

נישט געהאַט קעגן דעם, אַז מען זאָל יידן געבן רעכט, נאָר „דאָס האַרץ" האָט עס נישט דערלאָזט און פּראַקטיש האָט מען זיך געדונגען, ווי גרויס עס זאָל זיין די רעכט. עס איז געווען קלאָר, אַז די פראַגע וועגן גלייכ־באַרעכטיקונג פאַר יידן אין אייראָפּע איז נאָר אַ פראַגע פון צייט און וועט סוף כל סוף געלייזט ווערן לטובת די יידן. דערצו איז אין גיכן געשען עפּעס אַזעלכעס, וואָס האָט באַוויזן, אַז יידן זיינען אַ גרויסע קראַפט, מיט וועלכער מען מוז זיך רעכענען און אַז מען קען שוין מער די יידן־פראַגע נישט אַוועקמאַכן מיט דער האַנט. דאָס איז געווען דער בלוט־בלבול אין דמשק.

אין דמשק, וואו עס האָבן זיך דאַן געפונען ביז 20 טויזנט יידן, איז איין מאָל (דעם 5־טן פעברואַר 1840) פּלוצים פאַרשוואונדן געוואָרן דער מאָנאַך טאָמאַס. וואָס מיט אים איז פאָרגעקומען האָט קיינער נישט גע־וואוסט, נאָר עס זיינען געגאַנגען קלאַנגען, אַז טאָמאַס האָט נישט לאַנג פאַר דעם געהאַט אַ שאַרפן וכוח מיט אַ טערק און ווען דער מאָנאַך האָט אָפּגע־שפּעט פון דעם נביא מאַכמעד, האָט דער טערק געשוואוירן צו דערהרגע־נען „דעם קריסטלעכן הונט". אייגער אַ טערקישער סוחר, וואָס איז גע־שטאַנען דערביי, האָט זיך נישט געקענט איינהאלטן און באַלד דערהרגעט אויפן אָרט דעם מאָנאַך און דערנאָך זיך אַליין גענומען דאָס לעבן. נישט געקוקט אָבער דערויף, האָבן די מאָנאַכן בעסער געגלויבט, אַז דערהרגעט טאָמאַסן האָבן יידן, און זיי האָבן געפּאָדערט פון פראַנצויזישן קאָנסול, דעם אַוואַנטוריסט ראַטי־מענטאָן, ער זאָל געפינען דעם מערדער. ראַטי־מענטאָן, וועלכער האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָ קען מען אָפּלעקן אַ ביין, האָט זיך אָנגעכאַפּט אין דעם חשד, אַז טאָמאַס איז געהרגעט געוואָרן דורך יידן. אַזוי ווי אין עגיפּטן, צו וועמען דמשק האָט דעמאָלט געהערט, האָט געהאַט אַ גרויסן איינפלוס די פראַנצויזישע רעגירונג, האָט שאַריף־פּאַשאַ, דער גובערנאַטאָר פון דמשק, געמוזט אין אַלץ פאָלגן דעם פראַנצויזישן קאָנ־סול. דער לעצטער האָט בכן געקענט טאָן אַלץ, וואָס ער האָט געוואָלט. באַלד האָבן זיך געפונען קריסטן, וואָס האָבן עדות געזאָגט, אַז זיי אַליין האָבן געהערט, ווי יידן האָבן גערעדט וועגן פאַרשטייענדיקן מאָרד, און אויפן גרונט פון די עדות האָט מען אָנגעהויבן שלעפּן יידן צום געריכט. מען האָט פריער אַרעסטירט איינעם אַ יידישן שערער, אים שרעקלעך גע־פּייניקט און ענדלעך אים איבערגערעדט, אַז ער זאָל עדות זאָגן אויף זיבן

אַנגעזעענע יידן, אַז זיי האָבן דערהרגעט דעם מאָנאַך, מיטן צוועק צו באַ־נוצן זיין בלוט אויף פסח. די זיבן יידן האָט מען אַרעסטירט און געפּיי־ניקט; פריער האָט מען זיי אָוועקגעשטעלט אונטער אַ וואַך און זיי האָבן געמוזט שטיין 36 שעה נאָכאַנאַנד אויף די פיס, אָן עסן און טרינקען און אָן שלאָפן. דערנאָך האָט מען זיי געשמיסן מיט ריטער און ווען זיי זיינען געפאַלן אין חלשות, האָט מען זיי אָפּגעמינטערט און ווידער געשלאָגן, נאָר אויך דאָס האָט נישט געהאָלפן. דאַן האָט מען גענומען אַן ערך 60 יידישע קינדער, זיי אַריינגעזעצט אין אַ פינצטערן קעלער און געלאָזן אָן עסן. דערמיט האָבן די מערדער געהאָפט צו ווירקן אויף די מאַמעס פון די קינדער און זיי צווינגען צו זאָגן פאַלשע עדות. האָט דאָס אויך נישט גע־האָלפן. קיין איינציקע פון די מוטערס האָט זיך נישט באַשלאָסן אויף קיין שום פאַרראַט, און נאָר איינע פון זיי האָט פון ווייטיק זיך אָפּגעשמדט. ראַטי־מענטאָן איז דאַן אַריין אין גרימצאָרן און געדראָט אויסצוקוילען אַלע יידן.

נאָך דעם האָט ער זיך געכאַפּט פאַר דעם לעצטן מיטל. מען האָט אַרעסטירט דעם באַדינער פון איינעם פון די אָנגעזעענע יידן, דוד אַררי, און מען האָט אים אַזוי לאַנג געפּייניקט און געשונדן פון אים די הויט, ביז דער באַדינטער, אַ טערק, האָט זיך מודה געווען, אַז ער אַליין האָט דערהרגעט דעם מאָנאַך, אין דער אַנוועזנהייט פון דוד אררי און אַנדערע אָנגעזעענע יידן. אויף אַזאַ אופן איז אַלץ שוין געווען פאַרטיק. איצט האָט מען זיך גענומען ווידער פייניקן די פאַרדעכטיקע יידן און פאַרלאַנ־גען פון זיי, אַז זיי זאָלן אָנווייזן, וואו עס געפינט זיך דאָס פלעשל מיט בלוט, וואָס מען האָט כלומרשט אויסגעצאַפּט פון דערמאָרדעטן. פון די שרעקלעכע עינויים איז איינער פון די יידן געשטאָרבן, אַ צווייטער האָט אָנגענומען דעם מאַכמעדאַנישן גלויבן און די איבעריקע האָבן שוין קיין כוח נישט געהאַט אויסצוהאַלטן און זיך מודה געווען אין אַלץ, וואָס מען האָט פון זיי פאַרלאַנגט. ווייל אָבער זיי האָבן דאָך פאָרט נישט געקענט אָנווייזן, וואו עס געפינט זיך דאָס פלעשל מיט בלוט, האָט מען זיך ווידער גענומען צום באַדינטן פון דוד אררי. לויט זיין געצוואונגענער אָנווייזונג האָט מען אַרעסטירט נאָך עטלעכע חשובע יידן און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע סדרה פון אכזריותדיקע עינויים.

די געשיכטע האָט געדראָט אָנצונעמען אַ שרעקלעך־טראַגישן כאַראַק־

טער. דער רוצחישער קאָנסול איז נישט מיד געוואָרן צו געפינען אַלץ נייע בלבולים אויף יידן און אונטערשטעלן נייע עדות. ער האָט אויך איבערגע־זעצט אַ שענדלעך ווערק וועגן עלילת־דם און דאָס פאַרשפּרייט צווישן די מוסולמענער. פון די אַרעסטירטע יידן זיינען פיל אויסגעשטאָרבן און די איבעריקע איז פאַרגעשטאַנען טויט־שטראָף. און ווי אויף להכעיס איז צו יענער צייט פאָרגעקומען נאָך איין ענלעכער בלוט־בלבול אויף דעם אינדזל ראָדאָס, וואָס האָט געהערט צו טערקיי. דאָרט האָט זיך אַליין דערוואָרגן אַ ייִנגל פון צען יאָר, אַ קינד פון אַ גריך, נאָר דער חשד איז געפאַלן אויף אַ יידן, אַז דאָס האָט ער דערמאָרדעט דאָס קינד. מען האָט דעם יידן אַרעס־טירט, געפּייניקט, און ווען ער איז שוין געווען האַלב־טויט, האָט ער זיך „מודה״ געווען, אַז ער און נאָך זיבן יידן זיינען באַגאַנגען דעם מאָרד. מען האָט די זיבן יידן אַרעסטירט און דערנאָך אָפּגעשלאָסן דעם גאַנצן געטאָ־קוואַרטאַל, געהאַלטן דריי טעג און דריי נעכט אַלע יידן אָן עסן, און דאָס אַלץ איז געטאָן געוואָרן מיט דער הסכמה פון די קריסטלעכע קאָנ־סולן. די ידיעות וועגן דעם טאָפּלטן מאָרד האָבן אַרויסגערופן אַ שטורעם קעגן יידן אין סיריע און אין טערקיי און אין פיל ערטער איז געקומען צו גרויסע יידן־פּיינטלעכע אומרוען.

אָט די אַלע רציחות האָבן אַרויפגעוואָרפן אַ טיפע שרעק אויף די יידן אין אייראָפּע; זיי האָבן דערזען, אַז אין מיטן 19־טן יאָרהונדערט מוזן זיי נאָך זיך פאַרטיידיקן פון אַזעלכע שרעקלעכע בלבולים און באַ־ווייזן, אַז זיי באַנוצן נישט קיין מענטשלעך בלוט! ראָטי־מענטאָן האָט זיך באַמיט, אַז אַלע פּרטים וועגן דעם בלבול אין דמשק זאָלן פאַרעפנט־לעכט ווערן אין דער פראַנצויזישער פּרעסע, פון וואַנען די ידיעות זיינען איבערגעגאַנגען אין דער איבעריקער אייראָפּעאישער פּרעסע און אונטער־געכאַפּט געוואָרן ווי ריינער אמת. עס האָט אויסגעזען, אַז יידן לעבן נישט אין 19־טן יאָרהונדערט, נאָר אין שרעקלעכן מיטלאַלטער און עס שטייען ווידער פאַר אַלע אַמאָליקע שרעקן און בלוט־פאַרגיסונגען. עס האָבן זיך אָבער געפונען מוטיקע יידן, וועלכע האָבן זיך גענומען אַראָפּצערייסן די פאַלשע מאַסקע און אַנטדעקן דעם אמת. די דאָזיקע יידן זיינען געווען אַדאָלף קרעמיע אין פראַנקרייך און באַראָן נתנאל ראָטשילד מיט סער משה מאָנטעפיאָרע אין ענגלאַנד. אין איין און דעם זעלביקן טאָג זיינען אַוועק: קרעמיע צום פראַנצויזישן קעניג לואי פיליפּ, און אַ יידישע דע־

פוטאַציע צום לאָרד פּאַלמערסטאָן, דעם ענגלישן מיניסטער, בעטן זיי, אַז זיי זאָלן זיך אָננעמען פאַר די יידן אין דמשק.

דער פראַנצויזישער קעניג האָט געענטפערט נישט קלאָר, אַז ער איז גרייט זיך אַנצונעמען פאַר די „אומגליקלעכע יידן", אָבער די גאַנצע מעשה איז אים נישט באַקאַנט. דער ענגלישער מיניסטער האָט געענטפערט קלאָ־רער און קאַטעגאָרישער און צוגעזאָגט תיכף צו באַפעלן די ענגלישע פאָר־שטייער אין טערקיי און אין עגיפּטן אָפּצושטעלן די אכזריות. פון דער דריטער זייט האָבן יידן באַקומען גוטע הבטחות אויך פון עסטרייך. דער עסטרייכישער קאָנסול אין דמשק, מערלאַטאָ, איז געווען דער איינציקער, וואָס איז שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן דער אכזריות פון פראַנצויזישן קאָנ־סול און ער האָט צוגעשטעלט דער עסטרייכישער רעגירונג אַ גענויען באַ־ריכט וועגן דער גאַנצער געשיכטע. מעטערניך, צי ווייל ער האָטווירק־לעך מיטגעפילט די יידן, צי ווייל ער האָט געוואָלט אויסנעמען ביי ראָט־שילדן, האָט באַפוילן זיינע אַגענטן אין עגיפּטן, אַז זיי זאָלן זיך שטעלן אויף דער זייט פון יידן.

ענדלעך זיינען די יידישע דעפּוטאַטן, צווישן זיי אויך ראָטשילד, געקומען קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל און געפּועלט ביים סולטאַן, ער זאָל אַרויס־געבן אַ באַפעל, לויט וועלכן די גריכן האָבן געדאַרפט שיקן דריי באַפול־מעכטיקטע, וואָס זאָלן אַרויסטרעטן ווי באַשולדיקער פון יידן אין מאָרד אין ראָדאָס, און די יידן זאָלן אויך שיקן פון זייער זייט דריי פאַרטיידיקער. אויף אַזאַ אופן האָט זיך קאָנסטיטואירט אַ באַזונדער געריכט און נאָך דריי חדשים אַרבעט האָט דאָס געריכט אנערקענט, אַז יידן זיינען אומ־שולדיק. דער פאַרוואַלטער פון אינדזל ראָדאָס איז אָפּגעזאָגט געוואָרן פון זיין שטעלע און די אַרעסטירטע יידן זיינען באַפרייט געוואָרן. אויך ביים פּאַשאַ פון עגיפּטן, מאַכמעד־אַלי, האָט מען געפּועלט, ער זאָל הייסן אָפּ־שטעלן די ענויים פון די אַרעסטירטע יידן און באַשטימען אַ געריכט פון די קאָנסולן פון עסטרייך, פּרייסן, ענגלאַנד און רוסלאַנד, וואָס זאָלן באַ־טראַכטן די געשיכטע אין דמשק.

דער פראַנצויזישער קעניג האָט זיין וואָרט נישט געהאַלטן. די אי־נערלעכע פּאָליטישע אָנגעלעגנהייטן האָבן דעמאָלט געפאָדערט, אַז מען זאָל לעבן בשלום מיט די גייסטלעכע, פאַר וועלכע דער אמת וועגן דמשק וואָלט געווען אַ גרויסער קלאַפּ, און דעריבער, ווען אין פּאַרלאַמענט איז

אַרײַנגעטראָגן געוואָרן אַן אָנפֿראַגע וועגן ראַטי־מענטאָן, האָט דער מיניסטער טיער פֿריער געדרייט מיט דער צונג און דערנאָך געזאָגט, אַז ער האָט ידיעות, אַז די ייִדן אין דמשק זײַנען טאַקע שולדיק. די באַפֿעלקערונג איז פּאַריז איז אויך געווען פֿאַרבלענדעט און אַפֿילו געבילדעטע לײַט האָט מען אײַנגערעדט, אַז די ייִדן אין דמשק זײַנען מענטשן־פֿרעסער. עס איז דערגאַנגען אַזוי ווײַט, אַז אײַנע אַ פֿראַנצויזישע צײַטונג איז אַרויס מיט אַ פֿאָרשלאָג צו די געשמדטע ייִדן, אַז זיי זאָלן זאָגן דעם ריינעם אמת, צי ייִדן באַנוצן ווירקלעך בלוט אויף פּסח, צי נישט. אויף דעם פֿאָרשלאָג האָט זיך אָפּגערופֿן נאָר איין ייִדישער משומד, וועלכער האָט געשוואוירן מיט אַ קרייץ אין האַנט, אַז אין דעם בלבול איז נישטאָ קיין טראָפּן אמת. די איבעריקע האָבן געשוויגן. דערפֿאַר האָט זיך אויסגעצייכנט דער ענגלישער פּאַרלאַמענט, וועלכער האָט ענערגיש פּראָטעסטירט קעגן דער אכזריות אין דמשק און פֿיל דעפּוטאַטן האָבן געלויבט דעם מיניסטער פּאַלמערסטאָן דערפֿאַר, וואָס ער האָט זיך אָנגענומען פֿאַר ייִדן.

ענדלעך איז אין לאָנדאָן פֿאָרגעקומען אַ גרויסע באַראַטונג פֿון אַלע אָנגעזעענע ייִדן און עס איז באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצושיקן קיין עגיפּטן דעם אָנגעזעענעם משה מאָנטעפֿיאָרע מיט אַדאָלף קרעמיע און נאָך עטלעכע באַגלייטער. עס איז צונויפֿגעקליבן געוואָרן אַ גרויסע סומע געלט און מען האָט באַשטימט אַ מתנה פֿון 1000 פֿונט שטערלינג פֿאַר דעם, וואָס וועט געפֿינען דעם אמתן רוצח פֿון מאָנאַך טאָמאַס. מיט רעקאָמענדאַציעס פֿון גרויסע לײַט אין די הענט און מיט מיליאָנען ברכות אויפֿן וועג האָט מאָנטעפֿיאָרע מיט זײַן קאָמפּאַניע זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן. ער האָט מיטגענומען מיט זיך זײַן איידעלע פֿרוי יהודית און דעם ד״ר לואי לעווי, אַ קענער פֿון שפּראַכן. די ענגלישע קעניגן וויקטאָריאַ האָט אַרויסגעוויזן פֿיל מיטגעפֿיל צו ייִדן און זי האָט פֿאַרן אָפּפֿאָרן אָנגענומען משה מאָנטעפֿיאָרען אויף אַן אוידיענץ און אים געגעבן אַ רעגירונגס־שיף אַריבערצופֿאָרן דעם לאַמאַנש קאַנאַל. פֿאַרן אָפּפֿאָרן פֿון מאָנטעפֿיאָרען האָבן די לאָנדאָנער רבנים עפֿנטלעך געשוואוירן, אַז אין תלמוד איז נישטאָ קיין זכר פֿון באַנוצן קריסטלעך בלוט און אַז דאָס האָט בכלל נישט קיין שום גרונט אין לעבן פֿון די ייִדן. דאַן האָבן די ענגלענדער אויך אַרויסגעוויזן זייער הויכע קולטור און זייער הומאַניזם; זיי האָבן צונויפֿגערופֿן אַ גרויסע עפֿנטלעכע פֿאַרזאַמלונג אין לאָנדאָן, אויף וועלכער עס זײַנען

געקומען פיל געלערטע, דעפּוטאַטן, גייסטלעכע, סוחרים און עס זייגען געהאלטן געוואָרן פיל רעדעס וועגן די מעלות פון די ענגלישע יידן, וועגן דער גרויסקייט פון דער יידישער רעליגיע און וועגן דעם עלילת־דם אין דמשק, וואָס איז אַ שאַנד פאַר אייראָפּע. די רעזאָלוציעס, וואָס זיינען אָנגענומען געוואָרן אויף דעם מיטינג, זיינען אָפּגעשיקט געוואָרן צו אַלע אייראָפּעאישע רעגירונגען און האָבן געמאַכט אַ גרויסן איינדרוק — אַזוי ווייט, אַז אויך דער רוסישער קייסער ניקאָלאַי האָט אַרויסגעזאָגט זיין פּראָטעסט קעגן די ענויים פון די יידן.

מאָנטעפיאָרע און קרעמיע זיינען געקומען קיין קאַירא דעם 4־טן אויגוסט. זיי האָבן זיך באַלד גענומען צו דער אַרבעט און דעם 6־טן אויגוסט איז מאָנטעפיאָרע שוין אויפגענומען געוואָרן אויף אַן אוידיענץ ביי מאַכמעד־אַלי. מאָנטעפיאָרע האָט פאַרלאַנגט פון מאַכמעד־אַלי, ער זאָל אים געבן אַ דערלויבעניש צו פאָרן קיין דמשק און מאַכן דאָרט אַן אויספאָרשונג און דערנאָך זאָל דער פּאַשאַ באַשטעטיקן די רעזולטאַטן פון דער אויספאָרשונג. צו דעם צוועק האָט ער געבעטן ביים פּאַשאַ, ער זאָל אים געבן מיליטערישע שומרים אויפן וועג, באַוואָרענען דאָס רעכט צו ריידן און אויספרעגן די אַרעסטירטע יידן און עס זאָל אויך וועגן דעם פאַרעפנטלעכט ווערן אין די גאַסן אַ ספּעציעלער דעקרעט. דאָס האָט מאַכמעד־אַלין שטאַרק צעמישט. ער איז געווען גרייט צו דערפילן די בקשה פון מאָנטעפיאָרע, אָבער האָט מורא געהאַט פאַר דעם פראַנצויזישן הויפּט־קאָנסול, וועלכער איז געווען קעגן דעם. די יידישע דעפּוטאַטן האָבן זיך אָבער נישט מיאש געווען און נאָך דריי וואָכן וואַרטן האָבן זיי זיך געווענדעט צו אַלע אייראָפּעאישע קאָנסולן מיט אַ בקשה, אַז זיי זאָלן ווירקן אויף מאַכמעד־אַלי, מען זאָל באַפרייען די אַרעסטירטע יידן. אַלע נייַן קאָנסולן, אויסער דעם פראַנצויזישן, האָבן מסכים געווען און מאַכמעד־אַלי האָט געמוזט נאָכגעבן און אַרויסגעבן אַ באַפעל צו באַפרייען די אַרעסטירטע אין דמשק.

די שמחה פון דער יידישער דעפּוטאַציע איז געווען זייער גרויס, נאָר אַזוי ווי אין יענער צייט האָבן פיר אייראָפּעאישע מלוכות אָנגעהויבן אַ מלחמה מיט מאַכמעד־אַלין און מען האָט געקענט פאָראויסזען, אַז סיריע, וואָס איז פריער אָפּגעריסן געוואָרן פון טערקיי, וועט ווידער איבערגיין צו דער טערקישער מלוכה, האָבן די יידישע דעפּוטאַטן אויך געפּועלט ביים

טערקישן סולטאַן, ער זאָל אַרויסגעבן אַ באַפעל, אַז אויף ווייטער זאָל מען יידן נישט באַשולדיקן אין באַנוצן בלוט. קרעמיע און מאָנטעפיאָרע זיינען צוריקפאָרנדיק אומעטום באַגעגנט געוואָרן מיט גרויס כבוד און יעדע יידי־שע קהלה האָט געהאלטן פאַר איר חוב אָפּצוגעבן כבוד די, וואָס האָבן מציל געווען אַזוי פיל יידן פון טויט און אַראָפּגענומען דעם שאַנד־פלעק פון גאַנצן יידישן פאָלק. די יידן פון גאַנץ אייראָפּע האָבן געפייערט זייער נצחון און אין אייניקע ערטער האָט מען דעם טאָג פון דער באַפרייאונג פון די יידן אין דמשק געמאַכט פאַר אַ נאַציאָנאַלן יום־טוב. מאָנטעפיאָרע איז אויך אויפגענומען געוואָרן פון פראַנצויזישן קעניג, ווען ער האָט איבערגעגעבן דעם באַפעל, וואו עס רעדט זיך וועגן דער אומשולד פון די יידן, און לואי פיליפּ האָט געמוזט פון העפלעכקייט וועגן אויפנעמען דעם יידישן דעפּוטאַט און אים גראַטולירן מיט זיין דערפאָלג. נאָך גרעסער איז געווען דער כבוד, וואָס מאָנטעפיאָרע האָט געהאַט ביי דער ענגלישער קעניגין; זי האָט אים זייער פריינטלעך אויפגענומען און געשאָנקען אַ הויכן אָרדן צוזאַמען מיט אַ ספּעציעלער צושריפט אויף זיין נאָמען.

---

אַ גרויסן אָרט אין דער יידישער געשיכטע פאַרנעמט אויך דאָס יאָר 1848. די רעוואָלוציע פון פעברואַר 1848 האָט געמאַכט אַ סוף צו דער הערשאַפט פון לואי פיליפּ און זיך שנעל פאַרשפּרייט אויך איבער דייטש־לאַנד, עסטרייך־אונגאַרן און איטאַליע. אין בייערן האָט דער קעניג לודוויק דער ערשטער געמוזט זיך אָפּזאָגן פון טראָן; אין פיל מדינות פון דייטש־לאַנד האָבן די ליבעראַלן פאַרכאַפּט די מאַכט. נאָך דעם איז די באַוועגונג אַריבער אין די גרויסע מדינות און באַוואָפנטע פאָלקס־מאַסן האָבן דעם 13־טן און 14־טן מאַרץ אַראָפּגעוואָרפן דעם פירער פון דער אייראָפּעאי־שער רעאַקציע, מעטערניך. דעם 18־טן און 19־טן מאַרץ האָט אויך דער קעניג פערדינאַנד דער פערטער געמוזט נאָכגעבן דעם פאָלק, וואָס האָט געמאַכט אַן אויפשטאַנד אין בערלין, און דערפילן אַלע זיינע פאָדערונגען.

אומעטום האָבן די רעגירונגען געמוזט זיך אונטערגעבן דעם רצון פון פאָלק. אין בערלין האָט זיך געעפנט די פּרייסישע און אין פראַנקפורט אם־מאַין די דייטשע נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג אויפן גרונט פון אַן אַל־געמיינעם, גלייכן וואַל־רעכט אָן אונטערשיד פון גלויבן. דער פאָטער פון

וואַל־רעכט צום פּאַרלאַמענט איז געווען גבריאל ריסער. ער איז אויך גע־ווען דער באַגרינדער פון פּאָליטישע רעכט פאַר זיינע ברידער. די יידן האָבן באַקומען דאָס רעכט צו וויילן און ווערן אויסגעוויילט פאַר דעפּו־טאַטן. איין מאָל פאַר אַלע מאָל האָבן די יידן אין דייטשלאַנד און אין עסטרייך באַקומען דאָס וויכטיקסטע פּאָליטישע רעכט. דאָס דאָזיקע רעכט איז טאַקע באַלד פּראַקטיש געוואָרן אַנגעווענדט. קיין פראַנקפורט זיינען געקומען ווי דעפּוטאַטן: גבריאל ריסער און ד״ר פייט פון בערלין; פון עסטרייך זיינען געקומען: מאָריץ האַרטמאַן און איגנאַץ קוראַנדאַ. אין דער בערלינער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג זיינען געזעסן: יאָהאַן יאַקאָבי, ד״ר קאָש און בריל. ווי ווייט די שטימונג איז דעמאָלט געווען פאַר יידן, קען מען זען דערפון, וואָס ריסער איז מיט אַ מערהייט פון 282 קעגן 43 שטי־מען אויסגעקליבן געוואָרן פאַרן צווייטן וויצע־פּרעזידענט פון דער נאַציאָ־נאַלער פאַרזאַמלונג. וואָס־זשע איז נאָך דעם אין דער ווירקלעכקייט גע־שען מיט דער יידישער גלייכבאַרעכטיקונג ?

ווי ביי יעדער גרויסער פאָלקס־באַוועגונג האָט דער שטורעם פון 1848 אין פיל ערטער פון דייטשלאַנד אַרויסגערופן די נידעריקע אינס־טינקטן פון המון און אַזוי ווי יידן זיינען פון שטענדיק אָן דאָס כפּרה־הינדל, האָט מען זיך גענומען ראַבעווען יידיש פאַרמעגן. די רעאַקציאָנערן האָבן אויסגענוצט די בהמהשע אינסטינקטן פון המון און פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז די גאַנצע רעוואָלוציע איז נישט מער ווי אַ יידישע זאַך און איז געמאַכט געוואָרן נאָר אין די אינטערעסן פון די יידן. אין פיל ערטער האָט מען אָפן אַגיטירט פאַר פּאָגראָמען און עס איז טאַקע געקומען צו נויפשטעלן בהסכם מיט דעם קעניג אַ נייע קאָנסטיטוציע פאַרן לאַנד. אין נישט אָפּגעשפּיגלט אין די פּאָגראָמען. דעם צווייטן אַפּריל 1848 האָט זיך אין בערלין צוזאַמענגעקליבן דער „אלגעמיינער לאַנדטאַג״, וועלכער האָט באַשלאָסן צונויפצורופן אַ פּרייסישע גרינדונגס־פאַרזאַמלונג און צו־נויפשטעלן בהסכם מיט דעם קעניג אַ נייע קאָנסטיטוציע פאַרן לאַנד. אין דעם פּראָיעקט פון דער קאָנסטיטוציע, וואָס די רעגירונג האָט אַריינגע־טראָגן, האָבן זיך געפונען אויך די ווייטערדיקע פּונקטן: „אַלע בירגער פון דער מדינה זיינען גלייך פאַרן געזעץ״, „דאָס באַנוצן זיך מיט פּאָליטישע רעכט איז נישט אָפּהענגיק פון אמונה און גלויבן״. די דאָזיקע תקנות

זיינען אַריינגענומען געוואָרן אין די פּרייסישע קאָנסטיטוציעס און דער־מיט האָבן יידן ענדגילטיק באַקומען גלייכבאַרעכטיקונג.

ווי אין דייטשלאַנד, האָט אויך די עסטרייכישע פרייהייט געקאָסט יידן נישט ווייניק בלוט. אין פּראָג זיינען פאָרגעקומען יידישע פּאָגראָמען, וועלכע זיינען דערשטיקט געוואָרן מיט מיליטערישער מאַכט. די פּאָגראָ־מען האָבן ווייטער פון פּראָג זיך נישט פאַרשפּרייט. אין דער ווינער מרידה פון 15־טן מאַי האָבן זיך באַטייליקט פיל יידן און ווען פערדינאַנד דער פערטער האָט געמוזט אַנטלויפן און אין ווין איז גענפנט געוואָרן דער עסטרייכישער פּאַרלאַמענט, זיינען דאָרט געווען ווי דעפּוטאַטן פיל יידן. אין פּראָיעקט פון דער קאָנסטיטוציע איז געווען אַ פּונקט, אַז די אמונה קען נישט שטערן צו באַקומען פּאָליטישע רעכט, און אויף אַזאַ אופן האָט אויך דער האַלבער מיליאָן יידן אין עסטרייך באַקומען גלייכבאַרעכטיקונג.

אויך אין איטאַליע, וואו די יידישע לאַגע איז געווען זייער אַ טרויערי־קע, האָט די רעוואָלוציע פון 1848 אַראָפּגענומען פון די יידן זייערע שווע־רע קייטן. אין מילאַן און ווענעדיק האָבן די קאָנסטיטוציע־אָנהענגער, נאָך אַ שווערן קאַמף, אין וועלכן עס האָבן זיך אויך באַטייליקט פיל יידן, פאַר־כאַפּט די מאַכט און צווישן די 34 פאָדערונגען, וואָס דאָס פאָלק האָט אַרויסגעשטעלט דעם פּויפּסט, איז אויך געווען די פאָדערונג פון יידישער גלייכבאַרעכטיקונג. דעם 17־טן אַפּריל 1848 האָט דער פּויפּסט שוין באַ־פוילן צו צעשטערן די טויערן פון געטאָ. אין קעניגרייך סאַרדיניע זיינען די יידן מיט אַמאָל פאַרוואַנדלט געוואָרן פון פאַרשקלאַפּטע מיטלאַלטער־לעכע אַלטוואַרג־הענדלער און פּראָצענטניקעס אין פרייע בירגער מיט אַלע רעכטן. די יידן האָבן דערפאַר אָפּגעדינט מיט זייער האָב און גוטס און מיט זייער בלוט, וואָס זיי האָבן מקריב געווען פאַר די אינטערעסן פון דער מלוכה.

בכלל האָט דאָס יאָר 1848 געבראַכט פאַר יידן אַ טיילווייזע אָדער פולקאָמע גלייכבאַרעכטיקונג כמעט אין גאַנץ אייראָפּע. אַפילו שפּעטער, ווען די רעוואָלוציע איז אונטערדריקט געוואָרן און די רעאַקציע האָט ווי־דער אויפגעהויבן דעם קאָפּ, האָבן די יידן ווינציק דערפון געליטן און ביסלעכווייז זיינען די רעכטן, וואָס זיי האָבן פריער באַקומען אויפן פּאַפּיר, דורכגעפירט געוואָרן אין לעבן.

פון יאָר 1848 האָט פאַר יידן זיך אָנגעהויבן אַ בעסערע צייט אויך

אין קונסט, וויסנשאַפט און בילדונג. אומעטום, וואו מען האָט יידן נישט געשטעלט קיין שטערונגען, האָבן זיי זיך זייער אויסגעצייכנט און פאַרנומען הויכע שטעלעס. אין אינערלעכן גייסטיקן לעבן האָבן די אייראָפּעאישע יידן נישט געמאַכט קיין גרויסע פאָרשריטן. יענע יאָרן האָבן זיך נאָר אויסגעצייכנט מיט אינערלעכע רייסערייען צווישן די רעפאָרמער, אָרטאָדאָקסן, חסידים, און פון גרויסן פאַראייניקטן יידישן פאָלק זיינען געוואָרן קליינע סעקטעס מיט באַגרענעצטע השגות און שטרעבונגען. אָבער ביי אַלע אינעווייניקסטע סכסוכים האָבן דאָך די בעסטע יידישע כוחות נישט אויפגעהערט צו אַרבעטן לטובת די אלגעמיין־יידישע אינטערעסן. נאָך לאַנגע באַמיאונגען איז ענדלעך פאַרווירקלעכט געוואָרן דער פּלאַן וועגן אַ יידיש־טעאָלאָגישן פאַקולטעט, וואָס האָט זיך געעפנט אין 1854 פאַרן געלט, וואָס ס'האָט איבערגעלאָזט דער רייכער סוחר יונה פרענקעל. דאָס איז געווען די ערשטע וויסנשאַפטלעכע ראַבינער־שול אונטער דער אָנפירונג פון גרויסן געלערטן זכריה פרענקעל. אין 1872 איז געגרינדעט געוואָרן דער „דייטש־איזראַעליטישער געמיינדע־בונד", אין וועלכן עס זיינען באַלד אַריינגעטראָטן 113 יידישע קהלות. אין דעם זעלביקן יאָר האָט זיך געעפנט די בערלינער ראַבינער־שול. אין יאָר 1860 איז אין פּאַריז געגרינדעט געוואָרן די „אַליאַנס איזראַעליט אוניווערסעל" (חברת כל ישראל חברים). איר הויפּט־ציל איז געווען צו פאַרטיידיקן יידן אין אַלע לענדער, וואו זיי ווערן אונטערדריקט, און פאַרשפּרייטן צווישן יידן בילדונג. אין דער שפּיץ פון דער חברה איז געשטאַנען קרעמיע. די יידישע פאָרשטייער אין אַנדערע לענדער האָבן מורא געהאַט, אַז דער נאָמען „יידישער וועלט־פאַראיין" זאָל נישט אויפרייצן די שונאים, וואָס טענהן שוין לאַנג, אַז יידן ווילן דורך זייער אחדות פאַרכאַפּן די גאַנצע מאַכט אויף דער וועלט; מען איז אויך נישט צופרידן געווען, וואָס די „אַליאַנס" באַמיט זיך אין אַלע אירע שולן צו פאַרשפּרייטן די פראַנצויזישע שפּראַך און דעם פראַנצויזישן גייסט, און דעריבער האָבן זיך פון איר אָפּגעטיילט: די ענגלישע חברה „אַנגלאָ דזשואיש אַסאָסיאיישאָן", די עסטרייכישע „איזראַעליטישע אַליאַנס אין ווין" און די דייטשע „איזראַעליטישע אַליאַנס אין דייטשלאַנד".

# קאַפּיטל צען

## די יידן אין רוסלאַנד

דאָס אַלטע „מאָסקווער רוסלאַנד“, וואָס איז געווען אָפּגעשלאָסן מיט אַ כינעזישער וואַנט פון מערב־אייראָפּע, האָט פון שטענדיק אָן געציטערט פאַר יידן, ווי פאַר מכשפים און מחבלים. דאָס אָפּגעשטאַנענע רוסלאַנד מיט זיין האַלב־באַרבאַרישער קולטור האָט נישט געקענט פאַרשטיין און באַנעמען די רירעוודיקייט און קולטורעלע קראַפט פון די יידן — עס האָט פאַר זיי מורא געהאַט. די יידישע סוחרים פון ליטע פלעגן אַמאָל אַריינ־פאָרן קיין רוסלאַנד, נאָר וואוינען האָבן זיי דאָרט נישט געטאָרט. אין 1545 זיינען אין מאָסקווע פאַרברענט געוואָרן די סחורות, וואָס די יידישע סוחרים האָבן אַהין געבראַכט פון בריסק. ווען דער פּוילישער קעניג סי־גיזמונד־אויגוסט האָט געפאָדערט פון רוסישן קייסער יאָהאַן גראָזני, מען זאָל דערלויבן די יידישע סוחרים צו האַנדלען אין רוסלאַנד, האָט דער צאַר געענטפערט אַזוי: „די זשידעס קענען נישט אַריינגעלאָזט ווערן קיין רוס־לאַנד צו פירן האַנדל, ווייל פון זיי קומט אַרויס פיל שלעכטס, ווייל זיי פירן אַריין קיין רוסלאַנד פאַרגיפטעטע מעדיקאַמענטן און ריידן אָפּ די רוסן פון קריסטנטום און ער (דער קייסער) וואָלט אויף להבא בעסער וועגן די זשידעס נישט גערעדט מער“. אין 1563, ווען דאָס רוסישע מיליטער האָט פאַרנומען די פּוילישע שטאָט פּלאָצק, האָט יאָהאַן גראָזני געהייסן אַלע יידן אויסשמדן אָדער דערטרינקען אין טייך. די דאָזיקע באַרבאַרישע פּאָליטיק האָט אין רוסלאַנד זיך נאָך לאַנג געהאַלטן. נאָר אין גיכן איז די רוסן פאָרט אויסגעקומען זיך צונויפצוטרעפן מיט די יידן.

ווען דאָס מאָסקווער מיליטער צוזאַמען מיט די אויפגעשטאַנענע קאָ־זאַקן האָבן פאַרפלייצט ווייס־רוסלאַנד, ליטע און אוקראַינע, האָבן זיי דער־זען פאַר זיך אָן אומגעוויינלעך בילד: פיל שטעט זיינען באַזעצט מיט יידן, מיט דעם פאָלק, וועגן וועלכן זיי האָבן געהאַט אַזאַ אומקלאָרן באַגריף און וואָס האָבן זיך אין זייער פאַנטאַזיע פאַרגעשטעלט אַלס משונהדיקע מענ־טשן. אַלעקסיי מיכאַילאָוויטש האָט אָנגעהויבן באַלעבאַטעווען אין די אייג־

גענומענע פוילישע פּראָווינצן אויף דעם רוסישן שטייגער: אין ווילנע און אין מאָהילעוו האָט מען יידן געהרגעט און די איבעריקע פאַרטריבן; אין וויטעבסק האָט מען די יידן גענומען אין געפענגעניש און אין די איבעריקע שטעט האָט מען זיי באַראַבעוועט און געשחטן; אין גיכן איז אָבער פוילן געוואָרן צוריק פריי. לויט דעם אָפּמאַך פון 1667 האָבן די יידן אויפן לינקן ברעג פון דניעפּער, וואָס איז איבערגעגאַנגען צו רוסלאַנד, געהאַט דאָס רעכט אָדער זיך אַריבערצוקלייבן קיין פוילן אָדער בלייבן אויפן אָרט — נאָר נאַטירלעך מיט דעם הסכם פון דער אָרטיקער קריסטלעכער באַפעל־קערונג. ווי עס ווייזט אויס זיינען אַביסל יידן פאַרבליבן אין סמאָלענסק, דעם נאָענטסטן פונקט צו מאָסקווע, און די רוסישע רעגירונג האָט דאָ געהאַט פאַר זיך אַ שווערע אויפגאַבע: ווי אַזוי אָפּצוהיטן דאָס הייליקע מאָסקווע פון הייפל יידן. עס איז אַרויס אַ באַפעל, אַז יידן טאָרן נישט קומען קיין מאָסקווע האַנדלען, און אין די אָפּמאַכן מיט פוילן איז אויס־גענומען געוואָרן אַ תנאַי, אַז קיין מאָסקווע מעגן קומען אַלע מענטשן „חוץ די זשידעס".

די רעפאָרמעס פון פּיאָטר דעם גרויסן האָבן יידן נישט אָנגערירט. אַלץ איז געבליבן ווי געווען. מען דערציילט, אַז ווען פּיאָטר איז געווען אין האָלאַנד, האָבן די יידן פון אַמסטערדאַם געבעטן דעם בורגמייסטער וויטסען, וואָס איז געווען זייער באַפריינדעט מיטן רוסישן קייסער, ער זאָל אויף אים ווירקן, אַז מען זאָל אַריינלאָזן יידן קיין רוסלאַנד. דערויף האָט פּיאָטר געענטפערט: „מיין ליבער וויטסען, איר קענט די יידן, זייער כאַ־ראַקטער און זיטן; איר קענט אויך די רוסן. איך קען אי די, אי יענע, און גלייבט מיר: עס איז נאָך נישט געקומען די צייט צו פאַראייניקן די דאָזיקע ביידע פעלקער. גיט איבער די יידן, אַז איך בין זיי דאַנקבאַר פאַר זייער פאָרשלאַג און פאַרשטיי, ווי גוט עס וואָלט געווען אויסצונוצן זיי, נאָר איך וואָלט געמוזט באַדויערן, ווען זיי וואָלטן לעבן צווישן די רוסן". עס לאָזט זיך ווירקלעך גלייבן, אַז פּיאָטר, וועלכער האָט גוט געקענט די רוסן און געוואוסט, ווי אַזוי זיי קוקן אויף יידן, האָט גערעכנט פאַר גע־פערלעך אַריינצולאָזן יידן קיין רוסלאַנד. עס איז באַקאַנט, אַז בעת דער מלחמה מיט די שוועדן האָט פּיאָטר דער גרויסער די סאָלדאַטן אָפּגע־האַלטן פון אַ גרויסן מיליטערישן פּאָגראָם, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן קעגן יידן אין שטאָט מסטיסלאָוו.

ביי די נאָענטסטע יורשים פון פּיאָטר דעם גרויסן האָט די פּאָליטיק בנוגע צו יידן זיך געביטן. אנשטאָט פּאַרטיידיקן זיך פון די „שרעקלעכע" יידן איז מען איבערגעגאַנגען אין אַגרעסיווע אָנפאַלן. אין סמאָלענ־סקער אויעזד האָבן די ווייס־רוסישע יידן געלעבט פון נעמען אין אַרענ־דע די צינדזן אויף משקאות און צאָל. איינער פון די דאָזיקע יידן, אַ געוויסער ברוך לייבאָוו, האָט אַפילו געהאַט די העזה אויסצובויען פאַר יידן אַ שול אין דאָרף זוויעראָוויטש. דאָס האָט זייער אויפגערעגט דעם דאָר־טיקן פּראַוואָסלאַוונעם גלח, וועלכער האָט בתמימות געמיינט, אַז די יידי־שע שול איז אַ גרויסע סכנה פאַר דער פּראַוואָסלאַוויע. עס האָבן אָנגעהויבן פליען אָנקלאַגעס קיין פּעטערבורג, די זקנים פון הייליקן סינאָד האָבן זיך שטאַרק דערשראָקן און באַלד האָט יעקאַטערינע די ערשטע אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז ביי ברוך לייבאָוו און זיינע חברים זאָל מען אָפּנעמען די פּרנסה און אַרויסשיקן פון די גרענעצן פון רוסלאַנד (מאַרץ 1727). אין אַ חודש ארום האָט די קייסערין שוין אַרויסגעגעבן אַ באַפעל וועגן אַלע יידן אין אוקראַינע: עס איז באַפוילן געוואָרן אַלע יידן אַרויסצוטרייבן פון רוס־לאַנד, מער זיי נישט אַריינלאָזן און איינאָרדענען אַ פעסטע שמירה קעגן זיי. די אַרויסגעטריבענע האָבן נישט געטאָרט מיטנעמען מיט זיך נישט קיין גאָלדענע און נישט קיין זילבערנע מטבעות, נאָר קופּער־געלט.

דער דאָזיקער קאַפּריז פון דער צענטראַלער רעגירונג האָט אַפילו אַרויסגערופן אַ פּראָטעסט ביי די אויטאָנאָמישע קאָזאַקן, וועלכע האָבן זיך מיט קיין יידנפריינטלעכקייט נישט אויסגעצייכנט. אין נאָמען פון דעם „זאַפּאָראָזשער מיליטער פון ביידע זייטן דניעפּער" האָט דער העטמאַן אַפּאָסטאָל אָנגעגעבן אַ ביטע קיין פּעטערבורג, מען זאָל לאָזן יידן אַריינ־פאָרן קיין אוקראַינע, ווייל זיי זיינען נוצלעך פאַרן מסחר. ווי אַן ענטפער אויף דער בקשה איז אין נאָמען פון מינדעריעריקן קייסער פּיאָטער דעם צווייטן אַרויסגעגעבן געוואָרן אַזאַ דעקרעט: די יידן ווערט דערלויבט צו קומען אויף די ירידים אין אוקראַינע, אָבער פאַרקויפן זייערע סחורות קע־נען זיי נאָר אין הורט און נישט אין איינצל. פאַר דעם געלט, וואָס זיי באַקומען פון די פאַרקויפטע סחורות, מעגן זיי קויפן אַנדערע סחורות, אָבער אַרויספירן פון רוסלאַנד גאָלד אָדער זילבער ווערט נישט דערלויבט. דער פאַרבאָט פאַר יידן צו וואוינען אין רוסלאַנד בלייבט אין דער פריער־דיקער קראַפט.

אין 1731 איז דער דאָזיקער חסד (צו מעגן קומען אויף די ירידים) פאַרשפרייט געוואָרן אויך אויף סמאָלענסקער גובערניע און אין דריי יאָר ארום האָט די רעגירונג געמוזט גיין נאָך אויף איין הנחה. די פאָרשטייער פון סלאָבאָדסקער אוקראַינע (כאַרקאָווער גובערניע) האָבן זיך משתדל געווען פאַר דער רעגירונג, אַז די יידן אויף די ירידים זאָלן מעגן פאַרקויפן נישט נאָר אין הורט, נאָר אויך אויף איינצל. די קייסערן אַנאַ יאָאַנאָווּנאַ האָט די בקשה צופרידנגעשטעלט און שפּעטער איז דער דאָזיקער חסד געגעבן געוואָרן אויך פאַר אַלע איבעריקע יידן אין אוקראַינע.

פּלוצים האָבן זיך די דאָזיקע „חסדים" אָפּגעשטעלט און עס האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַ ריי רעפּרעסיעס קעגן יידן. די סיבה דערפון איז געווען די אַלטע מורא פון די רוסן פאַר די „זשידאָווסטוואָיושטשי", ווייל צו יענער צייט האָט זיך ווירקלעך געטראָפן אַזוינס, וואָס האָט געקענט אָנוואַרפן אַ גרויסן פּחד אויף די רוסן מיט זייערע אַלטמאָדישע השגות. דער אויבנדערמאָנטער סוחר ברוך לייבאָוו האָט אויך נאָך דעם פאַרבאָט צו קומען קיין רוסלאַנד נישט אויפגעהערט צו האָבן געהיימע באַציאונגען מיט די רוסישע סוחרים. אין מאָסקווע האָט ער זיך נאָענט באַקענט מיט דעם דימיסיאָנירטן פלאָט־קאַפּיטאַן וואָזניצין און אים „איבערגעקערט". וואָזניצין, וועלכער איז פון דער נאַטור געווען געניגט צו גרעדאַנקען וועגן רעליגיע, האָט אונטער דער אָנפירונג פון זיין יידישן פריינד אָנגעהויבן לערנען דעם תנ"ך און דאָ האָט ער מיט אַמאָל פאַרשטאַנען, אַז די אַלטע יידישע לערע וועגן אַן איינציקן גאָט איז סותר די רעליגיעזע יסודות פון קריסטנטום, אויף וועלכע ער איז דערצויגן געוואָרן. דאַן האָט ער באַשלאָסן זיך מגייר צו זיין, און ער האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט אַפילו פאַר די סכנות און גרויסע שוועריקייטן, וואָס זיינען אים פאַרגעשטאַנען. ער איז אַוועק קיין דובראָוונע, מאָהילעווער גובערניע, וואו עס האָט געוואוינט לייבאָווס זון, און דאָרט זיך מל געווען און אָנגענומען די יידישע רעליגיע. מען האָט די געשיכטע אָבער אנטדעקט און וואָזניצינען צוזאַמען מיט לייבאָוון איבערגעגעבן צום געריכט. מען האָט זיי געבראַכט אין דער שרעקלעכער „קאַנצעלאַריע פון געהיימע אויספאָרשונגען" און דאָ האָבן זיי נאָך שרעקלעכע עינויים זיך מודה געווען אין זייער פאַרברעכן. דאָס געריכט האָט אַרויסגעגעבן זיין אורטייל, וועלכער איז באַשטעטיקט געוואָרן דורכן קייסער (1738): „ביידע טייטן דורך שרפה, כדי אַז, קוקנדיק דערויף, זאָלן

אַנדערע עם־הארצים און אפּיקורסים פון קריסטלעכן געזעץ נישט אָפּטרעטן, און אַזעלכע מסיתים ווי יענער זשיד ברוך, זאָלן נישט וואַגן אָפּצוריידן פון קריסטנטום״.

עס איז געגוג געווען דער איינער צופאַל, אַז די אַלטע שנאה צו די יידן זאָל זיך פונאַנדערפלאַקערן. אין 1739 האָט דער סענאַט פאַראָרדנט, אַז פון אוקראַיִנע זאָלן אַרויסגעשיקט ווערן יענע יידן, וואָס האָבן זיך דאָרט באַזעצט קעגן געזעץ און זיך פאַרנומען מיט מסחר און שענקעריי. דעם דאָזיקן באַפעל האָט מען נישט באלד דורכגעפירט צוליב מיליטערישע סיבות: רוסלאַנד האָט דאַן געפירט מלחמה מיט טערקיי און מען האָט מורא געהאט, אַז די אַרויסגעשיקטע יידן זאָלן נישט איבערגעבן קיין מי־ליטערישע סודות דער טערקישער אַרמיי. אָבער ווי נאָר די מלחמה האָט זיך געענדיקט, איז אַרויס אַ באַפעל אַרויסצוטרייבן די יידן. בסך הכל זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרן 573 יידישע נפשות, און דאָס דאָזיקע קליינע הייפעלע האָט עס אָנגעוואָרפן אַזאַ פּחד אויף דער רוסישער רעגירונג!

ביים קעניגן פון יעליזאַוועטאַ פּעטראָוונאַ האָבן די רדיפות אויף יידן זיך פאַרשטאַרקט. אין יענער צייט האָט מען אָנגעהויבן מיט געוואַלט פאַר־שפּרייטן די פּראַוואָסלאַוויע צווישן די פעלקער אויפן מזרח. יענע, וואָס האָבן, אונטער דער ווירקונג פון די טאָטערן, אָנגענומען די מוסולמאַנישע אמונה, זיינען געצוואונגען געוואָרן אריבערצוגיין אין פּראַוואָסלאַוונעם גלויבן; די מוסולמאַנישע מעטשעטן זיינען אין פיל דערפער פון קאַזאַנער און אַסטראַכאַנער גובערניעס צעשטערט געוואָרן, און אויך מיט יידן האָט מען זיך אָנגעהויבן באַגיין אויף אַ נייעם אופן: מיט איין האַנט האָט מען זיי געטריבן און מיט דער צווייטער געשלעפּט אין די קלויסטערס. ענדע 1741 האָט די קייסערין יעליסאַוועטאַ אין אַן אוקאַז געמוזט מיט גרויס צער מודה זיין, אַז אַלע מיטלען פּטור צו ווערן פון די יידן האָבן נישט געהאָלפן און דורך פאַרשידענע קונצן האָט זיי זיך דאָך איינגעגעבן צו באַזעצן אין רוסלאַנד, און דעריבער באַפעלט די קייסערין, אַז מען זאָל אַלע יידן ווידער אַרויסטרייבן און נאָר איבערלאָזן די, וואָס וועלן זיך אָפּשמדן. אויף די יידן האָט דאָס נישט געווירקט און קיין איינציקער פון זיי האָט נישט מסכים געווען צו שמדן זיך. אויך די רוסישע אונטערטאַנען, וועמענס טובה די רעגירונג איז אויסן געווען, זיינען גאָר נישט געווען צופרידן מיט דעם באַפעל, און די פאָרשטייער פון אוקראַיִנע און לעטלאַנד האָבן דער־

קלערט, אַז דאָס אַרויסטרייבן יידן וועט זיי נאָר רואינירן. פון אוקראַינע האָבן די גריכישע אָפקויפער פון די מלוכהשע אָפּצאָלונגען דערקלערט, אַז דאָס אַרויסטרייבן די יידן, וועלכע זיינען פאַרבונדן מיט קריסטן דורך געשעפטן און וועקסלען, וועט ברענגען אַ חורבן פאַרביידע צדדים. אויך די אַדמיניסטראַציע פון דער גובערניע און דער מאַגיסטראַט פון שטאָט ריגע האָבן מודיע געווען דעם סענאַט, אַז דאָס אַרויסטרייבן יידן פון לעטלאַנד וועט ברענגען אַ גרויסן שאָדן דער מלוכה און די סוחרים, ווייל די פוילישע סוחרים, וואָס האָבן יידישן פאַרמיטלער אין ריגע, וועלן איצט אויפהערן דאָרט קויפן סחורה און אָנהייבן קויפן דורך די זעלביקע יידן אין אויסלאַנד. דער סענאַט האָט געמוזט נעמען אין אַכט די אַלע וויכטיקע טענות און אין אַ באַריכט דער קייסערן האָט דער סענאַט פאַרלאַנגט צופרידנצושטעלן די בקשות פון די רוסישע סוחרים און דערלויבן יידן לפחות קומען קיין אוקראַינע און קיין לעטלאַנד אויף די ירידים. אויף דעם האָט די קייסערן געענטפערט קורץ און שאַרף: „פון די שונאים פון קריסטוסן וויל איך נישט האָבן קיין פאַרדינסטן!" — דער רעליגיעזער פאַנאַטיזם האָט גובר געווען. דער סענאַט האָט געמוזט נאָכגעבן דעם ווילן פון דער קייסערן און אין אַן אוקאַז פון יאַנואַר 1744 ווערט באַפוילן אַרויסצושיקן אַלע יידן, מער זיי נישט אַריינלאָזן און אויך מער וועגן זיי זיך נישט משתדל צו זיין. עס איז אַ סברה, אַז אין יענער צייט זיינען אַרויסגעטריבן געוואָרן ביז פינף און דרייסיק טויזנט יידן, וואָס האָבן שוין באַוויזן צו באַזעצן זיך אין רוסלאַנד און ווי עס איז איינאָרדענען זייער פרנסה.

די פרומע קייסערן יעליזאַוועטאַ האָט גוט אַכטיק געגעבן, אַז פון יידן זאָל אין רוסלאַנד קיין זכר נישט בלייבן. אין פעטערבורג האָט פון 1731 געוואוינט דער געלערטער מעדיקער אַנטאָניאָ סאַנטשעס — ווי עס ווייזט אויס, אַ ספּרדישער מאַראַן, וועלכער האָט בשתיקה געהיט די יידישע רעליגיע. ער איז דאָ אַרויסגערופן געוואָרן פון אויסלאַנד קיין פעטערבורג, וואו ער האָט פאַרנומען די שטעל פון אַ הויף־דאָקטער, אָנגעפירט מיט די מעדיצינישע אנשטאַלטן אין דער אַרמיי און איז דערנאָך געוואָרן אַ מיטגליד פון דער וויסנשאַפטלעכער אַקאַדעמיע. אין 1749 איז סאַנטשעס פלוצים אָפּגעזאָגט געוואָרן פון זיין שטעל און געמוזט פאַרלאָזן פעטערבורג. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די קייסערן האָט זיך דערוואוסט וועגן זיין גרויסן „חטא", וואָס ער איז אַ ייד, און עס איז געווען קעגן איר געוויסן

וויסן, „אַז אין דער אַקאַדעמיע פון וויסנשאַפט זאָל זיך געפינען אַ מענטש, וואָס האָט אַוועקגעוואָרפן די פאָן פון קריסטוסן און זיך געשטעלט אין די רייען פון די קעמפער אונטער דער פאָן פון משה און די יידישע נביאים". דער באַרימטער מאַטעמאַטיקער אײלער, וואָס האָט זיך דערוואוסט וועגן סאַנטשעסעס דימיסיע, האָט דאַן געשריבן: „איך צווייפל, אַז אַזעלכע מאָדנע פאַקטן זאָלן צוגעבן כבוד דער אַקאַדעמיע פון וויסנשאַפט".

אַפילו די געבילדעטע און אייראָפּעאישע קייסערין יעקאַטערינע די צווייטע האָט נישט געקענט בייטן די פּאָליטיק בנוגע צו יידן. די דעמאָל־טיקע אינערלעכע לאַגע אין רוסלאַנד האָט געפאָדערט, אַז די קייסערין זאָל שפּילן אַ ראָלע פון אַ נאַציאָנאַלער הערשערן, און כדי צו געפינען חן ביי דער רעאַקציאָנערער געזעלשאַפט און ביי די גייסטלעכע, האָט זי געמוזט גיין קעגן אירע אייגענע ליבעראַלע איבערצייגונגען און פירן אַן עכט־רו־סישע פּאָליטיק. זי אַליין דערציילט וועגן דעם אין אירע מעמואַרן: „אויפן 5־טן אָדער 6־טן טאָג פון איר אויפטרעטן אויפן טראָן, איז יעקאַטערינע די צווייטע געקומען אין סענאַט. ווען עס איז אויסגעקומען צו ריידן וועגן דער פראַגע, צי מען זאָל יידן אַריינלאָזן אין רוסלאַנד, האָבן אַלע איינ־שטימיג אנערקענט, אַז דאָס איז נוצלעך פאַרן לאַנד. נאָר יעקאַטערינע האָט, צוליב די דעמאָלטיקע באַדינגונגען, נישט געקענט געבן איר הסכמה דערויף. איר האָט מיטגעהאָלפן דער סענאַטאָר פירשט אָדאָיעווסקי; ער האָט זיך אויפגעשטעלט און געזאָגט: „איידער מען נעמט אָן אַ באַשלוס, וועט אפשר אייער מאַיעסטעט באַווילקן צו זען די רעזאָלוציע, וועלכע די קייסערין יעליזאַוועטאַ פּעטראָוונאַ האָט אַרויסגעגעבן אין אַזאַ פאַל". אָדאָיעווסקי האָט דאָ דערלאַנגט די רעזאָלוציע, וואָס יעליזאַוועטאַ האָט אָנגעשריבן מיט איר אייגענער האַנט: „פון די שונאים פון קריסטוסן וויל איך נישט האָבן קיין פאַרדינסטן". ווען מען האָט אָנגעהויבן אויפנעמען די שטימען וועגן דער פראַגע און מען איז צוגעגאַנגען צו יעקאַטערינע, האָט זי געזאָגט: „איך פאַרלאַנג, אַז די פראַגע זאָל אָפּגעלייגט ווערן אויף אַן אַנדער צייט". „אויף אַזאַ אופן — זאָגט יעקאַטערינע ווייטער אין אירע מעמואַרן — איז ווינציק צו זיין געבילדעט, האָבן די בעסטע כוונות און האָבן אַפילו אַ מאַכט זיי אויסצופירן". די געבילדעטע יעקאַטערינע האָט געמוזט פאָלגן דעם איינשטימיקן ווילן פון סענאַט און נאָך אין דעם זעל־

ביקן יאָר האָט זי אויפן מאַניפעסט וועגן אַרייגלאָזן אויסלענדער קיין רוס־לאַנד, צוגעגעבן די באַרימטע פאָרמול „אויסער זשידעס״.

אין צוויי יאָר אַרום האָט די שליאַכטע צוזאַמען מיט דעם העטמאַן פון אוקראַינע דערלאַנגט אַ בקשה צו יעקאַטאַרינע וועגן צוריק איינפירן זייערע אַמאָליקע אויטאָנאָמע רעכטן. אין דער פּעטיציע, וועלכע האָט אנט־האלטן צוואַנציק פּונקטן, איז אויך געווען אַ פּונקט וועגן יידן. די פּאָר־שטייער פון מאַלאָראָסישן פאָלק דערקלערן, אַז דער פאַרבאָט פאַר יידן צו וואוינען אין מאַלאָראָסיע ברענגט אַ גרויסן שאָדן דעם האַנדל, נאָר בעטן וועגן דערלויבן די יידן אין גאַנצן צו וואוינען אין מאַלאָראָסיע וואָגן זיי נישט און זיי בעטן לפּחות, אַז מען זאָל יידן דערלויבן קומען אויף די ירידים. זייער ביטע איז נישט דערפילט געוואָרן.

אָבער אין גיכן איז געשעען אַזוינס, וואָס האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן קריזיס אין דער געשיכטע פון יידן און אין גאַנצן געביטן זייער גורל: רוס־לאַנד האָט אָנגעהויבן אָפּירשהנען דאָס אונטערגייענדיקע פּוילן. אין 1772 איז פאָרגעקומען די ערשטע איינטיילונג פון פּוילן און די גרויסע צאָל יידן אין ווייסרוסלאַנד זיינען מיט אַמאָל געוואָרן רוסישע אונטערטאַנען. וואָס האָט רוסלאַנד געקענט טאָן מיט דער דאָזיקער געצוואונגענער „מתנה״ וואָס די מלוכה האָט באַקומען צוזאַמען מיט דער נייער טעריטאָריע? בשעת רוסלאַנד האָט איינגענומען ווייסרוסלאַנד, האָט די קייסערין יעקאַ־טערינע אַרויסגעגעבן אַ מאַניפעסט, אין וועלכן זי האָט פאַרזיכערט דער באַפעלקערונג, אַז דאָס פאַרמעגן און לעבן, פרייהייט פון רעליגיע און פון פּערזאָן פון אַלע בירגער וועלן בלייבן הייליק און אומבאַרירלעך. דערביי איז בפירוש געזאָגט געוואָרן, אַז אויך יידן וועלן פאַרבלייבן ביי די רעכטן, וועלכע זיי האָבן פריער געהאַט אין דער דאָזיקער פּראָווינץ. תיכף ווי ווייס־רוסלאַנד איז איבערגעגאַנגען צו רוסלאַנד, האָט מען געמאַכט אַ ציילונג פון דער גאַנצער באַפעלקערונג. יידן זיינען לויט דעם רייסטער געווען העכער 200.000. לויט אַן אוקאַז פון 1772, איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף יידן אַן אָפּצאָל פון אַ רובל אויף יעדן נפש, און די נייע פּראָווינץ איז איינגעטיילט געוואָרן אין צוויי גובערניעס: מאָהילעווער און פּאָלאָצקער.

אין גיכן האָט די רוסישע רעגירונג געמוזט זיך פאַרנעמען מיט דער פראַגע וועגן איינאָרדענען די אינערלעכע אָנגעלעגנהייטן פון די יידן. אין יענער צייט האָט די רעגירונג איינגעפירט גרויסע אַדמיניסטראַטיווע

רעפאָרמען און עס איז אַנטשטאַנען אַ פראַגע: זאָל מען אויך יידן איינ־טיילן אויף באַזונדערע קלאַסן (סוחרים, בירגער, האַנטווערקער־צעכן), אָדער צוליב זייער אייגנטימלעכקייט און באַזונדער אַרט לעבן זיי געבן אינערלעכע אויטאָנאָמיע און זעלבסט־פאַרוואַלטונג, לויט זייער אייגע־נעם איינזען? די פראַגע איז געווען אַ צו שווערע, אַ פאַרפלאָנטערטע און די רוסישע רעגירונגס־לייט האָבן זיך דאָ לאַנג געבראָכן די קעפּ און נישט געוואוסט, וואָס צו טון.

לויט דעם אוקאַז פון סענאַט פון 1776 איז פאַר יידן איינגעפירט געוואָרן אַ קהל, צו וועלכן אַלע האָבן געדאַרפט זיין צוגעשריבן, און דאָס איז געווען נוצלעך פאַר דער רעגירונג ביים איינמאַנען די שטייערן. יעדער ייד האָט געמוזט באַקומען זיין פּאַספּאָרט נאָר דורכן קהל און דאָס קהל ווידער האָט אין יעדער פּראָווינץ באַזונדער געדאַרפט איינצאָלן אַלע יידישע אָפּצאָלן. דאָס קהל האָט אויך באַקומען, ווי אין פוילן, אַ געריכט־לעכע מאַכט. נאָר פּראָצעסן צווישן יידן און קריסטן האָבן געדאַרפט באַ־טראַכט ווערן אין די אַלגעמיינע געריכטן. יידן צווישן זיך האָבן געדאַרפט זיך לאָדן פאַרן קהל און ווי העכערע געריכט־אַנשטאַלטן פאַר אַפּעלאַציע זיינען געגרינדעט געוואָרן קרייז־ און גובערניע קהילות. אין 1783 האָט די רעגירונג געמאַכט אַן ענערגישן שריט אין אַנדערער ריכטונג: יידן, וואָס זיינען געווען פאַרשריבן צו דעם „סוחרים קלאַס", האָבן באַקומען דאָס רעכט צו באַטייליקן זיך אין דער אַלגעמיינער שטאָט־פאַרוואַלטונג, ווילן און אַליין געווילט ווערן ווי מיטגלידער פון מאַגיסטראַט, ראָט־הויז און שטאָטישע געריכטן. די קריסטלעכע באַפעלקערונג, וועלכע איז געווען געוואוינט צו קוקן אויף יידן, ווי אויף מענטשן פון אַ נידעריקערן קלאַס, האָט זיך נישט געאיילט איינצוגיין אויף אַזאַ זאַך, אַז יידן זאָלן זיין גלייך מיט קריסטן אין דער שטאָט פאַרוואַלטונג, און די קריסטלעכע מיטגלידער פון מאַגיסטראַט און ראָטהויז האָבן באַגעגענט אומעטום זייע־רע יידישע „קאָלעגן" מיט אָפענער שנאה און שפּאָט.

פון דער צווייטער זייט האָט מען יידן אָנגעהויבן שטאַרק דריקן אין עקאָנאָמישן לעבן. די פּעטיציע, וואָס אַ יידישע דעפּוטאַציע האָט איבערגעגעבן דער קייסערין אין יאָר 1784, באַווייזט, אין וואָס פאַר אַ שווערער לאַגע יידן האָבן זיך דאַן געפונען. די יידן באַקלאָגן זיך, אַז די אַדמיניסטראַציע האָט ביי זיי צוגענומען זייער הויפּט־קוואַל פון

פּרנסה: ביר־ברויעריי און שענקעריי אין די שטעט; אַז דער יידנפיינט־לעכער גענעראַל־גובערנאַטאָר פּאַסעק האָט פאַרבאָטן די פּריצים אָפּצו־געבן די יידן אין אַרענדע די שענקן אין די דערפער און דערמיט רואי־נירט פיל יידישע פאַמיליעס; אַז דאָס אויסגלייכן יידן מיט די קריסטן אין די רעכטן פון שטאָטישער זעלבסט־פאַרוואַלטונג האָט נישט געבראַכט די דערוואַרטעטע טובה, ווייל דאָרט, וואו יידן זיינען אין דער מינ־דערהייט, דערלאָזן נישט די קריסטן קיין איין יידישן קאַנדידאַט אויף דער שטעל פון ריכטער, אַזוי אַז אין די פּראָצעסן צווישן קריסטן און יידן קומט אויס יידן צו ליידן, ווייל זיי קענען נישט די רוסישע שפּראַך און האָבן נישט אויף די געריכטן קיינעם, וואָס זאָל זיך פאַר זיי אָננעמען. ווייטער באַקלאָגן זיך די יידן אויף דעם קאַפּריז פון די פּריצים, וואָס נעמען צו אַ הויכן אָפּצאָל ביי די יידן, וועלכע האָבן אויסגעבויט הייזער אויף זייער ערד, אַז מען נעמט אָפּט אָפּ ביי יידן הייזער צוליב מלוכה־שע אינטערעסן אאז״וו.

יעקאַטערינאַ האָט די דאָזיקע פּעטיציע איבערגעגעבן צו דער באַ־טראַכטונג פון סענאַט און דערביי געפונען פאַר נייטיק צו דערקלערן, אַז קוים וואוינען שוין יידן אין רוסלאַנד, מוזן זיי גערעכנט ווערן פאַר ביר־גער מיט אַלע גלייך און קיין אומגעזעצלעכקייטן טאָרן נישט דערלאָזט ווערן. דער סענאַט האָט די פּעטיציע באַטראַכט און אַ טייל פון די בקשות נאָכגעגעבן, אַ טייל אָפּגעוואָרפן. דערביי האָט אויך דער סענאַט דער־קלערט, אַז עס דאַרף געהיט ווערן דער פּרינציפּ פון גלייכקייט פאַר אַלע מיטגלידער פון יעדן קלאַס און עס דאַרפן געהיט ווערן די רעכטן, וואָס דער קלאַס האָט. דאָך איז צוזאַמען מיט די דאָזיקע ליבעראַלע פראַזן וועגן גלייכקייט אין גיכן (1786) אַרויס דער אוקאַז וועגן „טשערטאַ״, דאָס הייסט וועגן באַפעסטיקן די יידן צו יענע ערטער, וואָס זיינען אי־בערגענומען געוואָרן פון פּוילן, אָן דעם רעכט איבערצוקלייבן זיך אין די איבעריקע גובערניעס פון רוסלאַנד. אויף אַזאַ אופן איז צום ערשטן מאָל פעסטגעשטעלט געוואָרן דער שענדלעכער פּרינציפּ פון דער ווייטער־דיקער רוסישער געזעצגעבונג.

נאָר אויב די ערשטע יאָרן נאָך דעם איינגעמען ביעלאָרוסיע האָט די רעגירונג זיך נאָך פאַרהאַלטן צו יידן פאַרהעלטניסמעסיק ליבעראַל, האָט זיך דערנאָך אָנגעהויבן אַן עפּאָכע פון אויסנאַם־געזעצן און באַגרע־

נעצונגען. די אַלגעמיינע רעאַקציאָנערע פּאָליטיק, וועלכע האָט אין רוס־לאַנד זיך אָנגעהויבן די לעצטע יאָרן פון יעקאַטערינאַס הערשאַפט, האָט געהאַט אויך אַ ווירקונג אויף דער באַציאונג צו יידן. צו יענער צייט זיינען פאָרגעקומען די צווייטע און דריטע איינטיילונג פון פּוילן (95 ־ 1793) און די רוסישע רעגירונג האָט ווידער באַקומען אונטער איר הערשאַפט הונדערטער טויזנטער נייע יידן פון ליטע, וואָלין, פּאָ־דאָליע. די רעגירונג, וואָס האָט אַמאָל אַזוי געציטערט און נישט געוואָלט האָבן ביי זיך אַפילו קיין איין יידן, האָט איצט, אפשר קעגן איר ווילן, געמוזט האָבן ביי זיך אַ יידישע מיליאָנען־באַפעלקערונג. מען האָט גע־מוזט זוכן אַ וועג פון צוזאַמענלעבן, פון אַ פרידלעכער פשרה צווישן די קריסטן און יידן. אָבער אַנשטאַט דעם האָט זיך קעגן יידן אָנגעהויבן אַ נייע ריי באַגרענעצונגען, און צו דער געשיכטע פון יידן אין 19־טן און 20־טן יאָרהונדערט ווערט צוגעשריבן דאָס סאַמע טרויעריקסטע בלאַט.

ענדע פון זיבעטן באַנד

